# אינהאַלט פון פינפטן באַנד:

# פאָרוואָרט

דער צווייטער טייל פעליעטאָנען באַשטייט, ווי דער ערשטער, פון דאָס, וואָס דער זיידע האָט געשריבן אונטערן נאָמען „משוגענער פילאָזאָף".

די פעליעטאָנען, וואָס גייען אַריין אין צווייטן טייל, זייַנען געשריבן געוואָרן אין ענגלאַנד און אַמעריקע, צווישן די יאָרן 1889 און 1907. די מערסטע פון זיי אונטער דער אויבערשריפט „צושלאָגענע געדאַנקען".

מיט דעם צווייטן טייל פעליעטאָנען איז נאָך ניט אויסגעשעפּט אַלץ, וואָס מאָרים ווינטשעווסקי האָט געשריבן אונטערן נאָמען „משוגענער פילאָזאָף". נאָר דאָ קומען אַריין אַזוינע „משוגעתן", וואָס האָבן אַן אינטערעס אויך פאַרן הייַנטיקן אידישן לייענער.

וואו נאָר ס'איז געווען מעגלאַך צו באַשטימען גענוי, דורך אַלטע צייטונגען, ווען און וואו יעדער פעליעטאָן איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געווען, האָב איך עס געטאָן. ביי די איבעריקע האָב איך אָנגעגעבן דעם יאָר, אין וועלכן דער זיידע דיינקט עס צו האָבן געשריבן.

דער „אלף בית פאַר אַרבעטער־קינדער" האָט מעגליך געדאַרפט אַרייַנגיין צווישן די פּאַראָדיעס (אין זעקסטן באַנד), נאָר כדי ניט צו דאַרפן ענדערן גאַנץ זיין אָריגינעלע פאָרם, האָב איך עס ליבער אַרייַנגעגעבן צווישן די פעליעטאָנען.

אַזוי ווי אין ערשטן טייל, אַזוי אויך אין צווייטן, זייַנען

אלע ענדערונגען אין אינהאלט און פארם, געמאכט געווארן מיטן זיידנ'ס הסכמה. פאר די באמערקונגען און דערקלערונגען בין איך אליין פאראנטווארטלאך

ניו יארק, 1טן אויגוסט, 1927

קלמן מרמר.



# אַ בריוו קיין רוסלאַנד *)

ביי אייך אפשר טאַקע ניט, אָבער דאָ, אין אַמעריקאַ, ביי אונז, כאַפּט מען אַ ק ע ל ט.

ניט אומעטום, קינדער, כאַפּט מען די זעלביקע זאַך. אָט ביי אייך, למשל, אין מיינע צייטן פלעגט מען כאַפּן רעקרוטן אויף בוי־דימער, פּרייסלאַך אין שפּאַלטן, אַ מיאוס'ן סוף, אַ שול־רופער, וועלכער האָט זיך באַנאַרישט (מיט אַ שיקסע פון אַ פרעמדן וואָ־לאָסט); מען פלעגט כאַפּן אַ גנב, אַ קאָזאַק, אַ מויז, אַ מצוה, אַ קדושה, אימיצן ביי אַ ליגן, אַן אַנטלאָפענעם שטאָט־באָק, אַ עילוי פאַר אַ איידעם, דעם רבי'ס שאירים... אָ, מאַלע וואָס! דעמאָלט ביי אייך פלעגט דער טייוול כאַפּן דעם מלמד און די חדר־אינגלאַך פלעגן כאַפּן די פייערדיגע פּעטש, ווייבער פלעגן כאַפּן מציאות, אָדער אַ העכט בעת דער פישער פלעגט זיך פאַרקוקן, הגם דאָס פלעגט ניט אָפט פּאַסירן, מחמת אַ בת־ישראל איז פאָרט ניט אַ רוסישער קאַזנאַטשיי: זי האַלט פון לא תגנוב. אַלץ פלעגט מען דעמאָלט כאַפּן, נאָר ניט קיין קעלט.

און די היגע קעלט, די קעלט, וואָס מען כאַפּט דאָ, איז אייגנט־לאַך אייער קאַטער, דער רוסישער נאַסמאָרק, אַ מין דערקעלטונג, וואָס באַזעצט זיך ווי די דייטשע אידישקייט, צועדשט אין נאָז, און פאַרשטאָפּט אים מיט גאָט ווייס וואָס, און מאַכט אים גיסן מיט אַזוי פיל שטורם און התפּעלות, אַז מען וואָלט מיינען, אַז ער, דער נאָז, איז אַ איד, וואָס גייט אויפן טערק, אָדער אויף אַ פּאַלעסטינע.

דאָס איז דער זעלביקער קאַטער, וועלכער קרוישקעט זיך אַרויס פון נאָז קלייבט זיך אַריין אינם בוידעם פון קאָפּ, אונטערן דאַך

---

*) 1904 (געדרוקט אין אַ בונדיסטישער אומלעגאַלע אויסגאַבע).

אונטערן סאמע שארבן, ביי דעם אידנ׳ס של מעלה, דאָרטן, וואו עס פלעגן אמאָל, אין די גוטע אלטע צייטן, ליגן אין זייער רו די גאָלע שמות, די שמאַטעס הקדושים, די פארשטויבטע און איינגערויכערטע קדרות, וואָס האָבן זיך אנגעקליבן אין די אידישע מוחות פון מתן-תורה ביזן לעצטן באַזעלער קאָנגרעס... אָבער איך פארקריך.

הייסט עס, דאכט זיך, דער זעלביקער קאטער, און דאָך וועט מען אים ביי אייך קריגן און ביי אונז כאפן, און דאָס קומט אַלץ דערפון, וואָס דזשאָרדזש וואשינגטאָן איז ניט מלך סאָביעסקי... אין קאָוונא זאָגט מען סאבעצקי, אָבער קאָוונא איז זייער א ליטווישע שטאָט, זיי הייסן זאָגאר נאָך א ליטווישן ביורדיוק מיטן נאָמען קאוען, וועלכער האָט געקיניגט איבער ליטא אין דעם עלפטן יאָרהונדערט און וועלכן מען וואָלט אין דעם צוואַנציגסטן יאָרהונדערט געוויס ארויסגעטריבן אי פון פעטערבורג אי פון קאָר־מעליטע (לאָכט ניט, איך וויים וואָס איך רעד), מחמת קאוען הערט זיך אָן ווי קאָהען... בקיצור, דער כאפן קומט דערפון, וואָס דאָ אין אמעריקע ווערט אַלץ געטאָן בחפזון, נאָר ארום דעם וועלן מיר ריידן אַן אנדערס מאָל, ווייל ניט דאָס בין איך אויסן.

וואָס איז וויכטיג צו וויסן פאר אייך און דער וועלט, איז אָט-וואָס:

צוריק מיט א וואָכן זעקס האָב איך, ניט פאר אייך געדאכט, ניט פאר דער רעוואָלוציע געדאכט, געכאפט א קעלט. דאָס איז מיר אריין אין קרייץ... איר פארשטייט, וואָס איך מיין: אינם קרייץ פון רוקן, ניט חלילה אין עפעס א קרייץ אויפן הארצן... איך שטאם ניט פון משה מענדעלזאָנ׳ס משפחה און אין אמעריקע איז שמד א געבראָכענער געשעפט (אידעלאָך האָבן עס איבערגעפירט) און איך בייט ניט קיין אמונות, ווייל איך האָב ניט וואָס צו בייטן, און אז איך זאָל וועלן אריינגיין אין א קירך, האָב איך דאָ ניט ווייט פון מיר א קלויז, וואָס איז שבת א שול און זונטאָג א צער-כסדר אזוי... מיין קעלט האָט זיך אריינגעכאפט צו מיר אינם קאָוו — אויב מען דארף... נאָר איך פארקריך ווידער...

קרייז און אַ קעלט אין קרייז מאַכט אימער שטייף (דאָס באַווייזט די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע) און פון קרייז איז עס אריין אין דער לינקער זייט און פון דאָרטן אין די לענדן, און מיין פערזענלאַכע באַוועגונג איז געווען פּאַראַליזירט און איך בין געוואָרן שטייף, ווי אַ מייסטער נאָך אַ דורכגעפאַלענעם סטרייק, אומבאַוועגלאַך ווי ביאת־הגואל, ליגנדיק ווי אַ שטיק בליי אויפן בעט גיכער אַ משא ווי אַ זאַך, אַ פּשיטא שוין אַ מענטש, אַ פילאָזאָף!

נו, ליג איך און טראַכט... מחשבות'ן, יעדע נידערלאַגע ברייגנט צום נאָכדיינקען, צום טראַכטן... רוסלאַנד נאָכן קרים־קריג, פראַנקרייך נאָך סעדאַן, און אפשר טאַקע ווידער רוסלאַנד היינט, (1904) נאָך אַ נעלער מפּלה... נאָר לאָמיר ניט כאַפּן די פיש פאַרן נעץ... בקיצור, איך ליג און טראַכט און מיר קומט אַרויף אויף די רעיונות, אַז ביי אונז כאַפּט מען, וואָס ביי אייך קריגט מען, און ווי איך זאָג אין געדאַנק: „ביי אונז — ביי אייך“, פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ...

הערסטו — ביי זיי, ביי אונז... אָפּגעטיילט, דערווייטערט, זיי דאָרטן און מיר דאָ, איך דאָ! און מיך טיילט אָפּ פון זיי ניט דער גרויסער ים מיט די קלענערע ימים מיט די שטיק יבשה, וואָס ליגן צווישן ניו־יאָרק און דער ליטווישער ארץ־ישראל; מיך טיילט אָפּ פון זיי ניט די 27 יאָר, וואָס איך בין פון דער היים; מיך טיילט פון זיי אפילו ניט אָפּ, וואָס איך בין דער אַלטער דור און זיי דער נייער, וואָס מיין בין־השמשות קומט אויס ביי זיי אַרום פרימאָרגן, וואָס זיי גייען אַרויס אין דער וועלט צו דער אַרבעט בשעת מיר הויבט שוין אָן צו דרעמלען... ניין, קינדער, ניט דאָס! מיך טיילט אָפּ פון אייך אַן אַנדער זאַך.

בשעת איך בין אַרויס אין גלות, זענען מאַנכע פון אייך נאָך געווען אין ווינדעלאַך, די מייסטע נאָך ניט געבוירן. אַ אידישער בעל־מלאכה איז דאַן געווען, אַ בעל־מלאכה'ס „פּאַדמאַסטעריע“ איז שוין דאַן אויך געווען, אָבער אַ אידישער אַרבעטער, אַ אַריער איז נאָך דאַן ניט געווען. ניין, ניט געווען — סיידן אפשר דישער פאַבריטשנער, אַ אידישע „האַנט“, אַ אידישער פּראָלעטאַ־

אין פּאַפּיראָסן־פאַבריקן, און דאָס, מערסטנס, מיידלאַך... דעם אַרימאַנ'ס טאָכטער איז שטענדיק די ערשטע כּפּרה; דערפאַר אָבער, ווען די גאולה קומט, גייט מרים פאַראויס מיטן פּויק און זי איז די ערשטע ביים זינגען אָז ישיר... מערעלע! דער אז ישיר איז שוין דאָ און די גאולה קומט, גרייט אָן דאָס פּויקעלע...

וואו האַלט איך? כּסדר אַזוי... איז בשעת איך בין אוועק פון דער חיים, איז נאָך קיין אידישער אַרבעטער אַזוי גוט ווי ניט געווען און אַזוי איז אויך נאָך ניט געווען קיין אַרבעטער לשון... פאַרשטייט מיך ריכטיק. איך מיין ניט, אַז עס איז דאַן ניט געווען קיין ציגל־טרעגער, קיין וואַפּנע־מאַכער, קיין קאָנזאָרטניק, קיין פּאַקן־טרעגער און אַנדערע אַזעלכע. וואָס איך מיין איז, אַז עס איז נאָך דאַן ניט געווען קיין אַרבעטער־ק ל א ס. קיין אידישער פּראָלעטאַריער־קלאַס, אַזוי ווי עס איז נאָך ניט געווען קיין ליטעראַרי־שע אַרבעטער־שפּראַך, הגם מיר האָבן אַלע גערעדט אידיש פון וויגעלע ביזן קבר.

איז וואָס מיך טיילט פון אייך אָפּ, איז איינפאַך דאָס:

איר זענט א דור, וועלכן איך קען מיר קוים־קוים וואָס פאַרשטעלן. מיט אייערע טאַטעס האָבן מיר גערעדט לשון־קודש און מיר האָבן זיי דערציילט אויף יענעם לשון מעשיות וועגן קאַפּיטאַל און אַרבעט, וועגן סאָציאַליסטן און דעם סאָציאַליזם, און דאָס האָט זיי אויף א ווײַלע א נעם געטאָן. דאַן האָט מען זיי געזונגען שירים וועגן אַרבעט און אַרבעטער און זיי האָבן שיר ניט גענומען וויינען. פּלוצלונג האָט א שיכור'ער פויער א געשריי געטאָן: „בעיטיע זשידאָוו!" און איבער דער גאַס האָט זיך א לאָז געטאָן די איינגעווייט פון אידישע פערינעס, און דאָס איז גענוג געווען אַזאַ אימה אַריינצוּוואַרפן אין דער דינער הויט פון די לינקע משכּילים, אַז דער סאָציאַליזם זייערער האָט בּיסלאַכווייז אויסגעוועפּט, אָדער — אין איינציקע פאַלן — אַרויסגעפּלאַצט מיט דער קאָרקע מיט אַלעמען. א ווײַלע שפּעטער האָבן זיי שוין געזאָגט רבנן־קדיש נאָך זייער אָפּגעשטאָרבענעם אידעאַל און האָבן זיך גענומען בויען זייער צוקונפט אויף די קברים פון דער מערת־המכפּלה, זינגנדיק הנותן

תשועה למלכים מיט גרוים התלהבות, כדי.. איך ווייס?... כדי צו ווייזן, משמעות, אז קלעפּ זענען ניט קיין שטער ניט צום רוסישן פּאַטריאָטיזם היינט, ניט צום ארץ-ישראל׳יזם פון לעתיד־לבוא.

פון זיי איז אין רוסלאַנד היינט ניטאָ קיין שריד ופליט, אַזוי פיל ווי איך ווייס. דערפאַר אָבער זענט איר דאָ יונגע מענער און פרויען, און אייך איז מיר שווער צו פאַרשטיין.

א קלייניקייט! אָט זענען די משכילים, די שלומי אמוני ישראל, די אינטעליגענץ, די סמעטאַנקע פונם אידנטום, די דירעק־טע יורשים פון די חשמונאים, די קינד׳ס-קינדער פון שמשון הגבור, און איבער זיי געוואַלטעוועט מען און מען וואָיעוועט, און מען שפּייט זיי אין פּנים, און זיי, די העלדן, שרייען תקע בשופר גדול לחרותנו און דאָס אפילו ניט צו גאָט, ווייל זיי האָבן אייגנטלאך שוין קיין גאָט ניט מער, זיי שרייען צו דר. הערצל, צו מאַקס נאָר־דוי און צו די אַנדערע, וועלכע זענען געוואוינט צו אַנטשיידן די אידן־פראַגע מיט די פּיס, דאָס הייסט, אויף דעם וועג פון ויצא יעקב, פון עמיגראַציע, פון אויסוואַנדערונג (קלייבט זיך אויס וועלכן אויסדרוק איר ווילט. באַטראַכט די איבעריקע צוויי ווי ניט געלעזן) — מענטשן, וואָס קענען נאָר לויפן פונם שונא.

און דאָ שטעלט זיך אַוועק דער אידישער אַרבעטער פונם נייעם דור און זאָגט: „די אידישע פראַגע איז נאָר אַ טייל פון דער סאָציאַלער פראַגע, זי מוז אַנטשיידן ווערן ניט מיט די פּיס, נאָר מיט די הענט, און ניט אַזוי פיל מיט די הענט ווי מיט די קולאַקעס — ביד חזקה ובזרויע נטויה! נידער מיט דעם קנוט, נידער מיט דער ממשלת הזדון!“

וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער? און ווער רעדט זיי? דער קול איז דער קול פון לאַסאַל און די הענט זענען די הענט פונם אַר־בעטער, וואָס אויף אים האָט דער דאָזיקער לאַסאַל געזאָגט: „ער איז דער פעלז, אויף וועלכן דער טעמפּל דער געגנוואַרט געבויט ווירד“, נאָר דאָס איז דערצו נאָך אַ אידישער פעלז.

אָבער ווער וואָלט דאָס געגלויבט? ישראל'יק אלס ארבעטער גייט ארום אויף א מאַי-פּאַראַד אין די אידישע שטעט, וויסנדיק וואָס ער האָט צו דערוואַרטן, און ער גייט ארום מוטיק בקומה זקופה, גייט ארום מיט געוויסהייט, אז די וועלט איז זיינע, ווייל ער און זיינע ברידער פון אַלע אנדערע נאַציעס האָבן אָט־די דאָזי־קע וועלט געמאַכט; ער ווייסט, אז אפשר האָט דער אויבערשטער אין דעם א חלק, אָבער זיכער ניט דער פאַבריקאַנט, זיכער ניט דער בעל־הבית, זיכער ניט דער מאַן, וואָס האָט אין דעם עסק אריינגעלייגט ניט מער ווי געלט און געלט — דאָס ווייסט דער מאַי-פּאַראַדניק — איז ניט מער ווי ניט־באַצאָלטע ארבעט פון אנדערע לוין־ארבעטער! פון ניט איינגאַנצן באַצאָלטער ארבעט!

און איך, וואָס ליג אזוי אומבאַוועגלאַך ווי דער שלים-מזל אויפן מלמד, און קען זיך ניט רירן פון אָרט עפּעס אזוי ווי איך וואָלט געווען דער אמת ביי פּאָן-פּלעווע*) אין בוזים, און קען זיך ניט א הויב טאָן אָן יסורים אזוי ווי דער ראַדיקאַלער עלעמענט ביי די ציוניסטן, און בין איינגאַנצן א לעבערלאַכע, לענגלאַכע שטיק מרה-שחורה, — איך, אַלזאָ, אָט ווי איך... האָב געוואָלט זאָגן: „אָט ווי איך שטיי און גיי" — איך וואָס קען ניט שטיין און גיין, אפילו ניט ליגן... איך, אַלזאָ, זע אייך ארויסגיין אין די גאַסן, אייך ארבעטער, אייך די קינדער פון די טאַטעס, וועלכע האָבן גע־קראָגן א ווייסן נאָז און א שרעק אין אַלע ביינער, ווען זיי האָט זיך געדוכט, אז זיי האָט זיך גע'חלומ'ט, אז אימיצער האָט גע־זאָגט, אז אים האָט זיך געדוכט, אז ער האָט געהערט, ווי מען האָט געזאָגט, אז מען האָט געזעען ערגעץ־וואו א „זשאַנדאַר"... איך זע אייך ארויסגיין אין גאַס און, אַלט ווי איך בין, פּיל איך, אז איך מאַרשיר מיט אייך מיט, אז איך לעב מיט אייך מיט, און קעמפ מיט אייך מיט. און דאָן... וואַרט א ווייל'ינקע... אימיצער קומט.

ברוך הבא! מיין אייניקל: ער איז דאָ!

ער האָט א פול מויל נייעס פון דער מלחמה. ער איז א גאַנ-צער יאַפּאַנעץ...

*) א ברוטאַלער צאַרישער אינערן־מיניסטער (זע וויטער זייט 33)

„זיידע, די געלע קערן די וועלט". —

איך ענטפער אים און זאָג:

— נארעלע, ע ר וועט קריגן זיין מפלה ניט פון די ג ע ל ע, נאָר פון די ר ו י ט ע, דאָס געדענק. —

מערעלע, גרייט אָן דיין פּויקעלע, מיין קינד.



## וואָס וועלן זיי טאָן מיט איר? *)

קוים האָבן זיך מיינע אויגן צוגעמאַכט, האָב איך אָנגעהויבן צו זען... איר האָט אַ טעות. קינדער! דאָ איז קיין שום טעות ניטאָ, קיין שום דרוק-פעלער!... מחשבות'ן, ריידנדיק וועגן דרוק־פעלערן, ביי אייך דרוק פעלט——ברוך השם!—ניט, ניט דער, ניט יענער: ניט דער דרוק פון אונטן, וועלכער מאַכט די שוואַרצע פינטעלאַך, ניט דער פון אויבן, וועלכער מאַכט די שוואַרצע חתימה־לאַך, מיט די שוואַרצע, פינסטערע, אָפּגעשניטענע יאָרן אויף די רויטע, ערלאַבע, אומבאַפלעקטע נשמה'לאַך; ניט, בקיצור, דער דרוק פון די ראָמס, ניט דער דרוק פון די ראָמ—ס**), דאָס הייסט, ניט דער דרוק נאָכן זעצן, ניט דער דרוק פאַרן זיצן... אייך פעלט גאָרניט, הלואי ווייטער!

איז וואָס וויל איך אויספירן?

כסדר אזוי: קוים, זאָג איך, האָבן זיך מיינע אויגן צוגע־מאַכט, האָב איך אָנגעהויבן צו זען... טאַלייראַן, דער גע'פּגר־טער פראַנצויזישער דיפּלאָמאַט... אַ דיפּלאָמאַט איז איינער, וואָס האָט אַ דיפּלאָם אויף מולירן, וואָס מיר דאָ אין אַמעריקא רופן... ניין, וואָס מיר פּראַקטיצירן אונטער דעם נאָמען פון בלאָפן... אַל־זאָ, טאַלייראַן, אייך צו לענגערע יאָר, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן אַ שפּראַך, אום ער זאָל קענען פאַרשטעלן זיינע געדאַנקען, פּונקט אזוי האָט דער יוצר האדם אים (לנקבה: איר) געגעבן אויגן, כדי ער (אָדער זי) זאָל האָבן מיט

---

*) 1905

**) ראָמאַנאָוס.

וואָס ניט צו זען. דער פּועל יוצא דערפון איז... נאָר איך זע איר ווילט וויסן, וואָס איך מיין מיט די ווערטער „אויגן ניט צו זען". לאָמיך אייך דערקלערן:

די ארבעט — א שטייגער, די מענטשלאַכע ארבעט — באַשאַפט מכל טוב סלה און קריגט קרענק און גיט א דאנק... יע, זי באַשאַפט אַלץ, אפילו דעם שוך פאַר די פיס, וואָס בריקעט איר, אפילו דעם ראַפּניק פאַר דער האַנט, וואָס שמייסט איר, אפילו די קייטן, מיט וועלכע מען שמידט איר — הענט און פיס... נאָר איך פאַרקריך. אַזוי, אַלזאָ, ווערט דאָס באַהאַנדלט די ארבעט פון קאפּיטאַל, איר אייגן קינד (ניש־קשה פון א בנ'אָק!). נו, אין פלוג איז דאָס א ווילדע זאַך. אין פלוג איז דאָך די קשיא, היתכן? ווי שיקט זיך דאָס? ווי זעען דאָס מענטשן ניט איין? אלא איז דער תירוץ: דאָס זעען מענטשן מיט אויגן, וואָס זעען ניט פיל מער, ווי, למשל, הינער־אויגן אין איינגע שיך, אָדער שמאַלץ־אויגן אין פעטער יויך, אָדער יענע אויגן ביי די פאַרצייטיקע געטשקעס, אויף וועלכן דער תהלים זאָגט: עינים להם ולא יראו... וואָלטן די דאָזיקע מענטשן געהאַט אויגן טאַקע צום זען, וואָלטן זיי אפשר שוין לאַנג, לאַנג א טראַכט געטאָן און דער וואָרט „היתכן" וואָלט דאַן אויסגעוואַקסן, ווי יעקב אבינו'ס לייטער, פון דער ערד ביזן הימל, און דער מלאך גבריאל, דעם אויבערשטנס גראַף וויטע...*) וואָלט געמוזט ענטפערן, אָדער אראָפּ פון ביינקל... מחשבות'ן וואו איז ער, אייער, דאָס הייסט, אונזער וויטע? איך זאָג „אונזער וויטע", מחמת דאָ אין פּאַרטעמוט האָבן מבינים געזאָגט, אז אין דעם פּרט פון בלאָפן איז וויטע א גאַנצער אמעריקאַנער, דערצו נאָך איינער, אין וועלכן עס קלאַפּט אָן אָדער פון בּאַראָן מינכהויזן, דער אבי־אבות השקר, וועלכער איז א... נאָר לאָז זיין; ווען איך זאָל זאָגן א ווילנער כּאָיבע, וועלן זיך די סאַטער קיסלער געפינען באַליידיקט... עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם, איבערהויפּט ביי די בלאָ־

---

*) צאַרישער פּרעמיער־מיניסטער.

פּערס.. וואו, זאָג איך, איז ער דער גרויסער דיפּלאָמאַט? ניט שוין גייט דאָס אויף אים דער פּסוק:

„פאַרבליפּט, פאַרבלאָפט, פאַרבלענט, פאַרבליסטשעט,
ערשט אפּלאָדירט, דאַן אויסגעסווישטשעט?"

וואָס דאָס איז האַלב־טייטש, פּאָלאָווינא רוסיש, נאַטוראַליזירט אין אמעריקא.

אָבער נחזור לענייננו.

קוים, זאָג איך, האָבן זיך מיינע אויגן צוגעמאַכט, האָב איך אָנגעהויבן צו זען... דזשאָהן מילטאָן איז אויף דעם אופן געקומען צו שרייבן זיין „פאַרלוירענעם גן־עדן", אָבער ער איז פריער בלינד געוואָרן, ווערנד ביי מיר האָבן זיך די אויגן מיינע נאָר אויף א ווײַלע צוגעמאַכט.. אויף א קורצער ווײַלע, פון הוילע מידקייט, אָט ווי ביי אייך, למשל, ביי דער רעוואָלוציע צייטנ־ווייז... און אַרום מיר איז געוואָרן האַלב־ליכטיק, ווי עס ווערט אין דער דעמערונג, איידער די זון גייט אינגאַנצן אויף, אָדער איידער זי גייט אינגאַנצן אונטער... ווי עס זעט אויס בשעת די פרייהייט ווערט געבוירן, אָדער ווען זי שטאַרבט... האַלב־פינסטער, האַלבליכטיק, ווי ביי אייך אין די אידישע הערצער, ווי עס האָט געלויכטן דער רמב"ם אינם מיטל־אַלטער... דער מיטל־אַלטער — דאָס איז דער חול־המועד אין דער וועלט־געשיכטע, דאָס איז א טויזנט־יאָריקער בין־השמשות פאַר דער געבורט פון דער נייער צייט, פאַר דער אַנטדעקונג פון דער נייער וועלט. דאָס איז... נאָר לאָז זיין. לאָמיך אָנהויבן פון דאָס־ניי.

כסדר אזוי: קוים האָבן זיך מיינע אויגן צוגעמאַכט, האָב איך גענומען זען, ווייל אַרום מיר איז געוואָרן.. האַלב־ליכטיק... ווען עס איז ז י י ע ר ליכטיק, אָדער ז י י ע ר פינסטער, איז שווער צו זען: שמחות און לויות, אי די אי יענע, פאַרטונקלען די ראיה; סיי דער גליקלאַכער פאַרליבטער, סיי דער פאַר'חושב'טער זעט ניט קלאָר; איר קענט פּונקט אזוי ווייניק אַריינקוקן אין דער זון אין מיטן טאָג, ווי אין דער פינסטערניש אין מיטן דער נאַכט און צום באַטראַכטן דאַרפט איר ספּאַקולן

ביי דעם ליכטיקן דאָבראָליובאָוו*) ניט ווייניקער, ווי ביים פינ־סטערן קרושעוואַן...**)

הייסט עס, אַז מיר איז געוואָרן ליכטיקלאַך... ליכטיקלאַך! דאָס איז דער ריכטיקער וואָרט. וואָלט איך אים געפונען פריער, וואָלט איך איצט שוין געווען אַ סך ווייטער... יע, ליכטיקלאַך! מחשבות'ן, די מענשהייט וואָלט אפשר שוין געווען אַ סך ווייטער, ווען מען וואָלט אימער אין דער צייט געפינען דעם ריכטיקן וואָרט, ווי, למשל, דעם וואָרט „מאַסן־מאָרד", ריידנדיק וועגן מלחמה, „מאַסן־באַטרוג" — פאַר האַנדל, „מאַסן־רויב" — פאַר אינדוסטריע, „מאַסן־בלענדונג" — פאַר אמונה און אַזוי ווייטער, ווי — איך אַליין און מאַנכע אַנדערע פילאָזאָפן האָבן דאָס אייך אָפט אויסגעטייטשט און איינגעאידישט.

* * *

יע, ליכטיקלאַך איז געוואָרן אַרום מיר. און מיין צימער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגן עפּעס אַזוי ווי אַ זייפנבלאָז, אָדער אַ גוזמא, אָדער אַ ליבפּול האַרץ, אָדער אַ פאַרגליווערטע דאָגמאַ אין דער רעוואָלוציאָנערער היץ... און מיין צימער איז אויסגע־וואַקסן אי אין דער הויך, אי אין דער לענג, אי אין דער ברייט — אַ שטייגער ווי עס וואַקסט אויס לאַסאַל, דער אידישער גלות און „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט", ווען איר באַטראַכט די דריי לאַנג גענוג... יאָ, לאַסאַל ווערט העכער, דער גלות לייננגער און דער מאַניפעסט ברייטער, — ברייטער, און טיפער, און פולער, און אינהאַלטסרייכער ווערט ער: אַ גלאָבוס, אָט דאַכט זיך, טראָגט איר אים אַרום אין האַנט און דאָס ווייזט אייך אַ וועלט...

אַלזאָ, מיין צימער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגן און פון דער ערד, פון מיטן, האָט זיך אויפגעהויבן אַ מזבח און אַרום אים איז געוואָרן אַ גרויסער גראָבן, ערטערווייז ברייט און פלאַך, ווי די אַמעריקאַנישע בילדונג.

---

*) ראַדיקאַלער רוסישער ליטעראַטור־קריטיקער.

**) אַ בעסאַראַביער אַנטיסעמיט.

און איבער דעם גראָבן פוןביידע זייטן מזבח האָט צום מזרח צוגעשוועבט אַ יאַסטרעב, און צום מערב אַ פּרעכטיקע, מעכטיקע, ווייסע טויב.

און אַ פייער האָט געברענט אויפן מזבח, אָבער אַנשטאָט שייטלען האָלץ זענען געלעגן איינער איבער דעם אַנדערן, מעשה־צלם, מענטשלאַכע ביינער, — ביינער פון הענט און פון פיס און פון רוקנס, וואָס פון דער מאַרך אין זיי האָט זיך געקאָרמעט דאָס פייער, ברענענדיק אַלץ העכער און ווילדער.

און אויף דעם מזבח, פון ביידע זייטן, זענען געפאַלן קרבנות, און זייער בלוט האָט אַרונטערגעטריפט אונטן, אָנפילנדיק דעם גראָבן.

און איינצלנע קרבנות האָט געבראַכט די טויב און מאַסן אַזעלכע האָט געאָפּפערט דער רויב־פויגל. און וואָס העכער עס איז געשטיגן דער פלאַם און וואָס פולער עס איז געוואָרן דער גראָבן, אַלץ מער האָט געשמייכלט די טויב, אַלץ מער האָט גע־ווייטעט דער יאַסטרעב.

און גרעסער, און געדיכטער, און טונקלער איז אַלץ געוואָרן דער רויך, און העכער און העכער איז ער געשטיגן צום הימל, ביז ער האָט זיך פאַראייניקט מיט די רעגן־שוואַרצע וואָלקנס און זיי זענען געוואָרן איינס ווי עס פאַראייניקן זיך און עס ווערן לבשר אחד דער אַבערגלויבן און די אומוויסנהייט אַרום דעם אַרבעטער־פאָלק.

און ווי עס זענען געפאַלן, איינציקווייז, די קרבנות אונטער דער טויב און, הונדערטווייז, אונטערן יאַסטרעב, האָט צום טויט באַגלייט די ליבע די הונדערטער, און דער האַס די איינציקע. און די טויב, אַזוי ווי עפּעס טריאומפירינדיק, האָט מיט אירע שניי־ווייסע פליגלען אַפּלאָדירט די געאָפּפערטע מאַסן — צווישן זיי פיל, פיל פרייוויליקע קרבנות, בעת דער יאַסטרעב, פאַר־צווייפלענדיק, האָט געפאַכט מיט אַ שרעקלאַכן גרים־צאָרן, דער־ביי מיט זיינע פליגלען פאַנאַנדעריאָגנדיק דעם רויך אין אַלע פיר

עקן וועלט, כדי אז זי, די וועלט, זאָל ניט קענען זען זיין פאַר־צווייפלטע אוממאַכט.

* * *

און דאָ דערשיינט פּלוצלונג פאַר מיר דער פרייהייטס־גייסט אין זיין גאַנצער הערלאַכקייט — אַזוי מילד ווי ער איז מעכטיק, אַזוי רואיק און פרידלאַך אויפן פּנים ווי שטורמיש און קאַמפּ־לוסטיק אין זיין געמיט: דער גייסט פון אַמאָל.

און ער עפנט זיינע לעפצן און רופט זיך אָפּ צו מיר און זאָגט:

„מענטשנקינד, וואָס דענקסטו, ווען דו זעסט אָט־יענעם מזבח, און אים באַטראַכטנדיק, וואָס קלערסטו?“

און איך ענטפער אַזוי צו זאָגן:

„איך זע אָפּער פאַלנדיק פון ביידע זייטן, דאָ איינצלנע, דאָרטן מאַסנווייז. און מיר דוכט, אַז פון די, וואָס פאַלן איינציק־ווייז, גיסט זיך בלוט אייגענע, אָבער זיי זענען אויך איינגע־טונקט און באַפאַרבן מיט פאָלקס־בלוט, זיי און די קליידער אויף זיי, וואָס דאָס פייער פאַרצערט אַצינד“.

„מענטשנקינד, דו האָסט גוט געזען איצט ווייטער“.

„ און איך זע, ווי דאָס בלוט פון ביידע זייטן גיסט זיך צו־נויף און דער גראָבן ווערט ערטערווייז ברייטער און ערטערווייז טיפער“.

„ווייטער, ווייטער“!

„און איך זע, ווי דער יאַסטרעב וואַרפט פון זיינע אויגן גיפ־טיקע, טויטלאַכע שטראַלן צו דער טויב צו, אָבער מיר דוכט, זיי טרעפן איר ניט. און ווייט דאָרטן אין דער לופט זע איך, דאַכט זיך, דעם טויט, דעם שרעקלאַכן מלאך־המות, וועלכער שיינט צו שטרעבן צו איר, אָבער ער האָט, משמעות, אויף איר קיין שליטה ניט, און בשעת מעשה האַלט ער דעם מאָרד־פויגל אויף אַ שטריקל ביים פוס, אָבער אים וויל ער ניט נעמען. וואָרום, אָ, הייליקער גייסט?“

„מענטשנקינד, דער טויט דינט ביי אים און ער ארבעט פארן טויט. זיי זענען חברים, און זיי העלפן איינער דעם אנדערן, אָבער די טעג פון דעם יאַסטרעב זענען געציילטע".

„אָבער ווי לאַנג נאָך וועט דער מזבח קריגן אַלע טאָג נייע קרבנות און ווי לאַנג נאָך וועלן די גראָבנס טרינקען מענטשלאַכע בלוט?"

און דער גייסט גיט אַ שמייכל, בליקט מיך אָן און זאָגט:

„דאָס וועט דויערן אַזוי לאַנג, ביז מיין מוטער, די פרייהייט, וועט נעמען געוועלטיקן איבער דער גאַנצער מדינה, ווייל, מענטש־קינד, איר קיניגרייך... ווייסטו וואָס דער פרייהייט'ס קיניגרייך באַטייט?"

„זאָג מיר, גרויסער גייסט!"

„ווען איר קיניגרייך קומט, איז מער ניטאָ קיין קיניג און קיין רייכער... איך רעד אויף דיין מענטשלאַכן לשון".

„איך פארשטיי — פאַל איך אים אריין אין די רייד — ווייל כל־זמן עס איז נאָך ערגעץ וואו פאראַן אַ קרוין אָדער אַ געלט־זאַק, אַ גילדענער סצעפּטער אָדער אַ גילדענע מטבע, אַ טראָן אָדער אַ בערזע, קען ניט זיין קיין אָרט פאַר אמת'ער פרייהייט, קען ניט אויפגעבויט ווערן דיין מוטער'ס טעמפּל, אָבער..."

און ווי איך רייד אויס דעם וואָרט „אָבער", גייט מיר אריבער אַ סקרוך איבערן לייב, אַ שרעק דערגרייפט מיך און אַלע חדרים פון מיין הארצן ווערן אָנגעפילט מיט אימה.

„אָבער... וואָס?" — פרעגט דער פרייהייטס־גייסט, און איך ענטפער אים, מיט גרויס מי ארויסברייענגענדיק די ווערטער:

„אָט־די אַלע פרייהייטן זייערע, די רעכטע... ווען... ווען זיי וועלן זיי ענדלאַך באַקומען... ווען דאָס פאָלק וועט ענדלאַך באַקומען... ווען דאָס פאָלק וועט ענדלאַך זיגן און זיך דעראָבערן אָט... די... אַלע רעכטע?"

„רייד ארויס, שרעק זיך ניט!"

אָ, גרויסער גייסט, וואָס וועלן זיי טאָן מיט זיי?"

„ווארום, מענטשנקינד, פרעגסטו אזא פראגע און ווארום קלאפט אזוי דיין הארץ, בעת דיינע ליפּן ברייננען ארוים די ווערטער?“

„ווייל איך האָב געזען, און איך וויים, אז פרייהייט און רעכטע מאַכן די פעלקער נאָך ניט גליקלאָך. פאַרקערט, די שווער-דערוואָרבענע פרייהייט ווערט אָפט מיסברויכט צו שלעכטע צוועקן“.

דער גייסט האָט פון דאָס־ניי צו מיר צוגעשמייכלט און דאָס געזאָגט:

„אַלץ, מענטשנקינד, וואָס איז גוט ווערט מיסברויכט — ביז אַ צייט“.

„געזונטקייט ווערט מיסברויכט מער ווי אַלץ: אמאָל צום רויבן און מאָרדן, אמאָל צום שמידן קייטן פאר די שוואכע און די קרענקלאכע, אמאָל זאָגאר צו פאַרניכטן די פרייהייט, געזונטקייט און גליק. און דאָך איז געזונטקייט וויכטיק. זי איז וויכטיק פאר זיך אליין, לשמה, לשם געזונטקייט, פון אירטוועגן אליין; וויכטיק אפילו ווען זי ווערט ניט באנוצט. זי איז גוט און נויטיק, ווי דער זונענשיין אפילו בשעת ער ווארימט ניט, ווי דער לעבנספּולס אפילו אין שלאָף, אפילו אין אַ לאנגן שלאָף, אפילו ווען עס שיינט, אז די באוועגונג איז אויפגעהאלטן און די טעטיקייט איינגעשטעלט, אז עס איז מער קיין לעבן ניטאָ“.

„מענטשנקינד, פרייהייט... וואָס? דיין הארץ איז נאָך אַלץ ניט בארואיקט? רייד אַלץ ארוים און זאָג מיר, וואָס דיך שרעקט“.

„אָ, איך וועל ריידן, הייליקער גייסט! וואָס מיך קוועלט און שרעקט, איז דער דערוווייל. ווי וועט זיין, קלער איך, אויב זיי וועלן דערווייל אין רוסלאנד, ווי דאָ אין אמעריקא, זייער פרייהייט פאַרשאַכערן פאר אַ טאָפּ לינזן? ווען זיי וועלן זייערע רעכטע אָוועקגעבן דעם שווינדלער אויף פּראָקאָט, דעם שענקער פאר אַ שנאַפּס, דעם גלאַטן ציינגעלע פאר אַ חניפה, דעם גאָט'ס סטראַפּ-טשע פאר אן אָנווייזונג אויף אַ שטיקל געפילטע (אפשר זאָגאר פוסטע) לויתן, לאחר ביאת הגואל, דעם מיליאָנער פאר אַ ביינדל פון זיין טיש, דעם אדוואָקאט פאר אַ דריידל אין געריכט?“

„ווי וועט זיין, פרעג איך, ווען זיי וועלן זייער פרייהייט, וועל־כע איז אזוי שווער, אזוי ביטער אָנגעקומען, וועלכע האָט געקאָסט אזוי פיל שוויים, אזוי פיל בלוט, אזוי פיל טרערן, אזוי פיל ביינער, מארך און נערוו־זאַפט; וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אין אזא אומגליקלאכן קאַמף; וועלכע איז אויסגעוואקסן אויף א שלאַכט־פעלד, וואָס איז תמיד, נאָך יעדער שלאַכט, געוואָרן א בית־עולם, פול מיט יונגע קרבנות, פול מיט בלוט־געפּארבטע מצבות, פול מיט געבראָכענע מוטער־הערצער ארום און ארום. —

„ווי וועט זיין, ווען זיי וועלן אָט־די פרייהייט זייערע, וועלכע האָט זיך דורכגעבראָכן א וועג, גלייך ביים ערשטן אריינקומען, א וועג דורך דער פעסטונג פון טיראַניי מיט אזא אימפּעט, אז דאָס האָט, אומגעריכטערהייט, געקאָסט טויזנטער לעבנס פון די אונ־טערדריקטסטע, די פארשקלאַפּטסטע, די אָרימסטע, די רעכטלאָזו־סטע, בקיצור, די אידישע ראסע אויף וועלכער די טיראַניי האָט אממייסטן שליטה געהאַט, — ווי, פרעג איך, וועט זיין, ווען זיי וועלן אָט־די שווער־דערוואָרבענע, טייער־באַצאָלטע, כמעט מיטן לעבן געקויפטע פרייהייט מיסברויכן?"

„ווי וועט זיין ווען זיי וועלן מיט איר טאָן דאָס, וואָס די אמע־ריקאַנער טוען מיט זייער פרייהייט, וועלכע ליגן זי אוועק אָן א זייט, אינם „רומפּל־קאַמער", אונטן אין קעלער, ווי א זאך, וועלכע מען האָט, אָבער מען באַנוצט זי ניט; וועלכע מען וואָלט אפשר אינגאַנצן ארויסוואַרפן, ווען עס וואָלט ניט זיין אַן עבירה דאָס געלט, וואָס זי האָט געקאָסט, דאָס געלט און די מי?..."

„ווי דאַן, גרויסער גייסט? און ווי וועט זיין, טאָמער באַנוצן זיי זייער פרייהייט צו קענען זיין אומטאָלעראַנט געגן אַנדערע, צו קענען אונטערדריקן פרעמדע מיינונגען, פּונקט ווי אַנדערע האָבן אונטערדריקט זייערע? ווי וועט זיין, ווען זיי וועלן אין דיין מאַ־מע'ס טעמפּל אויפשטעלן א מזבח פאַר זייערע אפּיקורסים און זיי וועלן אויפבויען א בימה פאַר זייערע אייגענע דאָגמען און זיי וועלן איבערן טויער איינקריצן די ווערטער: „הערט אויף צו דיינקן, איר וועלכע קומט אחער". — ווי דאַן, גרויסער גייסט, ווי דאַן?"

און דער פרייהייטס־גייסט, אימער רואיק און געלאַסן, ענט־פערט און זאָגט:

„אפילו דאַן, מענטשנקינד, אפילו דאַן וועט עס ניט זיין אומזיסט. אפילו דאַן ניט.

„די האַס און דער רידל, דער מעסער און דער האַמער קענען געברויכט ווערן צו צעהאַקן און באַגראָבן, צום צעשניידן און אין א טרונע פאַרקלאַפּן די בעסטע, די אומשולדיקסטע מענטשן. גע־וויס, אָבער דאָס הייסט ניט, אז דערפאַר זענען די געצייג ניט אינ־סטרומענטן פון ציוויליזאַציע, דאָס באַטייט ניט, אז מען דאַרף ניט קעמפן זיי צו דערוועררבן, ווען מען האָט זיי ניט (ווי ביי זיי), אָדער זיי ניט האַלטן און באַהאַלטן, ווען מען האָט זיי (ווי אין אַמעריקאַ).

„און מענטשנקינד, אפילו ביי אייך, אָט אין דער נייער וועלט, וועט ניט אייביק בלייבן אַזוי ווי עס איז היינט.

„די זונענשטראַלן, וועלכע היינט בלענדן נאַר, וועלן באַלד לייכטן; די פרייהייט, וועלכע איז היינט א דינסטמויד ביים קאַ־פּיטאַל, וועט אין קורצן זיין א ניאַנקע ביי דער ניי־געבוירענער צייט, דער צייט פון גלייכהייט און פון רעכט.

„מענטשנקינד, אפילו ווען די נייע פרייהייט זאָל ווערן פאַר־וואַנדלט אין אַן אינסטרומענט פון אומטאָלעראַנץ און אונטערדרי־קונג, וועט סוף־כל־סוף די פרייהייט בלייבן, בעת די אונטערדרי־קונג מיט דער אומטאָלעראַנץ וועלן פריער אָדער שפּעטער פאַר־שווינדן. אזוי בלייבט אייער מאַמע־ערד תמיד באַשטיין, בלייבט תמיד פרוכטבאַר, בשעת די זומפּן אויף איר ווערן מיט דער צייט אויסגעטריקנטן פון דער זון און זיי פאַרשווינדן. — מענטשנקינד, די פרייהייט איז אייביק, אָבער אייער מענטשלאַכער לעבן דויערט א שטונדע און ציט זיך א שפּאַן. איר זענט אומגעדולדיק...“

* * *

איך האָב אויפגעפּענט די אויגן און אַלץ איז געווען פאַר־שוואונדן.

אָט ווי איך זאָג אייך, קינדער: צו זען מוז מען צומאַכן די אויגן.

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1906.

## ווען דאָס האַרץ איז „אָל־רייט".*)

„דאָס האַרץ אייערס איז אָל־רייט!" — האָט ער צו מיר געזאָגט... יע, אָל־רייט... נו, איר ווייסט דאָך מסתמא אַלע, וואָס אָל־רייט הייסט: דאָס איז אַן ענגלישער שטיפשוועסטערקינד פון אונזער ליטווישן „ניש־קשה", אַ מין תירוץ אויף אַלע קשיות, אַ שטייגער ווי דער עבדים היינו, אָדער דער סאָלדאַטסקער „זנאַטניע־זנאַיו", אָדער ר' ירוחם'ס: „אָט זעט איר דאָך..." נאָר לאָמיך ניט פאַרקריכן.

„דאָס האַרץ אייערס איז אָל־רייט..." ער, דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, דער דאָקטאָר מיינער... מיינער — נו, דאָס רעדט זיך אַזוי: אַ דאָקטאָר איז קיינעמ'ס ניט, — ניט אייערער, ניט מיינער; ער איז ניט אַ „האַנט" אין פאַבריק, ער איז ניט אימיצנ'ס אַ מענטש, ער גיט ניט אוועק קיין ארבעטס־קראַפט אויף פראָקאַט; ער קומט און גיט און נעמט און גייט. אַמאָל איז דאָס, וואָס ער נעמט, חשוב'ער, ווי דאָס, וואָס ער גיט, אַמאָל פאַרקערט.. ווי אַמאָל; אָבער לחלוטין קענט איר אים ניט האָבן, ניט לחלוטין, ניט אויף פראָקאַט...

בקיצור, „דאָס האַרץ אייערס איז אָל־רייט". ער האָט עס, לאָמיך אייך זאָגן, גוט אויסגעהאָרכט... דער בוחן־לבבות וואָלט בעסער דאָס אַליין ניט געקענט... מחשבות'ן! ער, כביכול, דער אויבערשטער אין הימל — ניט זינדיקן זאָל מען מיט די רייד — קימערט זיך היינטיקע צייטן ניט זייער פיל וועגן אידישע הערצער און קוקט אין זיי ווייניק־וואָס אריין, און האָרכט זיי ווייניק־וואָס אויס, מחמת אניט וואָלט ער עפּעס געטאָן פאַר די צעבראָכע־

---

*) 1906.

נע, פארקלעמטע הערצער פון די אָרימע, אומגליקלאַכע מאַמעס אין רוסלאַנד, וועלכע פילן הײַנט פון ווייטן די ברענענדיקע וואונדן פון זייערע קינדער, וואָס זייער בלוט גיסט זיך אויף דעם מזבח פון זייער שטיף־פאָטערלאַנד, אַ לאַנד, וועלכעס זאָגט צו אידן: „טערפּי זשידאָק, קאַליעקאַי בודעש“*) און... און טאָמער קומסטו צוריק מיט איין פוס אין פאַרט־אַרטור און מיט דעם אַנדערן אין ווילנאַ; טאָמער קומסטו צוריק מיט אַ לאָך אין זייט, מיט אַ ריב, מיט אַן אויג, אַן אויער ווייניקער ווי פריער, וועט מען דיר דער־פאַר געבן אַן אָסטאַווקע מיט אַ טאָרבע...

בין ווידער פארקראָכן.

ער, הייסט עס, דער דאָקטאָר מײַנער, האָט אויסגעהאָרכט מיין האַרץ.

„אייער האַרץ“, זאָגט ער, „איז אָלרייט!“ דאָס איז געווען פאַר אייער כבוד ריידנדיק, בשעת איך בין געלעגן קראַנק אויף ראַ־מאַטעס און די גרעסטע סכנה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיין האַרץ האָט, ניט פאַר אייך געדאַכט, געקענט אָנגעגרירט ווערן. דאָס האַרץ... אָ, וואַרט אַ ווײַלינקע, איך מוז אייך דערציילן אַ שפּאַס פון יענער צייט... בשעת איך בין געלעגן קראַנק.

איין טאָג ליג איך מיר אַזוי בהרחבה... אויסגעצויגן ווי די גאוה אויף דער חזנות, אָדער ווי די אמונה אויף דער אומוויסנ־הייט... ליג איך מיר אַזוי אויפן רוקן... מיין רוקן איז גראַד אָל־רייט: איך האָב אים קיינמאָל ניט געבויגן, ניט זיך בוקנדיק, ניט אימיצן טראָגנדיק — בין ניט קיין אַרבעטער, וואָס שלעפּט אויף זיך די רייכע, ניט קיין שנאָרער, וואָס בוקט זיך פאַר זיי... בקיצור, **אָט ליג איך מיר אַזוי אויפן רוקן און קוק אַרויף־צו־צו... קוקן אַרויף־צו־צו** איז ביי די אידן אין דעם בלוט, אַ מין צווייטע טבע; רק ער קוקט אַרויף, אין דער הויך, אַמאָל צום רבונו של עולם, אַמאָל צו זיינע געזאַלבטע, צום רוסישן קיסר, צום טערקישן סולטאַן, צו די, וואָס האָבן צו פאַרדינגען אוגאַנדאַ, אָבער אַלץ למעלה הימנו,

*) דולד, אידליק, וועסט ווערן אַ קאַליקע.

ארויף־צו־צו, צו די הויך־געשטעלטע, די הויכע, די העכערע, די העכסטע, די אַלער־העכסטע, די אַלער־אַלער־העכסטע ביז אין דעם זיבעטן הימל אריין... רק אין דער הויך קוקט דער איד, רק ארויף־צו־צו, און דערווייל קלייבן זיך אָן ארום זיינע פיס גאַנצע פולקן שרצים ורמשים, דאָ אונטן, דערווייל פאַרקריכט ער אויף דערנער, פאַרזינקט ער אין זומפּן, גייט ער אראָפּ פון וועג און... אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

נו, אָט ליג איך מיר אַזוי אויפן רוקן; ליג איך און קוק ארויף צום באַלקן צו, קוק און זע גאָרנישט, א חוץ א ציוויליזירטן, גאַזאָוון הייגגלייכטער, וועלכער לייכט איצט בייטאָג ניט, ווייל מען דאַרף זיין ליכט ניט, א שטייגער ווי מען דאַרף ניט דעם זוהר הקדוש, וואו עס איז דאָ אמת׳ע אויפקלערונג... קוק ארויף און זע גאָרנישט און קלער גאָרניט עטוואס צו זען, חוץ אפשר ערגעץ־וואו א שפּין, אָדער א פליג א פּאַראזיט... מחשבות׳ן... וואו די קליינוואָרגס, די פּאַראזיטן, קענען זיך דאָס אביסל ארויפווינדעווען! וואו א לייב וועט ניט צוקומען, וועט אייך דערגרייכן א שפּין, אָדער א פליג...

און מיט אַמאָל פאַרבענק איז זיך אהיים! יע, דיר נישט. מיר נישט, אהיים!

אייך קומט דאָס געווים פאַר האמאטנע, ניין? א איד, קלערט איר, וואָס איז מגולגל געוואָרן אַזוי פיל מאָל, וואָס איז געוואָרן — אָן גוזמאות — פון א לשון-קודש׳דיקן בחור א׳ רוסיפיצירטער העברייער, דערפון א פאַרטייטשטער רוס, דערפון א פראַנצויזישער טייטש, דערפון אַן אנגליזירטער פראַנצויז, דערפון אַן אַמעריקאַניזירטער ענגלענדער, דערפון א אידישער אמעריקאַנער — דאָס אַלץ מיט דענישער, האָלענדישער, בעלגישער, שווייצארישער שטויב אויף די שטיוול; א מענטש, וועלכער איז שוין פון יאָרן און יאָרן אָן אינטערנאַציאָנאַלער תיקון־שבועות אויף צוויי פיס, א „פאַטערלאַנדסלאָזער געזעלע״, ווי דער מטורף, וואָס קיניגט איבער פּרייסן און קייזערט איבערן גאַנצן „טייטשעשן בוידים״, וואָלט מיך גערופן, ווען ביסמאַרק וואָלט מיך ניט ארויסגעטריבן פון דייטש־

לאַנד א לאַנגע צייט איידער ווילהעלם און איך האָבן געהאַט א געלעגנהייט באַקענט צו ווערן, מחמת ער איז נאָך דאַן ארומגעלאָפן אין קורצע מייטקעס און פלעגט נאָך ניט האָבן א טבע צו שפּילן די ראָלע פון דער מויז איבערן צימבל אויף דעם „איראָפּייאישן קאָנצערט“, אָדער די נאַטור טאָג־טעגלאַך צו באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז ער איז א נאַר...

אָבער וואו האַלט איך? אָ, יאָ! איך וואונדערט, ווי אזוי א מענטש, וואס איז דורכגעגאַנגען אזוי פיל גלגולים און אזוי פיל מדינות; א מענטש, וואָס האָט אין פלוג ניט קיין פאָטערלאַנד און ניט קיין מוטער־שפּראַך... ניט גענוג פאָטערלאַנד פאַר א גאַנצן קבר, ניט גענוג מוטערשפּראַך פאַר א מענה־לשון א גאַנצן, און אייגענעם... איך וואונדערט, בקיצור, ווי אזוי א מענטש, וועל־כער האָט ניט קיין היים, קען בענקען אהיים? !...

מיך אויך.

און די קשיא איז אין גרונט נאָך האַרבער, ווי איר מיינט. אמאָל פלעגט מען זאָגן, אנדערע זאָגן נאָך עד היום: ubi bene ibi patria מאַכט דער טייטש, וואו מיר איז גוט, דאָרטן איז מיין פאָטערלאַנד... דאָס איז, איך בעט איבער אייער כבוד, אויף ליטויש. דאָס לשון פארשטיי איך, למשל, אזוי גוט ווי גאָר ניט, אָבער מיר ווילט זיך, איר זאָלט מיינען, אַז איך פאַרשטיי, כדי איר זאָלט פאַר מיר בושה האָבן... פאַר דאָקטוירים, אפּטייקערס און געוויסע שרייבער האָט מען אָפּשיי צוליב דער אומפאַרשטענד־לאַכקייט פון זייער לשון... אין שרייבן אָדער פאַרשרייבן. היינט, אייגנטלאַך, איז שוין קיין פאָטערלאַנד ניטאָ, מחמת די אייזנבאַנען האָבן אָפּגעשאַפט דעם גרעניץ, און דער טעלעגראַף מיט זיין שוואָגער דעם טעלעפאָן האָבן פאַרניכטעט דעם מהלך, און די וויסנשאַפט האָט אריינגעבראַכט א נייעם גייסט, וועלכער האָט באַוויזן, אַז ניט דער זעקס־שפּיציקער מגן־דוד און ניט דער פיר־שפּיציקער צלם זיי־נען ניט דאָס, וואָס טיילט פאַנאַנדער מענטשן און פעלקער און ראַכן.

אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, עס בענקט זיך אהיים, און ווען איך זאָג „אהיים“ מיין איך דערמיט ניט דעם זעלביקן אַרטיקל ווי

מיינע אָרימע ברידער, די ערלאַכע, צעדולטע צאַן־קדשים, וועלכע רופן זיך סאָציאַליסטן־נאַציאָנאַליסטן, דאָס הייסט, מענטשן, וועלכע שטייען מיט איין פוס אין דעם קלאַסנקאַמף און מיט דעם אַנדערן — אין דעם ראַסנקאַמף; דאָס הייסט, מענטשן וואָס זאָגן מיט אַ האַלב מויל: מיר זיינען געגן יעדן גרעניץ, געגן יעדער צעגלידערונג, מיר זיינען וועלט־בירגער, מיר ווילן האָבן אין דער אַלטער וועלט אַ מין פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּאַ און אמת'ע ברידערלאַכקייט צווישן אַלע ראַסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּאַ, און זיי זאָגן דאַן מיט דער אַנדער האַלב מויל: „מיר ווילן אַריינבלאָזן אַ נייעם לעבנס־אָטעם אין די טויטע, טרוקענע, מאַרכלאָזע ביינער פון דער אַלטער, פאַרטערקעווועטער מדינה, וועלכע פלעגט אַמאָל, ווי מען זאָגט, רינען מילך מיט האָניק (אפשר ווייל דאָרטן פלעגט זעלטן־ווען זיין רעגן־וואַסער: פאַר נויט עסט מען ווייס־ברויט!), און מיר ווילן האָבן אַן אייגענע מלוכה".

אָ, יאָ, אַן אייגענע מלוכה! ביי אַ פאלק פון אינטערנאציאָנאַלע אידן, ביי אַ נאַציאָן פון קאָסמאָפּאָליטן, ביי אַ דור־הפלגה לעולם ועד (אין פערמאַנענץ, בלע"ז) פון מענטשן, וועלכע ריידן אַלערליי לשונות, און האָבן אַלערליי זיטן און מנהגים, אַ מדינה, וואָס וואָלט אויסזען ווי עסטרייך אין אַ טלית און תפלין, אַ מדינה מיט מדינה'לאַך, מיט פעלקער מכל המינים, אַ מדינה מיט אַזאַ מין מיש־מאַש און ערב־רב אינעווייניק, ווי אַמאָל אין קאָוונאַ אין ר' לויבע פאַק'ס קעשענע — פלעגן זיך רוען פרידלאַך אינאייגעם: אַ פושקע שמעק־טאַבאַס, מיט אַ טרוקענע גאָמעלקע פון היימישן סעז, מיט אַ פארשטיינערט פיש־קניידל, מיט אַ רויטער באַיאָרנטער פאַציילקע, מיט אַן אַלטן לוח, מיט אַן אָלאָבלע פון אויסגעדינטע שפּאַקולן, מיט אַ שטיקל טריף־וואַקס, מיט ווערעמדיקע ארבעס פאַר (אָדער פון) אַ קאַלעקאָטקע, מיט אַ תפלת-הדרכ'ל, מיט אַ מלמד'ישער ציפּלינקע, מיט אַ פּעקל ציצית, מיט אַ געוועזענער פּאָדניצקע, מיט ברעקלאַך און די אינגעווייט פון אַ צעבראָכענעם המן־טאַש, אַ חוץ אפשר אויך אַ פאַרלעגנעם בריוו, וועלכן ער האָט באַדאַרפט אי־

בערגעבן דעם ווילקאָמירער בעל־עגלה ארום חנוכה־צייט און נאָך עפּעס אזוינס.

אָרימע צעדולטע שעפּסעלאַך! מיינט ניט, אז איך האָב זיי פיינט... אָ, איך ווייס, מען האָט די צעטומלטקייט אין זיי ארייג־געפּאָגראָמעוועט, ארייגעקישינעוועט, ארייגעהאָמלט; מען האָט אין זיי בידים אויפגעוועקט די אידישקייט און איינגעשלעפערט די מענטשלאַכקייט; און יעל געגן סיסרא לעבט ביי זיי און העסע העלפמאַן געגן סנדר השני איז פאַר זיי טויט.

און זיי מיינען, אז א רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קען זיך דרייען — אזוי ווי די ערד, אויף וועלכער מיר וואוינען — מיט א דאָפּעלטן גאַנג: אי ארום דער אינטערנאציאָנאַלער זון, וועלכע באַלייכט אַלע פעלקער צוגלייך, אי ארום איר, דער ערד'ס, אייגענער נאציאָנאַלער אַקס... אַקס, ברודער זעצער, אַקס מיט א פּתח אלף און ניט מיט א קמץ אונטער אים; טאָמער זעצט איר דאָס אויס מיט אַ קמץ — „נאַציאָנאַלער אָקס“ — ווערט מיר א געוויסער אי־דישער שרייבער אַן אייביקער שונא... אָבער וואו האַלט איך?

אָ, איך ווייס, דער איד איז ניט ערגער פאַרן פּאָליאַק, פאַרן אירלענדער, פאַרן אונגאַר, פאַר יענע אַלע נאַציעס און נאַציעלאַך, וועלכע זיצן אין עסטרייך, ווי אין געהאַקטע וואונדן; דער איד האָט פונקט אזא רעכט צו זיין א פאָלק ווי יעדער אַנדערער, אָבער, קינדער, דער איד איז ניט א בוים אין דעם וועלט־גאָרטן, ער איז אַ צווייג אויף דעם בוים פון יעדער מדינה און טראָגט אָפט די פיינסטע פרוכט (פון דעם גרויסן ברעסלויער לאַסאַל ביז דעם יונגן האָמעלער אגראַנאָוו) און... אָ, ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַר־שטיין! דער איד איז אַלערליי אידן, מיט אַלערליי פאַרגאַנג־הייטן, מיט אַלערליי אידייען, מיט אַלערליי טראַדיציעס, מיט אַלערליי פּאָליטישע אומשטענדן... בעט א קלאָרן פילאָזאָף (מיר דאַכט, איך בין ווירקלאַך אינגאַנצן ניט ביים זינען: זיץ אין אמע־ריקא און מאַך ניט קיין געלט...), וועט ער אייך דאָס דערקלערן, איך ווייס נאָר פון ר' לייבע פאַק'ס קעשענע און...

הייסט עס, יע, וואו בין איך געבליבן שטיין... בין לא עליכם...

וואָרט, לאָמיך נעמען אַ שמעק טאַבאַק... איר ניסט אַ טשיקאַוועס, ביים שמעקן טאַבאַק? דאָס איז דאָך אַ מין פּולווער, וואָס שיסט ניט, אַ שטייגער ווי אונזערע טאַטעס „שפוך חמתך" איז געווען אַ שטאָך אין האַרצן דעם פּריץ, וועלכן ער האָט ניט געפילט.. נו, און איר האָט זיך, משמעות, דאָך שוין צוגעוואוינט צו שמעקן פּול־ווער... איר ניסט שוין ניט מער... לאַדזש, זשיטאָמיר און האָמל באַווייזן, אַז איר ניסט שוין ניט מער... אַמאָל ניסט איר ניט, מחמת די פּולווער דערגייט ניט ביז אייער נאָז, ווי דאָס האָט פּאַ־סירט אין ביאַליסטאָק... יע, אין ביאַליסטאָק, ווען זיי האָבן אין וואַלד אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און אין וואַלד זיינען הינטער די בוי־מער געלעגן באַהאַלטן געפּאַנצערטע, באַוואָפנטע געלערנטע חיות בצורת אדם, וועלכע האָבן אָנגעגריפן די יונגע מענער און פרויען אויף אַזאַ'ן אופן, אַז די פּולווער איז צום נאָז ניט צוגעקומען, ווייל מען האָט זיי געמאָרדעט און פאַרוואונדעט פון הינטן און די ברא־ווע קינדער זיינען געפאַלן ווי געשניטענע זאַנגען אין פעלד, מיטן פּנים אַראָפּ, מיט דער פרייהייט אין האַרצן, מיט אַ כּפל־שמונה'־דיקן פלוך אויף די ליפּן פאַר דער ווילדער טיראַניי, מיט אַ שטראָם פון פרישן, וואַרימען, לעבעדיקן בלוט, וועלכעס איז געפלאָסן פון די פרישע וואונדן אין זייערע רוקנס... יאָ, רוקנס, די מלאכי־חבלה פון רוסלאַנד האָבן געשאָסן אין רוקן... האַלט! איצט ווייס איך, וואו איך בין שטיין געבליבן בעת איך האָב לעצטעס מאָל פאַר־בלאָנדזשעט...

הייסט עס, ליגנדיק אויסגעצויגן אויפן רוקן, האָב איך גענומען בענקן אַהיים... אַהין, וואו איך בין געבוירן געוואָרן... מחשבות'ן! אַ גליק, כ'לעבן, וואָס מען לאָזט דאָרטן לכל־הפּחות געבוירן ווערן! אין בערנע'ס צייטן, אין לודוויג בערנע'ס צייטן, אין די צייטן פון דעם ערשטן גרויסן פרייהייטס־קעמפּפער (מזרע היהודים) לודוויג בערנע, פלעגט מען אין פראַנקפאָרט־אם־מאַין ניט לאָזן אידישע קינדער חתונה האָבן, יעדנפאַלס, ניט מער ווי פּופצן פּאָר אַ פאַלק אַ יאָר, כדי אידן זאָלן אַזוי ווייט ווי מעגלאָך ניט קענען געבוירן ווערן... בקיצור, איך האָב גענומען בענקן אַהין, וואו איך בין גע־

בוירן געוואָרן און ווי איך וואָלט על־פּי יושר געדאַרפט שטאַרבן...
יאָ, שטאַרבן, ווען ניט קעמפנדיק צוליב מיינע גראָע האָר, צוליב
מיין שוואַכן גוף, אפשר טאַקע אויך ווייל מיר וואָלט געפעלט דער־
צו דער מוט... ווייל אין מיינע יאָרן האָט מען אין מינסק נאָך
ניט געזען אַזעלכע אידישע אַרבעטער, וואָס זיצן אין טורמע אַלס
מיאַטעזשניקעס געגן דער ממשלת הזדון פון צאַריזם און געלטיזם...
וואָס זאָלן, זיצנדיק אין טורמע, אָנצינדן הנרות הללו בעת די
בשורה פון פּלעווע'ס טויט קומט אָן, די בשורה, אַז ער, פּלעווע,
דער פעלד־מאַרשאַל פון דעם אשמדאי'ס באַטאַליאָנען, איז, ווי
אַמאָל אליהו הנביא, אַרויפגעגאַנגען אין דער הויך אין אַ פייערדי־
קער קאַרעטע (אָן פערד, מחמת מיר לעבן אין פערדלאָזע צייטן)
צום עולם שכולו טוב צו.*)

כסדר אַזוי: איך האָב געביינקט אַהיים, אַהין וואו איך בין
געבוירן געוואָרן און וואו איך וואָלט על־פּי יושר געדאַרפט שטאַרבן,
הגם מיר וואָלט אפשר געפעלט דער מוט צו שטאַרבן אין קאַמף.
מיר וואָלט זיך געוואָלט אַוועקלייגן מיין אַלטן קאָפּ צווישן די גע-
פאַלענע חשמונאים־קינדער, וועלכע די נייע צייט האָט באַשאַפן,
וועלכע דער „בונד" האָט אויסגעהאָדעוועט און דער טיראַן האָט
אויסגעקוילעט אין די צייטן, ווען ער האָט געהאַט די אויבער־
האַנט...

האָב שוין געהאַלטן ביים איינדרעמלען, ווען די טיר האָט זיך
פּלוצלונג געעפנט מיט אַ גערויש, אַזוי ווי אַ שטורם־ווינט וואָלט
איר איינגעבראָכן...

וואָס קען דאָס זיין? האָב איך ביי זיך געטראַכט, זיך רייבנ־
דיק די אויגן.

„שרעק זיך ניט, זיידע, דאָס בין איך..." — האָט מיין אייניקל
אויסגעשריען, און זיך ניט געמענדיק קיין צייט אָפּצוכאַפּן דעם
אָטעם, האָט ער גערעדט מיטן ניגון פון די עשרת בני המן אין דער

*) פאָן־פּלעווע איז געטויט געוואָרן דורך אַ באָמבע געוואָרפן פונם
רעוואָלוציאָנער יעגאָר סאַזאָנאָוו.

מגילה, דאָס הייסט, מיט דער זעלביקער איילעניש. די ווערטער זיינען ביי אים געלאָפן פון מויל, שפּרינגענדיק איינער איבער דעם אנדערן ווי ניט־יתומים צו יזכור, אָדער בערזנמעקלער, ווען עס מאכט זיך א מלחמה, אָדער פּרייסלאָך, ווען עס באווייזט זיך א ברענענדיקע שוועבעלע, אָדער... געווג!

„שרעק זיך ניט“, זאָגט ער, „זיידע, דאָס בין איך, און — א! זיידעניו! פּעטערבורג איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים און מאָס־קווע רירט זיך און אדעס און ווארשא און לאָדזש און האָמל און גאַנץ ליטא, זיידע... עס פלאַקערט אומעטום... די פרייהייט“.

— „די פרייהייט“, העלף איך אים ארויס, „איז ארויס פון טורמע...“

„אום־הום“, מאכט ער, „ארויס פון טורמע, און גאַנץ רוסלאַנד זעט אויס אזוי ווי אויף דער מדינה וואָלטן מיטאמאָל די שטריק געפּלאַצט, ווי אויף שמשון הגבור, ווייל זי, די מדינה, האָט זיך אויסגעטשוכעט פון איר לאַנגן שלאָף, האָט זיך אויסגעטאָן און האָט א שטאַרקן ניס געטאָן...“

— און ישראל'יק? — פרעג איך אים.

„אין פראָנט, אין די ערשטע רייען, דער דגל מחנה יהודה איז באַפּאַרבן רויט מיט אַרבעטער־בלוט... אָה, זיידע! זיי ווילן ווי־דער מאכן דעם אידעלע פּאַרן שעיר לעזאזל... דער רעוואָלוציאָנע־רער ים ברויזט, די גאַנצע רעגירונג'ס־שיף האַלט ביים אונטערגיין און זיי דארפן א יונה... אָבער, זיידע, ישראל'יק לאָזט מיט זיך ניט שלאָגן קיין כפּרות, ער ווערט זיך... ער בעט זיך ניט מער, ער זאָגט מער ניט קיין תהלים, ער פאַלט ניט מער אריין אין ארון קודש — ער ווערט זיך, ער גיט א קלאַפּ פאַר א קלאַפּ און א חוץ וואָס ער העלפט אויסרייסן מיטן וואָרצל די טירַאַניי בכלל, חוץ וואָס זיין האַנט איז דערביי יעדעסמאָל, ווען פּרעה קריגט מכות, דערקעמפט ער זיך מענטשלאכע רעכט אין רוסלאַנד...“

— נו, און... הייסט עס... — וויל איך אים פרעגן, אָבער ער הערט ניט און מאָלט:

„און עס געפינען זיך רוסן, קריסטן, וועלכע העלפן אים באַ־קעמפן די שוואַרצע באַנדע, עס געפינען זיך בלינאָוו'ס, וועלכע שטאַרבן פאַר אונז, עס געפינען זיך בלעמ'ס, וועלכע בענטשן אונז היינט און געקומען זיינען זיי אונז שילטן אַ מעת-לעת צוריק... און מען האָט אָפשיי פאַרן ישראל'יק דעם קעמפער, פאַר אידעלע־גבר, וועלכער שטייט היינט אויסגעגלייכט און שטאָלץ — בקומה זקופה און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם ווי...

— דער אויבערשטער אין דער הגדה... — זאָג איך.

„יע, בזרוע נטויה, ביד חזקה... דו שמייכלסט, זיידע?"

— קינד, דאָס ווייס איך אַלץ... עופה'לאך אין די וויגן ווייסן היינט אַלץ, וואָס דו דערציילסט מיר דאָ... איך לאָז דיך ריידן, ווייל איך האָב ליב דיין הייליקע התפעלות, וועלכע איז אַזוי זעלטן דאָ אין אַמעריקאַ. דו ווייסט, אַז דאָרטן, אין רוסלאַנד, האָט דער אַנטיסעמיטיזם אויסגעהאָדעוועט אַ פּאַרטיי, אַ סעקטע... ווי דו ווייסט זיי רופן, וועלכע הייסן סאָציאַליסטן־נאַציאָנאַליסטן. דו ווייסט, אַז זיי האָב איך אי פיינט אי האָלד, אָבער... דאָס איז דאָ ניט אהין און ניט אהער. איז וואָס איך וויל ווייסן איז אָט וואָס:

ביים קאַמף געגן דער שיכור'ער פינסטערניש, געגן די מלאכי־חבלה זיינען זיי געווען... וואו? אין ארץ־ישראל, אין אוגאַנדאַ, אין אוטאָפּיע, אין טרוים-לאַנד, אָדער אין רוסלאַנד, אין אוגאַנדאַ, קאַמף־פּלאַץ, אין דעם שרעקלאַכערווירקלאַכקייט לעבן זייער גרויסן ברודער — זייער גרויסן שטיף־ברודער — דעם בונד?

„יע, יע, זיידעניו! אין קאַמף לעבן אים; פיל פון זיי קעמפנ־דיק פאַר דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד, אַזוי ווי...

— זיי וואָלטן זיך געריכט דאָרטן צו בלייבן וואוינען — שמייכל איך אונטער... איצט, זונינקע, הער וואָס איך וועל דיר זאָגן.

— אין דער צייט, ווען איך בין געלעגן אויף ראַמאַטעס מיט אָפגענומענע הענט און פיס, האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט: „דאָס הארץ אייערס איז אַל־רייט, כל זמן דאָס הארץ איז גאַנץ,

איז קיין סכנה ניט". מען קען מארשירן אַן פּיס, מען קען שלאָגן אָן הענט, כל זמן דאָס הארץ איז גאַנץ.

און די הענט מעגן טאָן מעשים תעתועים און די פיס מעגן פארקריכן אין האָצע־פּלאָצע, אָבער אַזוי לאַנג ווי דאָס הארץ איז אָל־רייט, וועט פריער אָדער שפּעטער דער אמת קומען צו זיין רעכט און די פארפאָגראָמטע, פארבלאָנזשעטע כשר'ע שעפּסעלאַך וועלן זיך אויסרייבן די אויגן און זיך שטעלן אויף א רעאַלן באָדן און וועלן דערלאַנגען א האַנט אים, זייער גרויסן שטאַרקן ברודער, וועלכן זיי האַסן היינט אַזוי.



## די פרייהייט קומט אָן אין טרויער־קליידער.*)

איר מעגט אָט־דאָ גלייך אויפהערן צו לייענען... איר דאַרפט ניט גיין אָן אות ווייטער... איבערגעלייענט דאָס קעפּל — גענוג... עד כאן אומרים בשבת הגדול, אַ שטייגער...

וואָרום? נו, ווייל איר וועט מיין שרייבעריי סיי־ווי־סיי ניט פאַרשטיין... היינט מיין איך צו שרייבן ווי אַלע אַנדערע פילאָזאָפן: פאַר זיך אַליין און אַ כפּרה דער עולם, אַ כפּרה די לעזער... איך מיין צו שרייבן — ווי אַ הולטיי מיט געלט לעבט, ווי אַ פאַרליבטער פילט, ווי ער, כביכול, האָט באַשאַפן די וועלט — פאַר זיך אַליין, פון זיין אייגן האַרץ וועגן, צוליב זיך אַליין און אַ סוף! איך וויל ניט פאַרשטאַנען ווערן... איך וויל נאָר אַרויסקריגן אויפן פּאַפּיר דאָס, וואָס אין די לעצטע פאָר וואָכן האָט זיך אָנגעקליבן אויף מיין אַלטן, קראַנקן האַרץ, בכדי אַז איך זאָל קענען פרייער אָטעמען, דאָס איז אַלץ.

וואָרט! לייענט פונדעסטוועגן נאָך עטלאַכע שורות: מען דאַרף אייך געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איר דאַרפט ווייטער ניט לייענען און ווי אַזוי דאָס קומט, אַז איר וועט מיך ניט פאַרשטיין... דאָס וועט איר פּיליכט יאָ פאַרשטיין...

אָבער ווי הויבט מען אָן? נעכטן זאָג איך צו מיין אייניקל, זאָג איך... הייסט עס... נאָר דאָס דערצייל איך אייך שפּעטער... ווי הויבט מען אָן? אָ, אידישער שלים-מזל! דו, וואָס אָן דיר האָט זיך קיין זאַך ניט אָנגעהויבן (אפילו ניט דאָס אידנטום), דו וואָס דו שטייסט ביים וויגעלע, זאָגאָר ביים ברעכשטול פון יעדער נייער וועלט-געבורט — זע, ליבער, גוטער, הייליקער, אידישער

---

*) 1905

שלים־מזל, שטיי מיר ביי, אז איך זאָל ווי־עס־איז קענען אָנהויבן...

כסדר אזוי... איר האָט דאָך געווים געהערט דערפון, אז אין די עשרת הדברות זיינען די ווערטער „שמור" און „זכור" (את יום השבת לקדשו) ארויסגעקומען אויף אמאָל, בדבור אחד, ווי איין וואָרט... וואָס? איר פארשטייט דאָס אויך ניט? נארעלאך, דאָס איז אַן אמונה־זאך, דאָס דארפט איר ניט פארשטיין, דאָס דארפט איר נאָר גלויבן... אויב איר קענט.

בקיצור, איר ווייסט, אז דאָס איז אַזוי געווען, ווייניקסטנס, אזוי זאָגט מען... איצט פארשטייט איר מיך... נאָר, וואַרט! איך קען דאָס אייך בעסער דערקלערן.

שטעלט זיך פאָר, אז איר זענט פארוואָרפן און פארוואָגלט אין דער פרעמד, אין מרחקים, ווייט, ווייט פון דער היים. און שטעלט זיך ווייטער פאָר, אז ווען איר לעבט דאָ אויף דעם אופן אין גלות, אַ נע ונד, אַ בוים ארויסגעריסן פון זיין אָרט מיט די וואָרצלען מיט אַלעמען, און פארפלאָנצט אין אַן אנדער ערד, — אז אין דער זעלביקער צייט, ווען איר זענט אזוי דערווייטערט פון אייער אַלטער היים, האָט איר פונדעסטוועגן דאָרטן איבערגעלאָזט ניט נאָר אייער יוגנט מיט די יונגע חלומות, מיט די יונגע האָפנונגען, מיט די יונגע ליידן, מיט די ריינסטע, אומבאַפלעקטע קינדישע געפילן, נאָר אויך אַ פערזאָן, וועלכע איז אייך ליב און טייער... אז איר האָט די פערזאָן איבערגעלאָזן ביי אַ בייזער שטיף־מאמע, מיט וועלכער איר האָט זיך פארהייראַט נאָך אַ גט מיט אייער ערשטער ווייב... איר האָט דאָרטן אַ געליבטע טאָכטער, כאַפּט אייך אָן.

און די דאָזיקע טאָכטער האָט מען געפייניקט און פארפאָלגט יאָרנלאַנג... מען האָט איר געשלאָגן, ווען זי האָט אויסגעזעען חנ'עוודיקער פאַר די אנדערע קינדער, ווען זי איז געווען געראָטענער, און אויך ווען עס האָט זיך אָפּגעדאכט, אז זי איז ניט שיין און אז זי נוצט אוים אירע פייאיקייטן צו שעדיקן די אַנדערע פונם הויזגעזינד, אז זי איז צו־קלוג... מען האָט איר ניט אַריינגעלאָזן אינם זאַל, וואו די אנדערע האָבן געמעגט זיין, הגם אין צוויק האָט מען זיי אַליין אויך געהאַלטן!... מען האָט די זאַקאָנעס פונם הויז

אזוי צורעכט געמאַכט, אַז אין דער צייט ווען פאַר די אַנדערע איז געווען דערלויבט אַלץ, וואָס אזוי ניט געווען ספּעציעל פאַרבאָטן, איר פאַר איר, דער שטיף־טאָכטער, געווען פאַרבאָטן אַלץ, וואָס מען האָט איר ניט ספּעציעל דערלויבט.

און צייטן זיינען געווען, ווען מען האָט זיך געבאָדן אין איר בלוט, ווען מען האָט געשעפּט נחת־רוח פון איר ווייטאָג און איר עגמת־נפש... און בייזע הענט פלעגן איר באַפאַלן אין פעלד, און טיגערס, וועלכע לעכצן נאָך מענטשן־בלוט, פלעגן אויף איר לויערן אין וואַלד...

און זי פלעגט זיצן אין איר ווינקעלע, פון אַלעמען אָפּגעטיילט, פאַררוקט אין איר אָפּגעצאַמטן תחום, און פלעגט וויינען אין דער שטיל, און איר קול פלעגט שטייגן אין דער הויך, צום הימל צו, און די טרערן אירע פלעגן זיך גיסן, גיסן אַרונטער טיף אין דער ערד אַריין. אָבער דעם הימל פלעגט ניט דערגרייכן איר געוויין, און די ערד פלעגן ניט ווייך מאַכן אירע טרערן, און אַרום איר פלעגט זיין פינסטער אין מיטן העלן טאָג, און שרעקלאַך צווישן לוסטיקע טענצער ביי די טענער פון דער האַרמאָניקע.

און זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן ווי אַזוי מען לאַכט, און דער שמערץ אין האַרצן פלעגט דערמאָרדן דעם שמייכל אויף די ליפּן, און זי האָט ביסלאַכווייז אָנגעהויבן צו זינגען שיר־השירים מיט דעם ניגון פון איכה, און צו קלאָגן איכה נאָר אָן אַ ניגון, מיט אַ דערשטיקטן קול מיט אַ שלוכץ צום אָנהויב און אַ זיפץ צום אויס־לאָז, זיך ווערגנדיק מיט די ווערטער פון איר קלאָג־ליד.

און... וואָס האָב איך דאָ געוואָלט אויספירן? עפּעס ווילט זיך מיר אייך געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איר דאַרפט ניט לייע־נען דאָס, וואָס איך שרייב היינט, אָבער ביי מיר זיינען צעטומלט די רעיונות אין מיין מח, אין מיין אידייען־פאַבריק האָבן די גע־דאַנקען, משמעות, זיך אָנגעשלאָסן אָן די סטרייקנדיקע פּעטערבור־גער אַרבעטער: אַרויס אין אַ מין סימפּאַטיע־סטרייק. זיי פאָלגן מיך אַזוי אויך ניט איבעריקס... איצט זיינען זיי ווייט, ווייט...

און, יע... איך ווייס... הערט מיך אויס.

און מיט אמאָל הערט איר אַ בת־קול, וואָס זאָגט אייך אין דעמזועלביקן אָטעם־צוג, אויף דעמזועלביקן אופן ווי עס איז ביים רבונו של עולם אַרויסגעקומען דער „זכור" צוזאַמען מיט דעם „שמור" אויפן באַרג סיני, אַז אייער טאָכטער, די אומגליקלאַכע שטיף־טאָכטער, איז פריי, אַ מענטש אין שטוב מיט אַלעמען צו־גלייך, אָבער צעבלוטיקט, כמעט דערמאָרדעט!

מען זאָגט אייך אָן, אַז זי, די פאַראַכטעטע און פאַרפאַלגטע און פאַרדאַמטע און פאַרשאָלטענע, איז מיט אַמאָל געוואָרן פריי און מיט אַלעמען גלייך, אַ שוועסטער צווישן שוועסטער, אַ קינד צווישן קינדער; אַז זי האָט איצט רעדע־פרייהייט און לאַך־פריי־הייט און שמייכל־פרייהייט און געזאַנג־פרייהייט; אַז זי מעג איצט זינגען איכה מיטן ניגון פון שיר־השירים און האַלטן הויך דעם קאָפּ בשעת זי זינגט; אַז זי מעג אַרומשפּרינגען אומעטום אין הויז, דאָס הייסט —

אָ, וואונדער איבער וואונדער:

איז דאָס ניט אַ וואונדער?

אַז די טיר פון דעם זאַל, די פאַרבאָטענע טיר פון דעם גרויסן זאַל, איז ענדלאַך פאַר איר אָפן, אָפן און פריי...

מען זאָגט אייך אָן, אַז די שטיף־מאַמע איז אויס קאָזאַק, אַז איר ממשלת הזדון איז צו ענד, אַז זי קען ניט מער וואַיעווען איבער דעם הויזגעזינד, אַז דער האָס קרוישקעט זיך אַרויס און די ליבע קרוישקעט זיך אַריין, און פאַר דער שטיף־טאָכטער עפנט זיך אַ פרייערע, ריינערע צוקונפט.

דאָס אַלץ זאָגט מען אייך אָן, און איר שפּרינגט פון הויט פאַר לויטער שמחה, אָבער... אין דעמזועלביקן אָטעם־צוג דער־ציילט מען אייך, אַז אַ באַנדע פון ווילדע ברואים, צוויי־פיסיקע חיות, וועלכע זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון די אייזערנע שטייגן — שטייגן, וועלכע זיינען צעפּלאַצט און צעטראָגן געוואָרן דורך דעמ־זעלביקן וואולקאַן־אויסברוך, וואָס האָט צעטראָגן און געשטירצט די אָסטראָגן, די קאַזעמאַטן, די דירות פון די פרייהייטס־העלדן, זייערע איינגע, שרעקלאַכע דירות פון צענדליקער יאָרן, — בקיצור,

מען זאָגט אייך אָן, אַז די דאָזיקע ווילדע, בלוט־דורשטיקע חיות זיינען באַפאַלן די נאַר־וואָס פריי־געוואָרענע, מענטש־געוואָרענע טאָכטער אייערע דאָרטן אין דער היים — און עס גיסט זיך בלוט, ווי וואַסער.

און אייער פרייד מיט אייער לייד שטויסן זיך אין אייער ברוסט, ווי יעקב און עשו אין רבקה'ס לייב, און די יללה מיט דעם יובל־געזאַנג ווערן צעמישט אין איין זיס־זויערן, לוסטיק־שווידער־האַפטן אויסברוך פון צווייערליי טענער... אַ כשר טאַנץ און אַ טויטן־מאַרש געשפּילט צוזאַמען — אַקאָמפּאַנירט אין דער נאַכט אַרום אייך פון אַ נאַכטיגאַל מיט אַ בת־היענה...

היינט פאַרשטייט איר שוין, אַז איר קענט דאָס ניט פאַר־שטיין? אַז איך שרייב היינט ניט פאַר קיין אַנדערן ווי זיך אַליין, ווייל מען קען דאָס אָן אַנדערן ניט דערקלערן? אַז דערפאַר האָט איר ניט געדאַרפט לייענען ווייטער ווי די ערשטע שורה?

גוט... איצט לאָמיך אייך איבערגעבן אַ שטיקעלע געשפּרעך, וועלכן איך האָב נעכטן געהאַט מיט מיין אייניקל: אפשר וועט איר דאָס פאַרשטיין.

* * *

מיר זיינען געגאַנגען שפּאַצירן פרי אין אָוונט: ער און איך.

ער האָט געשוויגן, איך האָב געשוויגן. אין זיין האַרצן, אַזוי ווי אין מיינעם, איז געווען אַזוי פיל פון שמחה און פון טרויער, אַז מיר האָבן ניט געקענט ריידן.

און אַרום אונז זיינען געווען גרויסע מאַסן מענטשן, וועלכע האָבן, משמעות, גאָר נישט געוואָלט וויסן ניט פון אונזער פריי־הייטס יום־טוב, ניט פון אונזער נייעם חורבן־טרויער; מענטשן, באַשעפטיקט מיט אַנדערע זאַכן; מענטשן, באַשעפטיקט מיט זיך, וואָס ווילן ניט וויסן ניט פון גלות, ניט פון דער גאולה, ניט פון דער שקלאַפעריי, ניט פון דער אַרבעטער־דערלייזונג; מענטשן, וועלכע גייען האַסטיק מיט דאַמף, האַסטיק פאַרוואָרטס, האַסטיק צו זייער ציל צו, האַסטיק ווי דער אויטאָמאָביל, וואָס לויפט איצט פאַרביי,

וואָס פליט פּילייכט צו זיין אייגענעם שטורעם, איבערלאָזנדיק הינ־
טער זיך דעם געדוך פון זייער ענגאָאיזם, פון זייער טרייב־קראַפט.
און איך זאָג צו מיין אייניקל:

„זעסט, מיין קינד, אַט־די מענטשן קען מען לייכט פאַרשטיין,
ווייל זיי האָבן נאָר איין זאַך פ א ר ז י ך, איין געפיל א י ן
ז י ך, איין לעבן ה י נ ט ע ר ז י ך.

„פאַר אונזערע אויגן אָבער שטייט א דערשיינונג, וועלכע
האָט צ ו ו י י פּנים׳ער מיט א טריאומפירנדיקן שמייכל אויף
איין פּנים און א שווארצן שלייער אויף דעם אנדערן. דאָס קענען
די מענטשן אין גאַס ניט פאַרשטיין און דאָס קענסטו זיי ניט דער־
קלערן.

„ווער וואָלט דאָס מיט א קורצער צייט זיך געקענט פאָר־
שטעלן?

„אָט איז די דערנער־קרוין פאַרשוואונדן פון פרייהייט׳ס קאָפּ
און איר אָרט פאַרנעמט א זיג־קראַנץ.

„אָט איז פּאָביעדאָנאָסצעוו — ער, דער אבי־אבות הטומאה,
דער מענטשנענלאַכער קנוט, דער שטן־מקטרג פון יעדער פריי־
הייטס־ליבנדיקער נאַציאָנאַליטעט — אָט איז ער ארויס פון דער
רעגירונג, און ווי ער גייט ארויס, אזוי עפענען זיך די טירן פון פראָ־
לענקאָ׳ס קבר, פון טויזנטער קברים פון אנדערע לעבעדיק־באַגראָ־
בענע.

„אָט זעסטו, פּאַקט זיך איין ניקאָלאַי דער צווייטער, דער
ווילנלאָזער, וויסנלאָזער, כמעט קאָפּלאָזער ניקאָלאַי—ער, וועלכער
וואָלט וועלן זיין אזא טיראַן ווי זיין עלטער־זיידע ניקאָלאַי דער ער־
שטער און האָט דערצו ניט קיין כוח, ניט קיין מוח און ניט „די
אַלטע גוטע צייטן“, — אָט, זאָג איך, פּאַקט ער זיך איין צו אַנט־
לויפן פון רוסלאַנד און ווי ער פּאַקט זיך איין, קומט צוריק אהיים
די העלדישע וויערא זאַסוליטש.

„אָט, בקיצור, מאַרשירט אריין די פרייהייט אין רוסלאַנד, און
עס מאַרשירט ארויס די טיראַניי און ביידע שווימען אריבער א

רויטן טייך פון אומשולדיק אידיש בלוט—די ארויסצוגיין, יענע אריינצוקומען.

„דו, ווייגסט, מיין קינד, דו ווייגסט, איך ווייס, אי פאר וואויל־טאָג, אי פאר ווייטאָג אָבער...“

— „זיידע, איך ווייס ניט, וואָס מיין געוויין באטייט, אָבער עפּעס עס...“

„יע, יע, מיין קינד, עס...“

— „זינגט זיך... און עס קלאָגט זיך... און וואָס עס ווילט זיך, ווייס איך ניט“.

* * *

קיינער וועט ניט פארשטיין ניט אים, ניט מיך, אומזיסט גע־שרייבן, אומזיסט געלייענט. נאָר אויפן הארצן איז געוואָרן אביסעלע לייכטער.



## אַ הקדמה צו אַ קלאָרער משוגעת.*)

די, וואָס קענען אים פון קינדווייז-אָן, ווייסן, אַז ער האָט אי־מער געהאַט אַ־די טבע פון פרעגן קשיות, פון וועלן ויסן, דער־גיין, אַריינקריכן, זיך גריבלען, נעגענען, איבערקלערן, איבערפרעגן, בלייבן שטיין ביי אַן ענטפער אַזוי אומצופרידן, אומבאַפרידיקט, אַ שטייגער ווי דער הונגעריקער פוקס ביי דער קולקע שטרוי, ווען ער איז אויסן געווען ניט דאָס, נאָר עפּעס אַ שטיקעלע פליישיקס... אַ פוקס איז ניט קיין וועגעטעריאַנער... ער וועט דאָס ווערן, ווען פוקסנבראַטנס און פוקסנקאָטלעטן וועלן אַרויפקומען אויף די צוואַנציק־סענטיקע שפּייז־קאַרטן פון די דאָקטאָר־פריינטלאַכע, אַפּטייקן־באַשיצנדיקע פּאָפּולערע רעסטאָראַנען פון ציוויליזירטע מדינות... אָה, יאָ, אַ פוקס איז ניט קיין וועגעטעריאַנער כּל־זמן מען עסט אָקסן־פלייש און ניט קיין פוקסנפלייש, אַ מאַמין אין צער בעל־החיים וועט ער ווערן, ווען דער חלף וועט דערגיין ביז ז י י ן האַלז, אַ שטייגער ווי אַ היגער צייטונגס־שרייבער קען זיך פאַרגינען צו מאַכן אַ ליאַרם געגן די מענטשן־פאַרגיפטער (פונם פליישׁ־טראָסט) כּל־זמן די פאַרגיפטונג איז אַ קערפּער־פאַרגיפטונג און ניט אַ האַרץ־און־פאַרשטאַנד־פאַרגיפטונג דורך... לאָמיך זאָגן, אינגע־וויניק פאַרפוילטע און פון אויבן צוגעפּאַרבענע לייט- (אַמאָל: לאַנד־און־לייט) אַרטיקלען און אַרטיקעלאַך...

נאָר וואו האַלט איך? ווי קום איך צו וועגעטעריאַנער? אפשר. מחשבות'ן! איר מעגט עסן כּן־עשה־הלל סענדוויטשעס אין קוויק־לאַנטש רעסטאָראַנען, צי דאָס פלייש איז נאַטירלאַך־רויט, אָדער געפאַרבט, מחמת אַ דאָקטאָר, אַ גוטער פריינט מיינער (מיר לאָזן

---

*) „וואַרהייט“, 9טן יוני 1906.

איינער דעם אנדערן לעבן, איבערהויפט ער מיך) האט דעם עסק אונטערזוכט און אויסגעפונען, אז דינינקע פענעצלאך פלייש גייען 2893 אין א פונט און דער סם אין זיי ווערט בטל בששים רבוא, א שטייגער ווי דאס הארעלע שכל אין א 64-זייטיגער זונטיק־צייטונג: איז ניט, איז, הייסט עס, בשום אופן ניט שעדלאך... איך בין ניט ערב פאר דער כשרות פון די דאזיקע סענדוויטשעס (אמעריקאנער רבנים פארענען צופיל ארום די באינעס...) אבער דעם מאגן קען מען פון זיי ניט פארדארבן: ניטא מיט וואס... איר מעגט, אלזא, עסן, וואס מען זאל ניט זאגן וועגן דעם פלייש, אין דעם פלייש און וועגן זייער קאליר... אז מען זאל אלץ וועלן איבערקלערן, און איבערטראכטן, און בודק'ן, און אויספרעגן, און איבערפרעגן, ווי מיין אייניקל... אה! אט־איז וואו איך האלט!

כסדר אזוי: די, וואס קענען אים, ווייסן, אז ער, מיין אייניקל, האט פון קינדערווייז אן געהאט א טבע צו פרעגן קשיות און בלייבן ביי די קשיות, ווי ביי דער הידרא ביי לערנא פלעגן אין די אלטע צייטן אויסוואקסן צוויי נייע קעפ אויף דעם ארט פון איין אראפגעהאקטן (די הידרא האט געהאט א סך קעפ, ווי א קהל'שער ביזנעס), אדער ווי דאס פאסירט נאכאנאנד אין דער רוסישער רעוואלוציע, מער ניט ביי איר וואקסן אויס אויף דעם ארט פון איין אפגעהאקטן קאפ הונדערטער, טויזנטער קעפ...

איז האט מיין אייניקל א טבע צו פרעגן קשיות און בעת מיר האבן זיך דורכגערעדט וועגן איבסען'ען און איך האב אים דערקלערט ווי אזוי און ווען איבסען איז געבוירן געווארן, און ווי אזוי און ווען ער איז געשטארבן, און וואס ער האט אויפגעטאן, ובמה כוחו גדול, האט ער מיך געפרעגט, וואס דאס מאכט אויס, צי איך רוף זיי לעבן און טויט אזוי אדער אנדערש.

נארעלע, האב איך געזאגט... מחשבות'ן, נארעלע איז א גוטער אנהויב, ווייל דערמיט שטעלט איר זיך פיל העכער ווי אייער צוהערער... ער זעט אייער גרויע בארד און די קלוגע קנייטשן אויף אייער פנים און די חכמה אין די אויגן אייערע, הינטער די שפאקולן, און קלערט ביי זיך, אז ער אליין איז אפשר ניט אזא נארעלע,

ווי איר מיינט... ער וועט דאָס טאַקע באַלד באַווייזן, אָבער איר זענט פאָרט גרעסער פאַר אים, וואָרים ווען ניט וואָלט איר ניט אַסמיִלעווען זיך מיט אים אַזוי צו ריידן!

אַלזאָ, נאַרעלע, זאָג איך... ניט צו פאַרגעסן! אַט זעט איר, ווען איר הויבט אָן צו זאָגן אַנשטאָט נאַרעלע — נאַר, קען די מעשה ווערן פּאַסקודנע. נאַרעלע — דאָס איז מאַמע-לשון, דאָס הייסט, נאַר איינגעמאַכט אין צוקער און אין האָניק, דאָס איז די ווערים־קרויט אין אַ צוקערקע, וועלכע דער פּאַציענט נעמט איין לייכטער און קרימט זיך דערביי ווייניקער. דאָס שלינגט מען אי לייכטער אַראָפּ, אי... נאַר לאָז זיין.

נאַרעלע, האָב איך געזאָגט צו אים, עס איז אַ נפקא־מינה, ווי און וואָס מען רופט אַ זאַך.

מען זאָגט: פלוני איז דאָס און יענעס. אָבער דער דאָזיקער פלוני איז געווען אין פאַרשידענע פאַרהעלטעניש און אין פאַר־שידענע צייטן אַמאָל אַזוי, אַמאָל אַנדערש. ווען פלוני איז געווען אַ קינד, איז פאַר אים געווען אַ חכמה, ווען ער האָט געמאַכט אַ פייג אונטער אַ דעכעלע, אָדער אַ נאָז מיט צען פינגער פאַרן רבי'ן. היינט, ווען ער קריגט געשמיסן און מאַכט נאָך אַלץ דעם זעלביקן נאָז מיט אַ פייג, איז ער אַ פּרייסישער נאַציאָנאַל־ליבעראַל מיט דער נשמה פון אַ פאַרצייטיקן ווענזענגאַלער קונדס... איך זאָג בכיוון „אַ פאַר־צייטיקן", מחמת היינט זעט אפילו דער ווענזענגאַלער קונדס אויס אַנדערש ווי אַמאָל, און ווען דער פּרייסישער נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פּאָליטיקער וואָלט געהאַט די נשמה פון דעם דאָזיקן קונדס, וואָלט ער אויסגעזעען מער מענטש און פּרייסן — ווייניקער פּרייסיש... וואָלט ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אַ... ווי רופט מען זיי היינט אין דער ליטאַ, אין פּוילן און אין זאַמוט? אַ בונדיסט, אַ בחור, וואָס האָט צוויי פליגלען: איינעם פאַר זיין קלאַס אַלס אַרבעטער, און דעם אַנדערן פאַר זיין פאָלק אַלס איד; איינעם צו אַרויפ־שטייגן אויף דער העכסטער מדרגה פון ענטוזיאַזם אין דעם קאַמף, און דעם אַנדערן צום שוץ פאַר זיינע געקישינעוועטע, אונטערדריק־טע, דערנידריקטע און געשונדעטע ברידער און שוועסטער.

מען זאָגט „רוסלאַנד". מען דאַרף זאָגן וועלכע רוסלאַנד, די רוסלאַנד פון אַמאָל אָדער היינט, ווייל עס איז דאָ א נפקא־מינה אפילו צווישן דער רוסלאַנד פון פאַר־אכט־טאָגן און היינט.

אָט, זעסטו, דאָ אין אַלמער ספרים... אהאַ! א גאַסט... ווען דער עולם פילט, אַז איך טאָר ניט מפסיק זיין, ווילט זיך יעדערן מיך שטערן... נאָך דעם וואונדערט מען זיך, וואָס ביי מיר זיינען צע־שלאָגן די געדאַנקען... געדאַנקען זיינען ניט קיין סמעטאַנקע: זיי ווערן ניט סאָלידער און געדיכטער וואָס מער מען צעשלאָגט זיי; זיי ווערן שיטערער, „צערשטרייט" ווי א פאַנאַנדערגעטריבענע סטייע פויגעלאַך, ווי דער כל ישראל חברים, ווען ער גייט ארויס פון שול און שטעלט זיך אָפּ ביים אויקציאָנס־טאָרג...

— וואָס ווילט איר, ר' קרוב? — פרעג איך.

„הע, הע! אָט זע איך, הייסט עס, איר שרייבט... שרייבט איר?"

— נו, איז וואָס?

„ווי הייסט וואָס? די מוזע אייערע קלער איך, זי ארבעט... זי שאַפט, זי..."

— זי גאָרנישט. דאָ אין אמעריקאַ; דאָ שאַפט ניט די מוזע, דאָ שאַפט דער מוז... אַנאַנדערשמאָל מער באריכות... היינט האָט אייך א גוטן, פעטער... היינט שרייב איך און, ווי איך זאָג אייך, דאָ שאַפט דער מוז. א גוטן, א גוטן.

דער גאַסט איז אַוועק. ער... מחשבות'ן, א גאַסט, ווי ער זאָל אייך ניט שטערן, איז פאָרט א פריינט: דער גאַסט גייט אַוועק. נאָך א מעלה האָט א גאַסט, ער בעט ניט קיין גמילת־חסד, ער קומט נאָר זען, און וועלכן פרט ער קען אייך שפּעטער באריידן.

ער איז אָבער אַוועק ניט אליין. בעת ער האָט מיך גע־שטערט, איז מיין אייניקל אויך ניט געוואָרן, און איך האָב זיך אויסגעצווינגן אויף מיין לען־שטול.... „ארם־טשער", רופט מען עס דאָ... מחשבות'ן, אַרים און אַרים — אי דאָס וואָס מען שטרעקט אויס אין קאַמף, אי דאָס וואָס איז אייביק אונטערדריקט; אַרים, אויף וואָס מען שפּאַרט זיך אָן, און אַרים, וואָס מען פאַראַכטעט.

אָרים, הייסט עס, די זרוע נטויה געגן פּרעה און זיינע שרי־מסים און אָרים — דער דלות, איבער וועלכן זיי וואָיעווען...

נאָך וואָס: מען האָט אונז געזאָגט אין דער גמרא אָדער אין מדרש (פּרעגט אַ למדן — אַ גרינעם), אַז די גאולה וועט ניט קומען, וואו עס וועט ניט אויסגיין די לעצטע פּרוטה פון קעשענע. הייסט עס, אַז עס וועט זיך ניט אויפהויבן דער מעכטיקער אָרעם, וואו דאָס פאָלק וועט ניט ווערן אָרים אויף דעם העכסטן גראַד! היתכן? דאָס איז דאָך כמעט דאָס זעלביקע, וואָס אונזער אמאָליקער „וואָס ערגער איז בעסער".

נאָר ניט דאָס אַלץ בין איך אויסן.

האָב אייך געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי איך האָב, ריידנדיג וועגן רוסלאַנד פון אַמאָל און היינט, זיך פאַרקוקט אויף מיין אַל־מער ספרים און וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען.

נאָר וועגן דעם אין אַ באַזונדער קאַפּיטל.



## דער אלמער און דער עלמערל*)

ווען איך זאָג: אַז איך האָב זיך פאַרקוקט אויף מיין אַלמער ספרים... מחשבות'ן! אַן אַלמער.. נאָר לאָז זיין: היינט מוז גערעדט ווערן מיט אַ טאָלק, היינט טאָר איך זיך ניט פארדרייען, ניט פאַרקריכן אַן אַ זייט, חלילה, עפּעס אַזוי ווי אַ היגער פּאָליטי־קער פאַר די וואַלן, וואָס פּאָרט אַרוים מיט אַ ליבעס־דערקלערונג דירעקט צו אייער פול הארץ און פאַרקירוועט זיך ערגיץ צו אַ פולער קעשענע... נאָר לאָז זיין: היינט מוז איך זיך האַלטן ביים ענין— ווי די פּיאַוקע זאָגט, ווען זי זעצט זיך אַוועק ברייטלאַך, מעשה טעמעני, אויף אַ פול־בלוטיקן קערפּער... היינט מוז גערעדט ווערן סקלאַדנע, ווייל איך האָב אייך פאַר־אכט־טאָגן שבת געזאָגט, איר זאַלט זיך סטאַרעווען צו דערלעבן מיין היינטיקע מעשה און טאָמער טויג זי ניט איז דאָך.... הייסט עס... אַן עברה וואָס' איר האָט גע־לעבט... על־כן, דאַרף מען היינט ריידן קלאָרע דיבורים, קלאָר ווי דער קצב מיט דער ווייבל אין דער יאַטקע, ערב יום־טוב, ווען איר קונדשאַפט איז רעכט יאָ און רעכט ניין, און דאָ וואַרטן רייכע באַ־לעבאָסטעס מיט העלז פּערל, מיט דימענטענע אוירינגלאַך, מיט דינסטן אין דער היים, מיט מאַנען וואָס באַשעפּטיקן אַ סך הענט, גוטע הענט, הענט, וועלכע ווערן קיינמאָל ניט קולאַקעס, צונויפגע־בויגן, קיינמאָל ניט פּעטש־געבער, אויסגעצויגן, קיינמאָל ניט קיין שום אַנדער זאַך ווי די דאָזיקע הענט, וועלכע דער פאַבריק־אינ־ספּעקטאָר — גוט באַצאָלט פאַרן ניט קוקן וואו מען דאַרף ניט — באַזינגט בזה הלשון:

*) „וואַרהייט“, 16טן יוני 1906.

„די הענט, אַך, די הענט,
די אַרבעטער הענט,
די טייערע הענט,
די טייערע — וואָלוועלע הענט!
פון זיי קומט די רענט,
פון זיי — די פּראָצענט,
דער דאַך מיט די ווענט,
און געלט, ווען די „פּראָפּערטקע" ברענט!"

הגם זינגען איז דאָך ניט זיין עובדא: אַ גוטער משגיח איבער פאַבריקן דאַרף אפילו ניט ריידן; אויף דערויף זיינען דאָ אַגיטאַטאָרס, בעוונותינו הרבים, גאָט פאַרלאָזט ניט.

הייסט עס, ווען איך זאָג אייך: איך האָב זיך פאַרקוקט אויף מיין אַלמער ספרים, איך מיין דערמיט מיין אַלמער רוסישע ספרים. ווער וואָלט דאָס אין מינסק געגלויבט, אז איך בין אין „גלות" געוואָרן אַ גאַנצער רוסאַק?... און... יע, ווען איך זאָג: „גלות", מיין איך דעם גלות רוסיא, ווייל פון ארץ ישראל בין איך פאַרטריבן געוואָרן איידער איך בין אָנגעקומען אויף דער ווייסער וועלט: איך ווייס פון דעם אַלטן גלות, אָבער דעם רוסישן פּ י ל איך... אָבער איך טאָר זיך הייגט ניט פאַרקירוועט ניט רעכטס ניט לינקס, ווייל עס איז וויכטיק, אז איך זאָל אייך דערציילן דאָס, וואָס איך האָב אייך פאַר אַכט־טאָגן צוגעזאָגט... נאָר ווענן די ספרים בעט זיך אַ באַמערקונג:

דאָ אין אַמעריקאַ איז מען אַזוי פאַרטאָן מיטן „מאַכן אַ לעבן"... אין דער ליטאַ פלעגט מען אַמאָל מיינען, אז אַ לעבן — מאַכט נאָר דער כביכול, דער רבונו של עולם... סיי דאָס לעבן, סיי דעם טויט... אָן הילף, אָן אַ באַהעלפער, מיין איך... דאָ קענט איר ניט—ניט געבוירן ווערן, ניט שטאַרבן, וואו אַ דאָקטאָר קומט דעם אויבערשטן ניט צו־הילף... דאָ, אין אַמעריקאַ, זאָג איך, איז מען אַזוי פאַרטאָן... ביזי רופט מען דאָס דאָ... ביזי קומט געוויס פון „לבוז בז" (בודלען אַ בודל) אָדער דירעקט פון „ביזה", אַ רויב, ווייל דאָס וואָס דאָ רופט מען „ביזי", הייסט האָבן ניט אַזוי שטאַרק וואָס

צו טאָן ווי אימיצן אָפּצוטאָן... איז דאָ אין אמעריקא איז מען שוין אזוי פארטאָן, אז מען האלט שוין אין דעם פּרט פון ספרים ביי דער פינפטער מדרגה, דאָס הייסט, ביים פארקוקן זיך אויף דעם אלמער, מחמת ארייגקוקן אהין איז די פערטע מדרגה, ארייגקוקן אין א ספר — די דריטע, לעזן א ספר — די צווייטע און לערנען — די ערשטע...

נאָר ניט דאָס איז די באמערקונג, וועלכע בעט זיך דאָ. דאָס איז נאָר די הקדמה דערצו: די פרומע גלויבן, אז אונזער גאנץ לעבן איז ניט מער ווי א הקדמה צו לעבן אין דעם עולם שכולו טוב, אין יענער וועלט, וועלכע איז, הייסט דאָס, לויטער גוט, אינגאנצן גוט, מיטן גהינום מיט די שמיץ, מיט אלץ מיט אנאנדער. מער ניט, וואָס ווייטער איז ווייסט מען ניט: די הקדמה קריכט מען ווי־עס־איז דורך, ווער מיט שפּאקולן (פון בבל אָדער פון נצרת, אָדער מעקקא, אָדער אנדערע שפּאקולן־עקספּאָרט־פּלעצער), ווער אָן שפּאקולן, און ווי מען קומט צום ספר גופא, גפינט מען, אז ער איז א בוך מיט זיבן זיגלען: דאָס הייסט, פארמאכט, פארשלאָסן, אומבאגרייפלאך ווי משה רבינו'ס קבורה און יעזוס קריסטוס'עס געבורט.

אָט איז וואָס מיר ווילט זיך אויספירן: בשעת איך האָב זיך פארקוקט אויף דעם אלטן אלמער ספרים, האָט זיך מיר אפגעדוכט, אז זיי, די ביכער, זיינען היינט פונקט דאָס זעלביקע וואָס מיר אליין... מאנכע פון אונז: זיי וואוינען אין אמעריקא און לעבן אין רוסלאנד—פונקט ווי מיר... סיי זיי, סיי מיר האָבן נאָר א דירה פאר אונזער גוף, אָבער אונזער נשמה איז פון יענער זייט ים, דאָרטן וואו א נייע וועלט ווערט איצט געבוירן, די וועלט, אויף וועלכער מיר האָבן געהאָפט און געוואַרט אל די יאָרן.

און מיט די אוינן אראָפּגעלאָזט טיף אין דעם אלמער, זיץ איך און טראכט, און טראכט, און טראכט, און ביסלאכווייז הויבט אָן מיין מוח צו ווערן מבולבל, און מיין ראיה צו ווערן מטושטש, און איך שפּאר זיך אָפּ אָן מיין לענשטול, מיין רוקן געגן זיין רוקן, — ווי ניקאָלאַי שפּארט זיך היינט אָפּ אָן דער דומא.. רוקן־צו־רוקן,

ווי פּנים־אל־פּנים האָט ער מורא זיך מיט איר צו זען, — און מיט אמאָל דוכט זיך מיר, אז דער אַלמער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגן ווי אמאָל דער בית־המדרש פאַר די עולי־לרגל, און איז געוואָרן ברייט און גרויס און ליכטיק... עפּעס אזוי ווי וויליאַם מאָריס'עס הארץ און... נאָר לאָמיך דאָ מאַכן אַן אָפּשטעל... די זעצער האָבן האָלד אַן אָפּשטעל: ביי זיי איז אַ פּוסטע שורה די בעסטע שורה (ווי געוויסע אַרטיקלען פון אַ געוויסן שרייבער), ווייל די פּוסט־קייט פאַרשפּאָרט אַרבעט און באַצאָלט פּונקט ווי די פולקייט: איך האַלט מיט די זעצער און דאָס פאַרהיט מיין פילאָזאָפיע פון גרייזן. מחשבות'ן! איך האַלט מיט זיי, ווען זיי אַליין מאַכן אַן אָפּשטעל... אין דער אַרבעט: אויך צוליב דער מורא פאַר גרייזן. ווי אַלט איך בין, אַזוי ביטרע בין איך... הייסט עס, מיר מאַכן דאָ אַן אָפּ־שטעל.



און עס קומט אַרויס פון דעם מורא'דיק אויסגעוואַקסענעם אַלמער אַ בוך, וואָס נעמט מיט אמאָל אָן די געשטאַלט פון אַ גלאָק, מיט אַ וואונדערבאַרן צונג אינעווייניק און ביסלאַכווייז הויבט ער זיך אויף און איך דערזע אונטער אים אַ פּאָר מענטשלאַכע פּיס. דער צונג ציט זיך צונויף, און אויף אים וואַקסט אויס אַ קאָפּ, יע, אַ קאָפּ אויף דעם אָרט, וואו עס איז פריער געווען דער רינג, אויף וועלכן מען וואָלט אים געהאַנגען. און מיט אמאָל שטייט אויף דעם גלאָק'ס אָרט אַ מאַן מיט אַ פיין־געוועלבטן שטערן, מיט אַ שאַרפן בליק, מיט אַ געוואַלדיקן ווילן אויסגעקריצט איבער זיין גאַנצן פּנים....

איך ווער נשתומם. דער גלאָק — דאָס איז דער אַמאָליקער „קאָלאָקאָל" פון לאָנדאָן, דער רוסישער „קאָלאָקאָל", און ער האָט זיך פאַרוואַנדלט פון אַ בוך אין אַ גלאָק און דערפון אין אַ מענטשן, צוריק אין דעם מאַן, וואָס האָט דעם גלאָק געגאָסן און געמאַכט און האָט מיט אים אויפגעוועקט אַ וועלט.

„איר זענט...?" — פרעג איך.

— אלכסנדר הערצען, המכונה איסקאנדער, — ענטפערט ער און רעדט ווייטער און זאָגט: — עס איז איצט אָבער פופציק יאָר זינט איך האָב אָנגעהויבן צו קלינגען אין מיין פרייען „קאָלאָקאָל“, צו וועקן די האלב-טויטע; צו רופן די אויפגעוואכטע צו די וואפן און די באוואפנטע צום קאַמף, און די קעמפער צו קומען צו מיר, און דאַן מיך נעמען צו זיך. און מיין קול, האָט זיך מיר צייטנווייז געדאכט, איז געבליבן אַ קול, וואָס שרייט אין דער וויסטעניש, און איך בין געשטאָרבן אין דער פרעמד און מיין פאָטערלאנד איז גע- בליבן אַ געביידע, וואָס איז אמאָל אַ וואפן-ארסענאל, אמאָל אַ טורמע, אמאָל אַ סטאדאָלע... און היינט! היינט קלינגען נייע „קאָלאָקאָלס“, וועלכע דארפן שוין ניט הענגען אין לאָנדאָן, אָדער גענף. היינט איז דאָ קלינג-פרייהייט, און אין פעטערסבורג אַ מין פארלאמענט, און אין פארלאמענט אזעלכע רעוואָלוציאָנערע מענטשן, וועלכע מען האָט, צו מיין צייט, נאָר געזעען אויף יענער זייט גרעניץ. „פיל פעלט נאָך, אָבער אַ סך איז שוין דערגרייכט“. און ווי ער האָט גערעדט איז זיין פנים באלויכטן געוואָרן... און דאָ לעבן אים זיינען געשטאנען אנדערע; ארויסגעקומען פון אלמער. איך האָב דערקענט דעם העסלאך-שיינעם דאָבראָליובאָוו און דעם גרויסן מארטירער טשערנישעווסקי און דעם ביטער-זיסן שטשעדרין און דעם אלטן בעלינסקי און הונדערטער אנדערע.

עס האָט זיך געבילדעט אַ כאָר, און צענדליקער שטימען, זיך צונויפגיסנדיק אין איינער, האָבן גענומען זינגען אַ נייע טריאומף- ליד, און ווען דאָס געזאנג איז געווען צו ענד, האָט אַ הורראָה- געשריי געמאכט ציטערן דאָס צימער:

„עס לעבע די רוסישע פרייהייט!“

— וואַרט אַ ווייַלינקע! — האָט דאָ ארייננגערעדט אַ שוואַכ- לאכע שטימע.

דאָס האָט זיך געעפנט לעבן זיי אַן עלמערל. פון דאָרטן איז ארויס אַ באקאנטער, פארטרויערטער פנים.

„שלום עליכם, ר' יצחק!“

איך האָב דערקענט דעם סאַטיריקער, יצחק ערטער. ער אָבער האָט זיך געווענדט צו די גרויסע רוסן:

— וואַרט א ווײַלינקע! — מאַכט ער. — און מכות קוילענען אידן, איז דאָס שוין געענדיקט? נאָך קישינעוו איז געווען אדעס, און וואָס נאָך אדעס?

דער פאַנאַנדערגעצויגענער אַלמער האָט זיך געעפנט, די רוסן זײַנען צוריק אוועק צו זייער רו, צוריק ספרים, טאַקע ביכער, וואָס וואוינען אין אמעריקאַ און לעבן אין רוסלאַנד, אָבער ביכער.

---

היינט אינדערפרי איז פאַר מיין בעט ווידער געשטאַנען יצחק ערטער מיט זיין סאַטירישן פּנים. ער האָט ווידער געפרעגט:

„נאָך קישינעוו — אדעס, און וואָס נאָך אדעס?“

— ביאַליסטאָק! — האָב איך אַ זיפץ געטאָן.

דאָס האָט זיך ארויסגעריסן ווי מיט אַ שטיק הארץ. אָבער ערטער איז פארשוואונדן.

טייער קאָסט דעם אידן זיין ביסעלע פרייהייט.



# געבאָרענע מבינים*)

אָ, יאָ, זיי זיינען געבוירענע מבינים... די אַלטע ליטיינער פלעגן זאָגן, אַז פּאָעטן ווערן ניט געמאַכט, זיי ווערן געבוירן... היינ־טיקע סאָציאַליסטן ווילן האָבן, אַז רעוואָלוציאָנערן זיינען אויך אַזוי... ווען מ'רעדט אוים די ווערטער „מאַכן אַ רעוואָלוציע", גייט די היינטיקע סאָציאַליסטן אַריבער אַ סקרוך איבערן לייב. ביי זיי איז די פּאַריזער קאָמונע, למשל, אפשר טאַקע ניט געבוירן געוואָרן, אָבער זי איז אויך ניט געמאַכט געוואָרן — זי איז „פּאָרגעקומען"; אַלע רעוואָלוציעס זיינען ביי זיי פּאָרגעקומען, יאָ, פּאָרגעקומען און אין דער וועלט־געשיכטע אַריינגעקומען, און זיינען אָן מאַכערס אויסגעקומען, מער נישט — מענטשן זיינען אין זיי אומגעקומען, אַנדערע זיינען שטאַרק אָפּגעקומען, ווידער אַנדערע קוים מיטן לעבן אַרויסגעקומען עפּעס על־פּי סיבה, ווייל דער גאַנצער עסק איז נאָר פּאָרגעקומען און טאַקע פּאָרגעקומען, דאָס הייסט, ניט— ווי מאָדעס—אויפגעקומען; ניט—ווי ציגיינער—אָנגעקומען; ניט —ווי רעוויזאָרן—אונטערגעקומען; נאָר, אָט־ווי מען זאָגט אייך, פּאָרגעקומען, עמיצן בייגעקומען און אַ סוף.

איז... ווענן וואָס רעד איך? יע, פּאָעטן ווערן געבוירן און ניט געמאַכט. דאָסגלייכן מבינים, דאָסגלייכן געקרייזלטע האָר, דאָסגלייכן... מחשבות'ן! בלאָנדע האָר ווערט דאָ יאָ געמאַכט. דער וואויל־טאָג מאַכט עס, ווי דער ווייטאָג מאַכט די גרויע האָר...

נאָך אַמאָל: מבינים, ווי פּאָעטן און געקרייזלטע האָר, ווערן געבוירן און ניט געמאַכט; דאָסגלייכן שדכנים, ישיבה־בחורים, אמת'ע גליקלאַכע נאַרן, היימישע צירולניקעס און היגע לעבנס־

*) „וואַרהייט", 30טן יוני 1906.

פּאַרזיכערונגס אגענטן, — אין אמאָליקע צייטן זאָגאר דאָקטוירים.

הייסט עס, מבינים ווערן געבוירן, איבערהויפּט דאָ, אין דער פרייער מדינה, איבערהויפּט אין ניו-יאָרק, איבערהויפּט אין די קאַפע-סאַלונס... אזוי רופט מען דאָ די ערטער, וואו מען טרינקט דאָ כמעט נאָכאנאנד טיי... דאָ, דאָס הייסט, אין דעם אידישע קוואַרטאַל; אין די אנדערע ניו-יאָרקער קוואַרטאַלן רופט מען „קאַ־פע" אן אָרט, וואו מען טרינקט וויין, ביר, וויסקי און אלע אנדערע משקאות — אלץ, חוץ קאַפע...

איז די מבינים אונזערע זיינען ניט געמאַכטע, נאָר טאַקע גע־בוירענע. דערפאַר דאַרפן זיי ניט קיין בילדונג, קיין ביכער, קיין קענטעניש, קיין יאָרן, קיין דערפאַרונג, קיין איבריקנס פיל שכל, קיין שאַרפן בליק, קיין שפּיציקן קאָפּ, קיין שום זאַך ניט.

און מבינים זיינען זיי אויף אלץ:

זיי וועלן אייך צווישן צוויי גלאָז טיי באַווייזן, ווי אזוי זיי האָבן נאָך מיט יאָרן צוריק פאַרשטאַנען, אז טאָגאָ'ס לינקע פּיאַטע איז מער ווערט ווי ראָזשדעסטווענסקי'ס גאנצער קאָפּ; זיי זיינען אין יאָקאָהאַמאַ מער ביי זיך אין דער היים, ווי זיי וואָלטן היינט זיין אין גרינקישאָק, און ווען איר הערט זיי ריידנדיק וועגן יאַפּאַ־נישע מינענאָסקעס (און טאַקע ניט וועגן מינע נאָסקע דעם קצב'ס פון גרינקישאָק) וואָלט איר מיינען, אז זיי האָבן זיך געהאָדעוועט אויף פּולווער, בליי און ניטראָ־גליצערין און אז זיי זיינען דער־שינען אויף דער וועלט עפּעס ארויסגעשאָסן פון א פּולעמיאָט.

זיי ריידן וועגן דראַמען און דראַמאַטורגען עפּעס אזוי, ווי זייער וויגעלע וואָלט געשטאַנען אויף דער בינע, און זיי וואָלטן זיך געהאָדעוועט צווישן קוליסן, און זיי וואָלטן קליינערהייט געשריען לויט ווי דער סופליאָר הייסט... אַי, זיינען זיי מבינים אויף טעאַ־טער. עס איז אמת, זיי קענען ניט אויסלייגן דעם נאָמען שעקס־פּיר, און קאַלדעראָן איז פאַר זיי פּונקט אזוי פרעמד ווי דער אבן־עזר; עס איז אמת, געטע'ס פאַוסט איז פאַר זיי אן אומפאַרשטענד־לאַכער קולאָס און שערידאַנ'ס „לשון־הרע־שול" א אידישער קאַפע־סאַלון איבערזעצט אויף ענגליש; עס איז אמת, איבסן איז פאַר

זיי אַ... איך-ווייס־ווער־איז־ער, און סטרינדבערג אַ נעלם, וואָס איז ניט צוגעשריבן צו קיין שום טעאַטראַלנע סקאַזקע; עס איז אמת, אַז זיי פאַרשטייען זיך בעסער אויף אַ סצענע, וואָס די ווייב מאַכט, ווען מען קומט שפּעט אַהיים, ווי אויף אַ סצענע אין אַ גוטער דראַ־מאַ; עס איז אמת, אַז אַן אַקט, וועלכן אַ יונגאַטש טוט אָפּ, איז פאַר זיי פאַרשטענדלאַכער, ווי אַן אַקט אין „אלישע בן־אבויה“ אָדער אין „מירעלע אפרת“, אָדער אַן אַקט אין ערגעץ אַן אַנדער דראַמאַ פון ערגעץ אַן אַנדער שרייבער; עס איז אמת, אַז דער כאָרוס אין דער אַלטער דראַמאַ איז זיי ניט אַזוי גוט באַקאַנט, ווי די מאָדערנע כאָריסטן און כאָריסטקעס, — דאָס אַלץ איז אמת, אָבער מבינים זיינען זיי דאָך, און וואָס פאַר מבינים!

זיי וועלן אייך זאָגן ווענן אַ „פּליי“ אַלץ וואָס איר ווילט וויסן און אפילו דאָס, וואָס איר ווילט ניט וויסן; זיי וועלן אייך ווייזן באותות ומופתים פאַר וואָס די און די פּיעסע האָט אויסגענומען ביים עולם און פאַר וואָס אַן אַנדערע האָט איינגענומען אַ מיתה־משונה. זיי וועלן אייך זאָגן וויפיל מאָל אַ „פּליי“ איז געשפּילט געוואָרן, וויפיל מענטשן עס זיינען יעדעס מאָל געווען אין טעאַ־טער, וויפיל טיי-טרינקערס עס זיינען געווען צווישן די דאָזיקע מענטשן, וויפיל געדרונגענע בראַווא־קלאַפּערס עס זיינען געווען צווישן די דאָזיקע טיי־טרינקערס, וויפיל מען האָט דעם מחבר גע־געבן פאַר דער פּיעסע און וויפיל איז איבערגעצאָלט געוואָרן.

זיי ווייסן, וועלכער סטאַר האָט אייגענע פּאָלקעס (אין היס־טאָרישע דראַמאַטישע אָפּערעס) און ביי וועמען די דאָזיקע פּאָל־קעס זיינען געמאַכטע... פּאָלקעס, משמעות, זיינען ניט, ווי פּאַ־עטן און מבינים, געבוירן און ניט געמאַכט; אַקטיאָרסקע ברעמען און לייבקאָליר אויך ניט... זיי מאַכט מען טאַקע צייטנווייז.

זיי ווייסן אַלץ, פאַרשטייען זיך אויף אַלץ, און ריידן אַרום אַלץ!

געבוירענע מבינים!

היינט ווער רעדט שוין אַרום שרייבער! אַרום אַרטיקל־שריי־בער, צייטונג־שרייבער!

זיי וועלן אייך זאָגן ווער, וואו, וואָס איז ווערט; זיי ווייסן די נאַטור-געשיכטע פון איינעם און די לעבנס-געשיכטע פון דעם אַנדערן און וויפיל יעדער קריגט געצאָלט, וויפיל ער פלעגט קריגן מיט אַ יאָר צוריק און וויפיל ער וועט קריגן אין אַ יאָר אַרום; זיי ווייסן אויף קלאָר ווי אַפּט עמיצער האָט איבערגעביטן זיין באָס, זיין פּרינציפּ אָדער זיין אמונה, און צי ער האָט דערפון מעות אָדער מכות.

וואָס ווייסן זיי ניט?

זיי וועלן אייך זאָגן, ווי גרויס אַ שרייבער'ס „סערקיוליישאָן" איז, וויפיל לעזער ער האָט און צי זייער צאָל שטייגט, זינקט אָדער שטייט אויף אַן אָרט.

זיי וועלן אייך אויסרעכענען און זאָגן: וואָס? ד ע ר אַר־טיקל? אויף אים זיינען דאָ הונדערט לעזער, צוויי־הונדערט, דריי־טויזנט, הונדערט-טויזנט און אַזוי ווייטער. זיי וועלן קיינמאָל ניט מאַכן קיין טעות, זיי זיינען געבוירענע מבינים, זיי שאַצן שוין צוויי־טונגען, שרייבער און צירקולאַציעס פון יאָרן, זיי דערקענען אַן אַרטיקל, וואָס נעמט דעם עולם פאַר אַ מייל, זיי דערשמעקן אַ... און אַזוי ווייטער איידער אַן אַנדערער דערזעט עס.

עס קען, נאַטירלאַך, טרעפן, אַז זיי זאָלן בלייבן שטיין ביי אַזעלכע אַלט-גריכישע ווערטער, ווי „ותמנע היתה פלגש עשו" ווי אַ האָן אין בני־אדם, אָדער „ווי די אָקסן אַם בערגע" (דאָס איז טייטש) או עס קען טרעפן, אַז זיי זאָלן ניט פאַרשטיין, זייענדיק אַמעריקאַניזירט, סיטיזנערס, יענקיס, אַן האַרקאַווי'ס ווערטער־בוך דעם טייטש פון „אַנוסטן, אַנומאָלט און דעמאָלט", און אַז זיי זאָלן אַפילו גאָרניט ווּיסן, אַז עס איז דאָ אין דער וועלט אַזאַ מין ווערטער־בוך, אַז זיי זאָלן אָבער יאָ ווּיסן, אַז דאָ „עדוועטייז" איך אַ געוויסן בוך, וואָס דערפאַר קריג איך געוויס אַ שיינע מטבעה... קיין צדיקים זיינען היינטיקע צייטן ניטאָ! געבוירענע מבינים וועט קיינער ניט פאַרמולירן, דאָס הייסט אויף זייער לשון, פאַרבלאָפן.

טרעפן קען, נאַטירלאַך, אַלץ, אָבער מבינים זיינען זיי פאָרט

און טאקע, ווארשיינלאך, דערפאר וואָס זיי זיינען פּראקטישע מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט אָנגעשטאָפּט די קעפּ מיט אַל־טע שמות און שמאטעס, מיט ביכער און זשורנאלן; וועלכע האָבן קיינמאָל ניט פארבראכט קאָסטבארע אָוונטן אויף לאנגווייליקע ביכער. טאקע אפשר דערפאר וואָס זיי פארברענגען ניט זייער צייט אויף „בעק־נאָמבערס" ווי לעסינג און בעלינסקי, ווי האז־ליט און דאָבראָליובאָוו, זיינען זיי דאָס די אמת'ע קריטיקער, די נאטור-מבינים און די פּראקטישע ליטעראטור־שאצער.

דורך זיי רעדט דאָס פאָלק; דורך זיי ווערט געשאצט, גע־וואויגן, געציילט און געאורטיילט.

דורך זיי ווערט א קונסט־ווערק אויפגעבומט און אויסגעפּייפט, איינגעוווינט אין א גוט ווינקעלע, אָדער באגראָבן אין אן ענגן קבר'ל.

דורך זיי ווערט באשטימט דער פּרייז פון א שרייבער, אן אר־טיסט, א פּאָעט, א דראמאטורג, א קריטיקער.

זיי ווייסן אלץ, זיי פארשטייען אלץ, זיי שאצן אלץ, ווייל זיי זיינען די אמת'ע מבינים.

ווילט איר דאָך אודאי וויסן צו וואָס איך שרייב אָט־דאָס אלץ?

זאָל איך אזוי ניט וויסן פון קיין בייז, ווי איך ווייס אַליין ניט.

אָבער פרעגט די געבוירענע מבינים, זיי וועלן אייך שוין זאָגן.



# געוועזענע מענטשן *)

„זיידע, ער איז דאָ!"

מיין איניקל, מיינט איר? ניין, דאָס איז געווען מיין שכנ'-טע'ס קיילעכדיקע מיידל — די בולבע.

אירער אויך א זיידע! א דאנק זיין היילינקן נאָמען דערפאר! דאָ פארשאפט מען זיך קרובים לייכטער ווי אין דער סקאזקע אין דער ליטא, לייכטער ווי ביים אריבערגיין דעם גרעניץ בעת איין נר-בערנאטאָרסקער פאַס דאַרף קלעקן אויף עטלאָכע מענטשן. דאָ ווערט איר פאר איין גוט וואָרט (און נאָך עפּעס) א ברודער אין א לאַדזש מיט אזוי פיל ברידער ארום זיך, אז איר ווייסט ניט מיט וועמען זיך פריער צו קריגן. דאָ ווערט איר איינס, צוויי, דריי, א פלימעניק, און אַלץ וואָס איר דאַרפט דערצו איז ניט מער ווי דאַרפן — דאַרפן געלט און דערביי האָבן א ווייגערל, וואָס איז מרוצה אויף א צייט אויפצוהערן צו גיין, ווי מיד-געוואָרענע צייטונגען, און זיך צו-לעגן אויסרוען ביים פעטער. און ווען איר בייט איבער דעם מגן-דוד אויף א צלם און ווערט א גוי על-פּי נוסח רומא, קריגט איר א בארמהערציקן פאָטער ווען איר זענט געזונט, און א בארמהערציקע שוועסטער ווען איר זענט קראַנק, חוץ דעם בארמהערציקן פאָטער אין הימל, וועלכער האָט דאָרטן א גאַנצע משפחה, וואָס דער אידישער גאָט, להבדיל, האָט ניט.

נאָ ניט דאָס בין איך אויסן...

איך בין, הייסט עס, דער בולבע'ס זיידע אויך... מחשבות'ן, די בולבע דארפט איר קענען, וועל אייך מיט איר אמאָל באקאנט מאכן... א וואוילע מיידל... הייסט עס, איר זיידע אויך... נאָר דאָס

---

*) „ווארהייט", 14טן אפּריל 1906.

סען זיין אַן איבערגאַנג... דאָ אין אַמעריקאַ איז פּונקט אַזוי לייכט צו ווערן מיט אַמאָל אַ ווילד־פרעמדער ווי צו ווערן אַ זיידע, אַ טאַ־טע, אַ פעטער, אַ באָבע און אַזוי ווייטער. נעכטן אַ גאָט, היינט אַ מענטש, מאָרגן אַ טייוול; נעכטן האָט מען אייך געטראָגן אויף די הענט, היינט פירט מען אייך אין אַ קאַר און מאָרגן בריקעט מען אייך אריין אין אַ רינע; נעכטן האָט מען אייך געהויבן אין זיבעטן הימל אריין, היינט האַלט מען אייך מיט אַלעמען צוגלייך אויף דער ערד, און מאָרגן וואַרפט מען אייך אַזש אין שאול תחתיה ארונטער; נעכטן—אדרבה ואדרבה; היינט—נו, מהיכא תיתא; מאָרגן—שויי־נעץ, אַ מכה! און אַזוי ווייטער.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו דער בולבע.

„זיידע", זאָגט זי, ארונטערלויפנדיק אין גרויס האַסט, „ער איז דאָ!"

„ווער איז דאָ?" — פרעג איך, לאַנגזאַם אויסטוענדיק די שפּאַקולן... די האַלאַבאַליטשקעס זיינען עפּעס פּלוצלונג לויז גע־וואָרן... מיט גלעזער, ווי מיט פערד און מיט מענטשן, וואָס רייסן זיך פון די האַלאַבליעס, דאַרף מען זיין פאַרזיכטיק... ביסמאַרק, עליו השלום, און גראַף וויטטע — אים צו לענגערע יאָר — און אַ סך אנדערע דענקען אַזוי. איך טו אויס די שפּאַקולן... מיינע שפּאַקולן זיינען צום זען פון ווייטן. וויל איך אימיצן זען פון נאָענטן, פּנים־אל־פּנים, מוז איך זיי אויסטאָן... ניט מיינע שפּאַ־קולן אַליין דאַרף מען אויסטאָן אום צו קענען בעסער זען: פּאַרטיי־שפּאַקולן זיינען דאָס זעלביקע, זיי און רעליגיאָנס־שפּאַקולן און ראַסן־שפּאַקולן און אַלע אנדערע... איר פאַרשטייט בעסער אי לאַ־סאַל'ן, אי משה בן־עמרם, אי דעם שווארצן וואַשינגטאָן אָן די ספּע־ציעלע ברילן, וועלכע די פּאַרטיי, די סינאַגאָגע, די ראַסע האָבן פאַר אונז פאַבריצירט...

אַלזאָ:

„ווער איז דאָ?" — פרעג איך די בולבע.

„ער, ער אַליין, דער... ווייסט איר ניט וועמען איך מיין? ! גאָרקי, דער גרויסער גאָרקי".

„נאַרקי?“ — רייב איך זיך די אויגן און פּאַר אריבער מיטן פאַרפינגער צונויפגעלייגט ווי אַ הינקענדיקער „ח“ איבערן נאָז, אַזוי ווי איך וואָלט אים וועלן אביסל דינער מאכן (ניט אַסימילאַ־טאָרס אליין טוען דאָס!), ווייל מיין זכרון איז, ניט פאַר אייך גע־דאכט, שוין שוואך און איך פארטראַכט זיך זייער אָפט... יעדער דענקער פארטראַכט זיך אַמאָל און צייטנווייז קלער איך, אַז אין רוסלאַנד דענקען זיי מער, ווייל מען לאָזט זיי ניט ריידן אַזוי פיל ווי מיר ריידן דאָ... ווען מיר זיינען ניט קיין אַנאַרכיסטן.

„נאַרקי, וועלכער נאַרקי?“ — פרעג איך פאַר'חלומ'ט, מיט איין פוס אין דעם עולם הדמיון און מיט די אַנדערע אין דעם עולם האמת, דאָס הייסט, אין דעם עולם השקר.

„ווייסטעס וועלכער?“ — שרייט די בולבע, און מיר קומט פאָר, אַז זי איז צעקאָכט און אָט־אָט שפּרינגט זי פון פעלצל אַרויס... איר האָט העלטער געשאָבענע, ניין? געשמאַק־זאַך, זאָגט דער טייטש. — ווייסט עס וועלכער? ער וואָס האָט געשריבן דעם „בור־ראָוויעסטניק“, די „אַרלאָווס — מאַן און ווייב“, „קאַין און אַר־טעם“ און אַנדערע מעשיות, חוץ דראַמען און אַרטיקלען, וואָס ווערן צעכאַפּט „ווי מצה וואַסער“.

„האָב ניט געלעזן“ — ענטפער איך.

די בולבע קוקט מיך אָן ווי אַ משוגענעם... זי איז ניט די איינציקע, אָבער ניט אין דעם פרט.

„ניט גע־לע־זען!“ — פרעגט זי איבער. — „קען ניט זיין. אָבער אפילו ווען איר האָט פון אים גאָר נישט געלעזן, האָט איר דאָך זיכער געהערט זיין נאָמען“.

„יע, יע“ — כאַפּ איך אונטער, אָבער איך ווייס נאָך אַלץ ניט, ארום וועמען זי רעדט. זי, די בולבע, מערקט עס און זאָגט:

„וואונדערבאַר זיידע! ווייסט איר ניט דעם דאָזיקן, וואָס איז אַמאָל געווען, זאָגט מען, אַ טרעמפּ, אַ באָסיאַק און האָט זיך אַרויפגעווינדעוועט צו דער העכסטער מדרגה אין דער ליטעראַטור... מען זאָגט, אַז דאָס איז ער אַליין דער „מעטעאָר“ אין זיין אייגע־נער דערציילונג ווענן די „געוועזענע“....

„וועגן די געוועזענע מענטשן!" — פאַל איך איר אריין אין די רייד, מיט אַמאָל ווידער ביים פולן זינען, אויפגעוועקט, פריש, מונטער, מיט מיין גאַנצן דענק־אַפּאַראַט אין פולן גאַנג און אין „גוטער אָרדענונג"

„אָה, יאָ" — זאָג איך — „געלעזן... די געוועזענע מענטשן? פּטור, נו! זיי שטייען מיר פאַר די אויגן אַלע ווי איין מאַן, אָט־די מענטשן, וועלכע האָבן זיך ארויסגעקרויקעט פון דער מענטש־הייט, וואָס זיינען ארוים אין אָטסטאַווקע, ווי גאָרקי דריקט זיך אוים. איך זע זיי אַלעמען פאַר מיר — אַלעמען: דעם ראָט־מייסטער קוואַוואַלדאַ, און פיליפּ דעם לערער, און דעם קאַנדידאַט אויף מאָרד און קאַטאָרגע מאַרטינאָוו, און אָנדערהאַלבן טאַראַסן, און אָביעדאָק דעם ליז, און מייסטער סוף, און אַלע אַנדערע טויטע נשמות „דערהאַלטן" אין שפּיריטוס, אין עסיק, גוט איינגעזאַלצן, איינגעפעפערט, וואָס דערפאַר צעקריכן זיי ניט... אָה, יאָ, איך זע זיי אַלעמען דאָרטן אין דעם הקדש, אין דער חורבה, אין דעם שטאַל, וואו אַ ציוויליזירטער פערד מיט אַ האָרעלע זעלבסט־אַכטונג וואָלט ניט געוואָלט איינשטיין..."

די בולבע שטייט פאַרוואונדערט און הערט זיך צו, ווי איך רעד פאַר זיך, אַזוי ווי פון שלאָף. ביסלאַכווייז פאַרגעס איך גאָר אינגאַנצן אָן איר עקזיסטענץ... בין ניט דער ערשטער פילאָזאָף און ניט דער לעצטער, וואָס פאַרטיפט זיך אַזוי הויך אין זיינע אייגענע רעיונות, אָדער פאַרטראָגט זיך אַזוי הויך אין די עולמות העליונים, אַז ער פאַרגעסט ארום די, וואָס שטייען לעבן אים, וואַרטנדיק אויף אַ מענטשפריינטלאַכן וואָרט.

און איך וויש פון דאָס־ניי אוים די שפּאַקולן און טו זיי אָן... לאַנגזאַם, צוליב די האַלאַבליטשקעס די לויזע... און נעם זיך צו אַ בארג צייטונגען לעבן מיר, וועלכע האָבן זיך אָנגעקליבן צייט עטלאַכע טעג.

אַ פערטל שעה שפּעטער בין איך פון דאָס־ניי פאַרטיפט אין געדאַנקען.

פלוצלונג פלאַץ איך ארוים מיט א געלעכטער, פאר וועלכן איך דערשרעק זיך אליין. די בולבע דערלאנגט א שפרונג.

„הערסטו! ער קומט אהער, דער געשיכטשרייבער פון די געוועזענע מענטשן. ער קומט בעטן ביי אמעריקע הילף פאר רוסלאנד; ער קומט אלס שתדלן פאר יענע וואָס ווילן זיך באפרייען צו די וואָס זיינען פריי.

ער קומט אהער, ער קומט צו אונז, זיינע-שטיף-ברידער, וועלכע ער ליבט און וועלכע ליבן אים און ער מיינט מיר וועלן אים העלפן קריגן הילף, מיר, וואָס זיינען שוין מבין בלשון המדינה...

איינגעבילדעטע אונשולד!

סיידן א נס וועט טרעפן, סיידן ער האָט א סך מער חן באַם מזל ווי פילע אנדערע פאר אים, וועט ער פון דאנען קיין זאך ניט אוועקפירן חוץ א נאָטיצביכל אָנגעפאקט און אָנגעפיקעוועט מיט מאטעריאל פאר א נייעם סאָרט „געוועזענע מענטשן".

מער גאָר ניט.

ער וועט דאָ זען אנגלאָ-זאקסישע „רעפובליקאנער" און „דעמאָקראטן", וועלכע זיינען שוין לאנג ניט מער קיין געגנער פון א טראָן מיט א קרוין, מיט א סצעפטער, מיט דעם גאנצן גאָט-געזאלבטן מאָנארכישן סיסטעם. ער וועט, פארקערט, דאָ זען אמעריקאנער, פריי און בראוו, ביי וועלכע עס לויפט שפייעכץ פון מויל ווען זיי ריידן ארוים קעניגע און קעניגינען, און פאזשען, און הויפן, און קאמערדינער, און גראפן און גראפינעס און עקסעלענצן און דורכלויכטן און הויכקייטן און מאיעסטעטן. ער וועט דאָ זען, בקיצור געוועזענע רעבעלן קעגן דעם מאָנארכיסטישן פרינציפ, געוועזענע רעפובליקאנער. און ער וועט אויסגעפינען, אז זיי האָבן אים באַנוצט פאר א סענסאציע, ווייל עס איז ניט געווען קיין פרייז-פייט אונטער דער האנט, און דער וועזאוויוס הרג'עט ניט מער ווי

„דייגאָס“, באַנאַנאַ־הענדלער און איז דערצו נאָך אזוי ווייט, ווייט פון דאנען.

און ער וועט זיך ארומקוקן ארום אונז, צווישן אונז און ער וועט געפינען לויטער געוועזענע אידעאַליסטן, מענטשן, ביי וועלכע די רעוואָלוציע איז א פראזע, און דער אידעאַל א קאַצניאַמער פון די נעכטיקע שכרות, און סאָציאַליזם איז א וואָרט וועלכן מען רעדט אוים זיך ארומקוקנדיק צי שטייט ניט דערביי עפּעס א ליץ, אַן אָפּ-לאַכער, אנאַנדער מי־שהיה סאָציאַליסט, אנאַנדער אַמאָליקער רע־וואָלוציאָנער. און ער וועט ארויסגעפינען אַז דאָ האָט מען דריי מחלקות איבער יעדע חלוקה; אז דא גייט מען נאר צו גאלא־פּאר-שטעלונגען; אז דא נעמט מען ארוים די אידעאַלע ריינקייט נאָר ביי א גרויסן יום טוב, נאָר ווען עס קומט אימיצער מיט א גרויסן נאָמען, מיט א ציץ־הזהב אויף דעם שטערן אויסגעפּרעסט פון ערגעץ א סעקטע, איינער וועלכן מען וויל האָבן געזען. — בקיצור, ער וועט דא געפינען געוועזענע סאָציאַליסטן, געוועזענע רעוואָלוציאָנערן...

און אזוי וועט ער דאָ אויך זען געוועזענע אידן, — מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן ביי עטלאכע פּוסטע פּאַטריאָטישע פראזן, ביי א קיטל צום סדר אָן א זין פון יציאת מצרים אמאָל און פון די גאולה לעתיד־לבוא; מענטשן, וועלכע האָבן זייערע נשמות אין די קראָמען אויף בראָדוויי און „אינוועסטן“ ניט קיין ענערגיע, קיין טעטיקייט, קיין געפיל אין נאציאָנאלע אָדער אינטערנאציאָנאלע אונטערנעמונ־גען, וועלכע ווען נאָך לאנג, לאנג ניט צאָלן קיין דיווידענדען, ניט געבן קיין פּראָפיט. — און ער וועט זיי באטראכטן—די יורשים פון יהודה המכבי, די קינדער פון דעם רבינו תם און פון רש“י, און ער וועט זען, אז זיי זיינען אלע, כמעט אלע אויסגעוועפּטע, אויסגע־בלייכטע, פּאָוויאַלעטע, בקיצור, געוועזענע אידן.

און אזוי כסדר ווייטער: געוועזענע לויטער געוועזענע, „ביעג־לע“ רעפּובליקאנער, רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטן, אנאַרכיסטן, אידן — לויטער געוועזענע מענטשן, לויטער טויטע נשמות, וועלכע

האַלטן זיך אויף דורך שכרות, אָבער פון אַנאַנדער סאָרט, און לעבן אויך אין א חורבה, אָבער ניט ווי ראַטמייסטער קוואוואַלדאַ'ס.

---

נאָך דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג כאַפּ איך זיך אויף און זע, אַז די בולבע שטייט מיט אויפגעריסענע אויגן, מיט אַן אָפען מויל און וואונ־דערט זיך צי בין איך משוגע, שכור אָדער חסר־דעה.

אפשר בין איך. פון נאַרקי'ס וועגן וואָלט געוועז גוט אַז די בולבע זאָל זיין גערעכט.

# די מאַמעס פון דעם נייעם דור*)

יאָ ברודערלאך, עס האלט זייער פּראַסט מיט מיר היינטיקן טאָג!

שונאים האָב איך זיך מיט מיין שרייבן אלע מאָל געמאַכט... ווען איר האָט פון אייער שרייבן ניט קיין קאָנטאָ אין באנק, ניט קיין קרעדיט אין די קראָמען, ניט קיין עולם הזה ווי עס האָט, כאַפּט אייך אָן, א פּרוש אין דער וואלאזשינער ישיבה און ניט מער עולם הבא ווי דאס, וואָס עס קען אין אמעריקע באטרעפן א שטיקל „גע־פּראַיטע" לויתן פונם עק, אזוי גרוים, אזוי פּריש און אזוי ווארעם ווי א קארגענ׳ס הארץ אויף די עלטערע יאָרן... בקיצור, אויב איר האָט פון אייער שרייבעריי קיין אנדער זאך ניט זאָלט איר זיך דער־מיט לכל הפּחות איינקויפן די קנאה פון דעם באַלוואַן און די שנאה פון דעם פארדארבענעם מענטשן; אין רוסלאנד כאָטש עטלאכע וואָכן טורמע, אין דייטשלאנד אביסעלע „פּאליציי־אויפזיכט", אין ענגלאנד די פאראכטונג פון די אידישע אריסטאָקראטיע, און אין אמעריקע דעם האס פון די, וואָס לעבן אין הוילע ציטערניש, אין איין בלייכן, בלאסן שרעק פאר דעם מאן מיט דער מיסט־נראַבליע...

בקיצור, שונאים האָב איך זיך מיט מיין שרייבן אלע מאָל גע־מאכט און דאס איז געוועזן מיין כשר־פארדינטער לוין. יעדעס מאָל ווען מיך האָט אָנגעזען מיט האס א ליטערארישע מארק־אידענע אין פּלודערן, אָדער א כלומרשט־רעוואָלוציאָנער וואָס מאכט פון גע־דרוקטע נבול־פּה, אָדער אזוי גלאט א ווי רופט מען דאָס גאָר אָן א מאַסקע, איינער, וואָס פארקויפט זיך אָפן אויף דעם שקלאפן־מארק

---

*) „ווארהייט", 28טן אַפּריל 1906.

צו דעם, וואָס צאָלט דעם העכסטן מקח... יעדעס מאָל, זאָג איך, ווען דאָס האָט מיר פּאסירט האָב איך געוואוסט, אז פון מיין פעדער איז ארויסגעקומען עפּעס אזוינס, וואָס איז געווען ענטוועדער גוט אָדער דער אמת, דאָס הייסט נאָך בעסער ווי גוט.

איז ווי איך זאָג אייך. איך האָב זיך מיט מיין שרייבן אייביק איינגעקויפט שונאים און קיין שום אנדער זאַך ניט, אָבער מיט דעם בין איך תמיד געווען צופרידן. ווען איך זאָג אייך, אז מיט מיר האָלט זייער פּראָסט היינט, איז דאָס צוליב אנאַנדער גרונד.

עס גרייט זיך צו א מיאַטעזש פון די ווייבער, און עס איז מעג־לאָך, אז ווען זיי זאָלן ארויסגיין אויף א מלחמה קעגן מיר, אפשר מיט דער אויבנדערמאָנטער מארק־אידענע אין פלודערן אלס פעלד־מארשאַל, וועל איך מוזן אנטלויפן פון אמעריקע, פון דער מדינה, וואו די פרייהייט און די צניעות עסן פון איין טעלער און שלאָפן אונ־טער איין קאָלדרע, און דאוונען פון איין סדור.

יאָ, א מיאַטעזש פון די ווייבער... פון די ווייבער און די מייד־לאָך גרייט זיך אָן קעגן מיר... איך זע דאָס באשיינפערלאָך... קלאָר שטייט דאס מיר פאר די אויגן, קלאר ווי דער כסא הכבוד פון דעם רבונו־של־עולם (פון דעם סאמאדערזשעץ פון אלע הימלען, וועלכער דארף ארום זיך ניט יועצים, זאָנדערן מלאכים וואָס טוען זייער שליחות ניט פרעגנדיק קיין קשיות און ניט זאָגנדיק קיין דעות) בקיצור, דאָס שטייט אזוי קלאָר פאר מיינע אויגן ווי עס איז געשטא־נען דער כסא הכבוד פאר יחזקאל, דער כסא הכבוד מיט די פיר פּנים׳ער, עפּעס אזוי ווי ביי א דיפּלאָמאַט מיט א שרכן צונויפגע־וואקסן רוקן־צו־רוקן, יעדער מיט צוויי געזיכטער ווי עס באדארף צו זיין.

א ווייבערשער מיאַטעזש!

דערוויי׳ל באָמבארדירן זיי מיך מיט לאנגע בריוו... יאָ, זיי באָמבאַדירן פון אלע זייטן: מיין איינינקל׳ס פּלונית׳טע און אירע א חבר׳טע און די בולבע.... זי א שטייגער, נאָכשאָל רוף איך איר בולבע, אזוי ווי איך וואָלט אויסגעטראכט דעם נאָמען, איך און ניט מיין שכנטע אליין, ניט איר אייגענע מאַמע, וואָס קלערט, משמעות,

אז איר טאַכטער פעלט די רויטקייט פון אן עפּל, און די שיינקייט פון אן אפּעלסין, און די ווייכקייט פון א פלוים, און די זויערקייט פון א ציטראָן, און די גרויסקייט פון א קירבעס, און די אלע אנדערע מעלות פון אלע אנדערע קיילעכדיקע געוויקסן... אז זי איז ניט מער ווי רונד און געזונט און טויג ניט רוי, וואָס דערפאר קאָכט זי זיך, און האָט מער ווערט ווי חן, זייענדיק ערלאָך.

זי אויך. אלע פּראטעסטירן זיי. אלע קענען אן אלטן איין־און־אכציק יאָריקן מאן, כדבר האָמור: אויף אן איינגעבויגענעם בוים שפּרינגען אלע ציגן... אמאָל האָט מען זיי באהאנדעלט טאקע ווי בהמות און זיי האָבן ניט אויסגערעדט א ווארט; אמאָל האָט מען זיי פארווערט צו געבן צדקה, און זיך צו רעכענען אין א מנין, און צו ווייזן זייער פּנים, און צו לאָזן הערן זייער קול, און צו גיין מיט איי־נע האָר, און זיי האָט עס אלעם ניט געאַרט. מען האלט זיי נאָך עד היום ניט פאר קיין גאנצע מענטשן, אפילו ניט אין די פרייע מדינות; מען זאָגט זיי נאָך היינטיקן טאָג: מאכן געזעצן טאָרט איר ניט, אָבער פאָלגן זיי מוזט איר, ווייל איר זייט נאר מענטשן צום געהארכן ניט צום באפעלן, אינם געריכט זאָל, ניט אין פּארלאמענט, — דאָס זאָגט מען זיי און זיי שווייגן, דאָס זאָגט מען זיי און זיי גע־פינען זיך ניט באליידיקט... נאָך עד היום איז א פרוי צום געבן לאָפּ־קע א מענטש, אָבער ניט צו נעמען; א מענטש באַם זיין א גנב ניט באַם פירן א גנב; א מענטש צום גע'משפּט ווערן, ניט צום משפּטן; אפילו באַם היינגען איז זי ניט קיין מענטש, א מענטש נאָר באַם גע־האנגען ווערן.

קענען קיינעם פון אירע באליידיקער פּראָטעסטירט זי ניט, חוץ קענען אן אָרעמען אלטן ווי איך.

די גרויסע מענער פון אלע צייטן, פון משה רבינו—א געבאָרע־נער עגיפּטיאנער, און א געזעצגעבער, ביז פרודאָן—א געבאָרענער פראנצויז—און געזעצפאַראכטער; פון אברהם אבינו, וועלכער האָט באשיצט זיין גוף מיט זיין ווייבס פּנים ביז באָני קאסטעלאנע, וועלכער האָט באשיצט זיין טייסטער מיט זיין ווייבס תוספת־כתובה, — אלע גרויסע מענער פון אלע צייטן האָבן די פרויען באהאנדלט

ענטוועדער ווי בהמות אין יאָך, אָדער ווי זיננפייגעלאך אין שטייג, אָדער ווי מילך־קיה אין שטאַל, אָדער ווי א מיטל אויסצוצאָלן חובות, צו ענדיקן „קאַלעדזש“, אויסצולאָזן דעם כעס, אויפצוהאַלטן דעם מאָגן, איינצוניייען קנעפּלאך און, אין געוויסע פעלע, צו האָבן מיט וואָס צו מאכן, אז א גוטער פריינט זאָל צופוקעט ווערן פאר קנאה.

איז זי, וועלכע איך וועל חלילה מער ניט רופן בולבע, געקומען מיר געבן א גאָב מינדלאך, ווייל איך האָב אויף איר ברוגז ניט גע־ענטפערט.

רואיק און געלאסן האָב איך איר אויסגעהערט בעת זי האָט מיר דערלאנגט א ציוויליזירטע, אמעריקאנער תוכחה נאָך די אנדערע; רואיקער און געלאסענער האָט אנאנדער פילאזאף, קאַלעגע סאָקראַ־טעס, קיינמאָל ניט אויסגעהערט זיין פלונית'טע, מרת קסאנטיפּע (עליה השלום!) און דאן ווען זי איז געוועזן האלב בארואיקט האָב איך זיך צו איר אָפּגערופן אזוי צו זאָגן:

„מיין קינד, דיין כעס געפעלט מיר, און מיט פרייד ערפילט מיין הארץ דיין הייליקער גרימצאָרן.

„יונג ביזטו און פול מיט התלהבות.

„און שטאָלץ ביזטו, מיין קינד, שטאָלץ, פילנדיק אין זיך א פרייע, ריינע, אונבאפלעקטע, מענטשלאכע נשמה וועלכע דו לאָזט קיינעם ניט באליידיקן מיט ווערטער, ניט באשמוצן מיט א בליק, ניט ערנידריקען מיט א חניפה.

„יונג ביזטו, זאָג איך, יונג און פול מיט התלהבות. און דערפאר רייד איך מיט דיר.

„צו אלטע לייט לוינט ניט צו ריידן, צו מענטשן אָן באגייי־סטערונג איז ניטאָ וואָס צו ריידן — ווייניקסטענס ניט פאר מיר.

„איצט הער, מיין קינד, וואָס איך וועל דיר זאָגן.

„גוט וואס דו האָסט שטאָלץ אין זיך, גוט איז וואס דו היטסט דיין ערע, גוט און לויבנסווערט.

„אָבער דאָס איז ניט גוט.

„ארום דיר זיינען דאָ טויזנטער און צענדליק־טויזנטער יונגע

פרויען און מיידלאַך, וועלכע האָבן חן אָבער ניט קיין זעלבסט-אַכ־טונג.

„דיך פאַרשטייט דיין אייגענע מאַמע ניט, אָבער דו פאַר־שטייסט זיך אליין. זיי פאַרשטייען זיך אליין ניט און דאָס איז ערגער. און פיל, פיל ערגער ווי אַלץ איז דאָס, וואָס איר אַלע פאַר־שטייט ניט די צייט אין וועלכע מיר לעבן, די צייט צו וועלכער מיר גרייטן זיך צו.

„און אַ צייט קומט, מיין קינד, פון ליבע וואָס גייט ניט צום מאַרק מיט אַ הכשר פון רב, אָדער אויפן גאַס מיט דיַ שטילע הסכמה פון די פּאָליציי.

„אַ צייט קומט, ווען ליבע אָן קויף־געלט ביי דער חתונה, אָן זאַדאַטקעס באַם תנאים, אָן ערנידעריגענדע מתנות ביים ערשטן קבלת־פּנים פון די האַרץ וואָס קלאַפּט שטיל אָן ביי אַנאַנדער האַרץ און יענע ענטפערט אָן ווערטער: „אַריין!" — אַ צייט קומט, ווען אַזאַ מין ליבע וועט צונויפברייננגען מענטשן.

„און אין פרייהייט, און אין גלייכהייט וועלן געבאָרן ווערן אויף דער וועלט, מענטשן געזונט, שטאַרק און מעכטיק אָין כופות און אין מוחות.

„אָבער די צייט וועט קומען אַלץ גיכער אויב יונגע, ענטוזיאַ־סטישע קינדער ווי דו, וועלן צווישן זייערע שוועסטער גיין און ווערבן רעקרוטן פאַר די פרייהייטס-קעמפּער, צו באַזיגן די פינצטערניש און דאָס אונרעכט, ניט זיך נוקם צו זיין אָן אַן אָרעמען אַלטן מאַן, וועלכער דערלעבט יינע יאָרן אין אַ וועלט פון שקלאַפערייַ, פון רויב און באַ־טרוג און דאָס מאַכט אים צייטנווייז ערגערלאַך, צייטנווייז גראָב.

„זיי געזונט, יונגעס קינד, און נוץ גוט אויס דיַין געזונטהייט און דיַין יוגנט!"

## פאַר דער חתונה *)

מיין אייניקל זיצט ביי מיר און לעזט. פאר דער חתונה פלעגט ער אזוי אָפט ביי מיר ניט זיצן, — צו קיין גנאי זאָל דאָס ניט זיין.

פאַר דער צתונה פלעגט ער, ווי אמאָל האמלעט אין שעקספּירס דראמען, געפינען א מעטאל א גרעסערע אַנציאונגס־קראפט, ווי זיין אלטן, צוטומעלטן זיידן, וועלכער דערלעבט זיינע אייגענע יאָרן און דערגייט די יאָרן אנדערע מענטשן... (ער טוט דאָס, למשל, ניט, אָבער דאָס נעמט זיך גוט אוים: די פראַזע איז אַ שיינע. מיר, שרייבער, זיינען ווי פּראָווינציאַלקעס אין גרויסע שטעט: מיר פארבליסטשענען דעם עולם די אויגן מיט אונזערע דימענטן — צי זיי פּאַסן צום רומל, צי ניט. אקטיאָרן דערלאַנגען זיך אָפּט א הויב, א רוק, אַ שטעל, אַ זעץ-אַנידער אויף דעם זעלביקן אופן. עס נעמט זיך שיין אוים, הגם עס פאַסט ניט צו דער ראָלע. רעדנער טוען אָפט דאָס זעלביקע. גראף בילאָוו, למשל, אין דעם דייטשן רייכסטאָג און רעוו. מלאכאָוויץ אין פּאַטריאָטישע אַסיפות, און ניט זיי אליין, נאָר פאַרן אויסזאָגן פון חדר שמייסט מען... אָבער נחזור לענייננו.)

פאַר דער חתונה פלעגט ער, מיין אייניקל, ווי איך האָב געזאָגט, ניט זיצן אזוי אָפט ביים אַלטן זיידען; זיין אָרט איז געווען ביי איר, ביי דערדאָזיקער, דער פלוניתטע פון יענער זייט צוואַנציק, מיט די חן־גריבעלאך אין די באַקן, און די חן־גלעקעלאך אין דער שטימע, און די טויזנט אנדערע מעלות, וואָס היינע האָט באַזונגען און ירמיה האָט באַקלאָגט און שלמה המלך — א ליבהאָבער

---

*) 1905

מיט אן אומגעהויער גרויסער פראקטיקע — האט באשריבן אין זיין שיר השירים. איז וואס וויל איך אויספירן? יע, פאר דער חתונה.

מחשבות'ן! ווייסט איר, וואס די דאזיקע דריי ווערטער האבן צו באדייטן? פאר דער חתונה, קינדער, הייסט די צייט פון דער אמת'ער, ראמאנטישער, פאעטישער ליבע. פאר דער חתונה הייסט — אדם און חוה איידער זיי האבן פארזוכט דעם עפל פונם עץ-הדעת: די צייט, ווען מען איז בלינד צו אלץ, וואס געפינט זיך הינטער דעם פארקן פונם גן־עדן (התחתון); ווען מען איז בלינד צו דער ווירקלאכקייט אין דער ארומיקער וועלט; ווען מען זעט נאך אין דער געליבטער ניט קיין חסרונות און מען הערט פון איר ניט מער ווי חכמות און... מען איז גלאט א נאר; ווען מען דארף נאך ניט פיל, ווייל וואס ווייניקער גען מען ברענט איז אלץ בעסער, און וואס ווייניקער מעבל מען האט אלץ לייכטער פאמיעסטשעט מען זיך אויף איין שטול, און וואס ווייניקער זייגערס אלץ מער הנאה האט מען פון דער צייט.

פאר דער חתונה! ניט אומזיסט פלעגן אין מיינע צייטן די דראמען־שרייבער ענדיקן זייערע פיעסן ענטוועדער (אין קאמעדיעס) פאר דער חופה, אדער (אין טראגעדיעס) פאר דער קבורה, אבער איןביידע פאלן פארן צוזאמענקומען, אדער פארן פאנאנדערגיין, תמיד, איידער עס האט זיך פאר דער יונגווארג געבעטן א בדחן, אדער א חברה־קדישא־שמש, תמיד איידער די גליקלאכע ליבע האט געקראגן א הכשר פונם רב און די אומגליקלאכע א פאסיר־צעטל פונם מלאך־דומה.

פאר דער חתונה! ווייל מען איז גליקלאך ניט מיט דעם, וואס מען דערגרייכט — מען האט דערפון נאר הנאה — מען איז גליקלאך מיט דעם, צו וואס מען שטרעבט, וואס מען וויל דערגרייכ: און וואס גרעסער די שוועריקייטן, וואס גרעסער די שטערונגען, די הינדערנישן, וואס מער דערנער אויפן וועג, וואס מער גראבנס אריבערצושפרינגען, וואס מער לוזשעס ארומצוגיין, וואס מער פלאנקענס אריבערצוקריכן, וואס מער בייזע הינט אויסצואוייכן, אלץ

מער געגוס אין דעם שטרעבן צום גליק, אַלץ מער גליק אין דעם שטרעבן צום ציל.

פאַר דער חתונה! איידער עס הויבט זיך אָן דאָס פּראָזאַאישע לעבן, ווען צווישן די ליפּן און דעם קוש קלאַפּט אָן דער לענדלאָרד, וואָס קומט נאָך רענט; ווען דער ווייב׳ס שיכעלאַך שטייען אויף דער טאַגעס-אָרדענונג און די פּיסעלאַך, וועלכע מען האָט אַמאָל גע־האַלטן פאַר אַזוי ליבלאַך־קליין, הויבן אָן צו בריקענען און צו וואַרפן זיך, ווייל עס איז שווער צו אַנטשיידן די פראַגע וועגן די שיכעלאַך — און זיי, די פּיסעלאַך הללו, זענען שוין אויס כמעט צו גרויס, יעדנפאַלס צו בריקעדיק, — א נומער צו גרויס, א פוס צו שווער, און די שכנים אונטן זיינען אזוי נערוועז...

הייסט עס, פאַר דער חתונה פלעגט ער ניט אַזוי אָפט זיצן ביים אַלטן זיידען; אפילו ניט ווען ער פלעגט קומען מיט איר. היינט זיצט ער ביי מיר שטונדן־לאַנג, זיצט און בלעטערט אין די אַלטע פּאַפּירן.

אָט געפינט ער דעם „פּוילישן אידל“ פון דעם יאָר 1884 און ווערט אַלע ווײַלע נתפעל פון אָן אַנדער זאַך.

„זיידע“, זאָגט ער, „געדענקסטו אָט־דעם שיר אויף דעם סוף יאָר תרמ“ד?“

און ער וואַרט ניט, איך זאָל אים ענטפערן (ווי מען טוט ביים דאַוונען מיטן רבונו של עולם אין שול) און לייענט:

לאָזט אים גיין, דעם יאָר דעם אַלטן,<br>
האַלט אים ניט צוריק,<br>
ער איז פול מיט שרעק־געשטאַלטן,<br>
טויט איז אין זיין בליק;<br>
לויטער צרות — קיין נחמות —<br>
האָט ער אונז געבראַכט,<br>
אין דער גאַנצער וועלט מלחמות,<br>
מאַסנמאָרד און שלאַכט.

און איך לאָז אים ווייטער ניט לייענען.

איך דערקלער אים, אַז דאָס יאָר (1905), וואָס ענדיקט זיך

איצט... מחשבות'ן! ניי־יאָר איז ניט דער געבורטס-טאָג פון יע־זוס קריסטוס, נאָר דער טאָג פון זיין ברית, דאָס הייסט, דער טאָג, ווען דער קריסט איז געוואָרן א איד, א וואָך נאָך זיין געבורט... ניש־קשה פון א פלאָנטער... ניי־יאָר ביי די גוים איז ניט ניי־יאָר, ווי ראש-השנה ביי אונז איז ניט קיין ראש־השנה, און ניי־יאָר ביי די מחמד'אנער איז אויך ניט ניי־יאָר, ווייל זייער לוח איז גאָר צע־דרומשקעט. ער גייט צוריק און צוריק ווי א קרעבס, אָדער ווי די דער סאָציאַליסטישער וואוט אין ניו־יאָרק, און מיט אמאָל גיט ער א שפּרונג פאָרווערטס, ווי דער פארטשריט אין פראנקרייך.

איך דערקלער, בקיצור, מיין אייניקל, אז דאָס יאָר, וואָס ענ־דיקט זיך איצט, האָט אונז טאַקע געבראַכט פיל צרות, אָבער נחמות אויך; אז מלחמות און מאָסן-מאָרד, דאָס הייסט, מאָסן־מאָרד פון ציווילנע נאָך דעם מאָסן־מאָרד פון מענטשן אין אוניפאָרמס, זיינען דאָס יאָר געווען נאָטע־געגנוג, אָבער דערפאַר האָט זיך אויך דאָס יאָר אָנגעהויבן די גרויסע דראַמא אין רוסלאַנד, אין אונזער פאַרהאַסט-געליבטער אַלטער היים... די דראַמא, מיט דעם פּראָ־לאָג אין 1904, אין וועלכן די זעמצעס זיינען געווען דער „כאָרוס" און סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי דער הויפּט־שוישפּילער... די דראַמא, פון וועלכער נאָך דעם ערשטן אקט אין פּעטערבורג אין יאַנואַר איז געקומען דער צווייטער אין פּוילן, דאַן דער דריטער און שרעק־לאַכסטער אין זיד־רוסלאַנד... דער דריטער? ניין, דער פערטער, ווייל דער דריטער האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן ים, אויפן שווארצן ים, איבער וועלכן עס האָט צום ערשטן מאָל געפלאַטערט א רויטער פלאַג... די גרויסע דראַמא, וואָס איר פינפטער אקט שפּילט זיך איצטער אין מאָסקווע און האָט די גאַנצע וועלט פאַר צוזעער, אפילו די אַמעריקאַנער, הגם דער מאָסקווער גרויסער ספּעקטאַקל פאַר־כאַפּט זיי ניט אַזוי שטאַרק דעם אָטעם ווי, למשל, דער פייט צווישן פיטץ־סימאָנס און קאָרבעט.

יאָ, דער פינפטער אקט וועט באַלד זיין צו-ענד. ווען דער פאָרהאַנג וועט זיך אראָפּלאָזן, וועלן מיר וויסן, צי דאָס איז געווען

אַ שויספּיל אָדער אַ טרויער־שפּיל; אויב די ליבע פון דער יונגן פּראָלעטאַריער פון רוסלאַנד צו דער פרייהייט, דער יונגער פרייהייט — אפשר אָן חן־גריבעלאַך אין די באַקן, אָבער מיט העלדן־גריבע־לאַך אַרום און אַרום איר — אויב די דאָזיקע ליבע וועט זיך ענ־דיקן מיט אַ חתונה, אָדער מיט אַ לויה פאַר איר אָדער פאַר אים.

עס וועט ניט לאַנג דויערן. און ווי די דאָזיקע דראַמאַ זאָל זיך ניט ענדיקן, דער טעאַטער וועט לאַנג ניט בלייבן ליידיק און פינסטער.

דאָס שויספּיל וועט זיך אָנפאַנגען פון דאָס־ניי. אי דער פּראָלעטאַרישער ליבהאָבער, אי די געטלאַכע פרייהייט, צו וועלכער ער שרכנ'ט זיך — ביידע זיינען זיי אומשטערבלאַך. ביידע האָבן אַ תחית־המתים.

דערווייל לעבט ער, דער העלד פון דער דאָזיקער דראַמאַ, לעבט ער איבער זיינע גליקלאַכסטע טעג.

ער שטרעבט צו זיין ציל, ער קעמפט פאַר זיין גליק און אין דעם דאָזיקן שטרעבן צום גליק, וועלכעס איז זיין ציל, איז ער גליקלאַך.

עס איז אמת, מיט זיין בלוט איז רויט געפאַרבט זיין גאַנצער וועג... טראָפּנס, טראָפּנס, טראָפּנס בלוט אויף יעדן צאָל פון דעם וועג, וועלכן ער איז דורכגעגאַנגען — דם ואש ותמרות עשן — בלוט און פייער און רויך אַרום און אַרום; עס איז אמת, ער וועט געבן זיין כלה, דער פרייהייט, ווען די דראַמאַ וועט זיך ענדיקן גליקלאַך, דעם ערשטן קוש מיט פאַרשמאַכטע ליפּן, דורך דעם שרעקלאַכן שווערן קאַמף, ווען עסן איז ניט געלעגן אין די גערא־קען; עס איז אמת, ער וועט זיין געליבטע אַרומנעמען מיט פאַר־וואונדעטע, בלוטנדיקע אָרעמס, אויב ער וועט איר ענדלאַך מקדש זיין.

דאָס איז אַלץ אמת, אָבער אין דעם דאָזיקן קאַמף איז זיין

גליק; אָבער דאָס גליק באַשטייט אייגנטלאַך נאָר אין דעם קאַמף.
די ליבע איז ליבע נאָר פאַר דער חתונה: נאָך דער חתונה איז זי נאָר אַ זיווג. גוט, שלעכט — אָבער נאָר אַ זיווג. און דערוויילע שפּילט זיך אין מאַסקווע אָפּ דער לעצטער אקט און... יונגע לייט, ווערט איר דאָס נאָר ניט רויט פאַר שאַנדע, איר, וועלכע זענט רויט אין דער פּאָליטיק אייערער?... און מיר אַלע שטייען פון ווייטן און זען צו...



## די מאָדע. *)

די מאָדע איז אַ מאָדנע זאַך: אַלץ גייט אַרויס פון דער מאָ-
דע, חוץ די מאָדע אַליין; זי, ווי דער טויט, שטאַרבט קיינמאָל ניט
— זי גייט ניט אַריין און גייט ניט אַרויס.

איך פאָר ווייטער, נאָר דאָ וועל איך זיך אויף אַ ווײַלינקע אָפּ-
שטעלן. „סטאַנציע מאַרא, פּאָיעזד סטאָיט פּיאַט מינוט!"**) אַזוי
וואָלט מען אין מיינע צייטן אויסגעשריען אין אונזערע מקומות...
דאָרטן, אין רוסלאַנד, לעבט מען ניט, ווי דאָ, בחפזון, אין איילע-
ניש, אויפן האָררי־אָפּסקען אופן.

...דאָרטן פאַרגינט מען זיך צו מאַכן אַן אָפּשטעל אין דער
רייזע פון יענער וועלט דורך ד ע ר וועלט צוריק אויף יענער
וועלט... צו מאַכן אַן אָפּשטעל און אַ טראַכט צו טאָן און צו פאָטאָ-
גראַפירן אין דעם אייגענעם מוח די לאַנדשאַפט אַרום זיך, מיט די
שעפּסעלאַך, וואָס פּיטערן זיך אויף דער לאַנדשאַפט; מיט די פּוי-
ערים פון ווייטן, וועלכע זעען אויס אַזוי אומגעהויער קליין, אַז מען
קריגט זיי קוים־קוים אַרויף אויפן בילד, הגם איין פּויער גיט מער
ברויט ווי ניין פּראָצענטניקעס, און עס איז זאָגאַר דאָ אַ סברא, אַז
ווען ניט דער „קליינער", גראָבער פּויער, וואָלט דער גרויסער איי-
דעלער מענטש געמאַכט זיין רייזע צו יענער וועלט, ווי ר' ירוחם
דעם מלוה'ס פּלימעניק פלעגט אַרויסקומען פון זיין פעטער — אַ
הויב, אַ פּלי און אַרויס! מיט אַ פּאַנטאָפּל, אָדער אַ קרבן־מנחה
סדור, אָדער אַ וואָלגער־האָלץ, אָדער זאָגאַר אַ בעסערע זאַך, וועל-
כע איז ביי ר' ירוחם'ען געווען אַ משכן (אַן אייגענע וואָלט ער אפילו
אין גרימצאָרן געזשאַלעוועט צו וואַרפן) — אַלזאָ מיט איינער פון

*) „וואָרהייט", 20טן יאַנואַר 1906.

**) סטאַנציע מאַדע, דער צוג שטייט 5 מינוט.

די אַלע זאַכן פליענדיק, דאָס הייסט, נאָכפליענדיק נאָך דעם פּלי־מעניק, ווען ער פלעגט קומען נאָך א גמילת־חסד נאָך אַן אַקע ביז פינף פאַרטאָג, נאָך עטלאַכע פּאַסקודנע בלאַ־ראיה׳ס (חוץ אין גאַנט־זאַכן איז בלאַ־ראיה אימער א געפערלאַכער עסק — דאָרטן וואו עס רעדט זיך וועגן אמונה, קענט איר זיך ניט העלפן, נאַטירלאך) און אזוי ווייטער.

נאָר גערעדט האָבן מיר... האָבן מיר? יע, דאָס רעדט זיך אזוי; אין אמת׳ען, ווען א שרייבער אָדער א רעדנער רעדט מיט אייך, רעדט אייגנטלאך נאָר א י י ן צד — דער שרייבער, דער רעדנער; איר עפנט ניט א מויל, סיידן אפשר צו טאָן א גענעץ— אויב איר זענט א איד; אָדער צו נעמען א פריש שטיקל קיי־טאבאַק —אויב איר זענט אַן אמעריקאַנער, וועלכער איז געוואוינט, אז מען זאָל אים האַלטן פאַר א כשר׳ער בהמה, וואָס איז מעלה גרה...

נאָך אמאָל: נאָר גערעדט האָבן מיר ארום מאָדעס. צוליב דעם האָבן מיר דאָ געמאַכט דעם אָפּשטעל און וועגן דעם לוינט צו זאָגן א פּאָר ווערטער. לאָמיך נאָר צוזאַמענגעמען די געדאַנקען.

בסדר אזוי. א מאָדע, זאָג איך, איז א מאָדנע זאַך. יע, אָבער מיינט ניט, אז איך האָב דאָ אין זינען די ווייבערשע פּאַריזער מאָ־דעס ווי, למשל, א ספּאַדניצע אויף רייפן, וועלכע הייסט קרינאָלי־נע, וועלכע האָט פאַר־א־יאָרן געהאַלטן ביים צוריק אריינגיין אין דער מאָדע און וואָלט וואַרשיינלאך אריין אויך, נאָר מען האָט נאָך באַצייטנס אויסגעפונען, אז עס וועט קאָסטן צו פיל צו מאַכן אויף אזוי פיל ברייטער די טירן אין די קאַרס און אין די וואַגאָנעס, אום אז זיי זאָלן קענען דורכלאָזן א האַלב־קוגל, וואָס האָלט דריי פוס אין דיאַמעטער אויפן קלענסטן רייף, און איבער פינף פוס אויפן ברייטסטן. — ניט קרינאָלינעס האָב איך אין זין, ניט געשוואָלענע ארבל, ניט זומערדיקע רעשעטע־וויסטס, וועלכע זיינען, ווי אמאָל די פענסטער אין בית־המקדש, שקופים אטומים, ד. ה. אַי פאַרמאַכט, אַי דורכזיכטיק (מעשה דיפּלאָמאַט אין א קליי־נעם פאָרמאַט) אָדער אנדערע אזעלכע מאָדעס אויף ווייבערשע קליי־דער. דאָס איז איבערהויפּט ניט מיין עסק. אויף דעם איז דאָ אין

ניו יאָרק א ספּעציאַליסט א מאָדים. ער וואוינט ניט אין מיין זאוואולאַק. ער וואוינט אנדערשוואו. ער שרייבט ניט אליין וועגן די זאכן: ער קען ניט; ער שרייבט במסירת הקולמוס, יענער שרייבט און אים לויפט די שפּייעכץ פון מויל. „טיילונג דער ארבעט" — איינער האקט די האָלץ און דער אנדערער אָכ־קעט, אויך אַ מאָדע היינטיקע ציימן... מחשבות'ן! צום שרייבן דארף מען שכל, אָבער ניט דוקא אייגענעם שכל: אנאנדערנ'ס איז אויך רעכט, כל זמן איר קענט אים קריגן במקח השוה, אמאָל קעפּלט מען זאָגאר מיט אַ פרעמדן קאָפּ... זאָל אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט זיך....

איז וואָס וויל איך אויספירן? יע. די מאָדע גייט קיינמאָל ניט ארויס פון דער מאָדע. די מייסטע מענטשן פוילן זיך צו דיינקען פאר זיך און אזוי ווי זיי האָבן מורא צו גיין אין נאָך־ניט־אויסגעטראָטענע וועגן, טאַנצן זיי נאָך דעם כלל און דער כלל טוט צו יעדער צייט דאָס וואָס איז אין דער מאָדע.

הכל תלוי במזל? אָ, ניין! קיין זאך היינגט ניט אָפּ פונם מזל, ווייל דער מזל, אפילו ווען עס וואָלט ערגעץ וואו געווען אזא זאך, און מיר דאכט זיך אז ער איז — ווי גרינקישקער מארצעפּאַ־נעס, אָדער דער צפּיחית בדבש, אָדער די אייזערנע קאַץ — אַן אויס־געטראַכטע זאך, אויסגעטראַכט אום צו האַלטן דעם מיליאָנען־קעפּ־פיקן דלות אין צוויק; כדי ניט צו דערלאָזן אז ער, דער דלות, זאָל נעמען פרעגן קשיות, נעמען טראַכטן צו קען אפשר ניט געמאָלט זיין, אז דלות איז גאָר ניט אזא אייביקע זאך, אזא אונפּארענדלאַ־כע זאך ווי מאַנכע זאַגן און פילע מיינען? אויסגעטראַכט, כדי אז, ווי אין פּרעה'ס חלום, די מאָגערע קיה זאָלן ניט איינשלינגען די פעטע, קלערנדיק אז דאָס וואָס איינער האָט אויף זיך ניט מער ווי הויט און ביינער בשעת דער אנדערער קייקעלט זיך און ווערט שיער ניט דערשטיקט אין זיין אייגענע שמאַלצגרוב; וואָס איינעם גייט ארום א ווינט דורך די פּוסטע קישקעס, בעת זיין שכן ווערט במעט דערוואָרגן, זיך האסטיק שטאָפּנדיק מיט פרעמדע קישקאַלאָך און פרעמדע העלזלאָך, — בקיצור, קלערנדיק, אז דאָס איז ניט

קיין יושר, וואָס דערפאַר, הייסט עס, האָט מען אויסגעטראַכט דעם דאָזיקן מזל א מין שלאָפּטרונק וואו מען האָט קיין רפואות ניט פאַרן חולה און מען האָט מורא אז ער זאָל פון פיבער ניט ארויסגיין פון די כלים און מאַכן פון אלץ א תל.

הכל תלוי במזל? נארישקייט, קינדער! אלץ איז די מאָדע, און די מאָדע איז די איינציקע וועלכע גייט קיינמאָל ניט ארויס פון דער מאָדע, וועט קיינמאָל ניט ארויסגיין ביז (אָדער ביסקעל־וואנען — ווי דער סאָציאַליסטישער מעפיסטאָפעלס יצחק אייזיק, איבריגענס, זייער א נוצלאכער בייזער גייסט, וואלט געזאָגט) מענטשן וועלן זיך ניט אויסלערנען דיינקען (א שטייגער ווי סוחרים שרייבן זיך אוים סחורה פון דייטשע פאבריקן) „אויף אייגענע רעכ־נונג, און געפאַר“, דאס הייסט פאַר זיך, אליין — מחשבות'ן! ווי פלעגט די באָבע עליה השלום זאָגן בשעת מיר האָבן גענומען ארויס־קריכן פונם ארומקריכן?

אליין — אליין
וועט קינדעלע גיין,

וואָס דאָ וואָלט זי מן־הסתם געזונגען:

אליין — אליין
דענק שכל'ע קליין,
אליין — אליין
צום אמת דערגיין...

און אזוי ווייטער. און דאן וועט נאר די קליינינקע כשר'ע בהמה'לע אויפהערן צו קריכן, זיך צו שארן אויף דעם גענגנזאיץ פונם קאָפּ, צו גיין אויף אלע פיר, זאָנדערן עס וועט אָנפאנגען נאָכצוגיין דעם

אייגענעם שכל; אַנשטאָט צו טאָן ווי אַלע טוען, וועט זי זיך אויס־לערנען צו האַלטן די אויגן אָפן אַ גאַנצן טאָג און וועט זאָגאַר, ווען נויטיק, קענען אַ שפּרונג טאָן און אַ לויף טאָן, ניט פאַלנדיק און ניט זיך מויזיק׳נדיק.

טאָן ווי אַלע טוען, גיין וואו אַלע גייען, שטימען ווי אַלע שטי־מען, שרייבן ווי אַ לע שרייבן, גלויבן אין וואָס אַלע גלויבן, דיינקען נאָך דעם לעצטן מוסטער, אויף דעם אופן ריידן, שווייגן, ליבן, לעבן און שטאַרבן — דאָס הייסט מאָדע און די מאָדע איז ביז איצט קיינמאָל ניט אויסגעגאַנגען פון דער מאָדע.

און ווי איר קענט זען מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין מורא צו גיין קעגן די מעכטיקסטע טיראַנייע און וואָגן פונדעסטוועגן ניט אויסצוטאָן דעם שטייפן, ווייסן קאָלנער — ד. ה. זיי וואָגן ניט צו גיין קעגן די מאָדע;

און ווי איר קענט זען מענטשן, וואָס שטעלן זיך מוטיק קעגן משה רבינו, די נביאים, די אנשי כנסת הגדולה, די תנאים, די אמוראים, די גאונים, די רבנים און ר׳ ישראל סאַלאַנטער (ווייבער און מיידלאַך האָבן געמעגט איבערהיפּן די לעצטע דריי שורות) און אַסמיעלעווען זיך פון דעסטוועגן ניט צו צווייפלען אין דעם וואָס דער רעדאַקטאָר פון זייער ציימונג זאָגט;

און ווי איר קענט זען ווי מענטשן, וועלכע גלויבן שוין פון יאָרן, פון זייערע קינדער־יאָרן ניט אין די השגחה פּרטית פון גאָט, שטעלן זיך מיט „דאַנקבאַרע עהרפורכט" אונטער די השגחה פּרטית פון אַ סאָסייאַיטי־פּרעזידענט, פון אַ צען־פיסיגע חיה, וועלכע מען רופט דאָ קאָמיטע־דאָס, אָדער קאָמיטע יענעס, — ווייל אַזוי איז די מאָדע;

און ווי איר קענט זען ווי די גרעסטע אַפּיקורסים אין אמונה־זאַכן נעמען אָן פאַר כסף עובר לסוחר, אָן אַ קלער, אָן אַ שאלה,

אָן א רגע נאָכדיינקען אלץ וואָס מען זאָגט זיי כל-זמן ווי דאָס איז די „אלגעמיין־אָנגענומענע“ מיינונג פון דער פארטיי און אין דער דאָזיקער פארטיי שוין פון יאָרן מאָדע, —

ווי איר קענט דאָס אלעם זען, אזוי קענט איר אויך אין דעם פרט זען פילע אנדערע זאכן, ניט ווארטנדיק ביז איך וועל זיי אייך צעקייען און אריינלייגן אין מויל, לקיים מה שנאמר:

אליין — אליין!
דענק שכל'ע קליין,
אליין — אליין
צום אמת דערגיין.



## א שטילע תנאים*)

ביי זיי איז געווען א שטילע חתונה און... יע, און נאך א שטילערע תנאים.

דא אין אמעריקא ווערט קיין זאך ניט געמאן שטיל חוץ טאמע אפשר א חתונה, א באנקראט, און אונגעזעצלאכע גנבה (דער היפך פון באנקראט) און די גרינדונג פון א טראסט...

מחשבות'ן! „טראסט" הייסט אויף ענגליש בטחון... אזא מין בטחון ווי דער פרומער איד, למשל, האט אין זיין עולם הבא, אין זיין צוקונפטיקן חלק שור־הבר און לויתן, וואס ער וועט קריגן בעת ער וועט דערהערן דעם שופר־משיח און די טויטע וועלן אויפ־שטיין תחית־המתים... און מען וועט גרייטן צום טיש און מען וועט זיי דערלאנגען זייער חלק שור־הבר און לויתן און א גלעזעלע יין המשומר... אט די זאכן, אין וועלכע א איד האט בטחון, וואס דאס הייסט אויף ענגליש טראסט, וואס דאס איז איינע פון די גרינדונגען וועלכע ווערן דא אין אמעריקא אפגעטאן אין דער שטיל — ווי שטילע חתונות און געזעצלאכע און אונגעזעצלאכע גנבות.

ארויסגעדרייט זיך! חד־גדיא, חד־גדיא!

איז ווי איך זאג אייך: ביי זיי איז געווען א שטילע חתונה און נאך א שטילערער תנאים.

עס ווילט זיך ניט פון דאס גיי פארקריכן... ווען א מענטש געפינט ענדלאך אויס וואו ער האלט, דארף ער שוין זען נאך אמאל ניט צו פארבלאנדזשען. אין לעבן, פונקט אזוי ווי אין שרייבן און אין זאגן, פארלירט מען אפט וואו מען האלט, דאס הייסט, מען גייט אראפ פונם גראדן וועג און מען פארקריכט אין האצע־פלאצע... און

---

*) „ווארהייט", 10טן פעברואר 1906.

מען פארשלעפּט פילע אנדערע הינטער זיך ביז מען פארזינקט אין ערגעץ א זומפּ... פארזינקט לאנגזאם: צוערשט מיט די שיך דאן מיט די פיס, דאן מיטן אונטערלייב, דאן מיטן ברוסט און מיטן הארצן, דאן ביזן האלז און ענדלאך מיטן קאפּ, מיט אלעם מיט אנאנדערער... אָ, ניין! דאָס ווערט ניט אויף אמאָל; קיין זאך ווערט ניט אויף אמאָל.

הייסט עס, האָט מען ענדלאך געפונען וואו מען האלט דארף מען שוין ווייטער ניט פארקריכן, אָבע א סוד וועל איך אייך פארטרויען. ריידנדיק וועגן ביאת הגואל און שופר־משיח און די גרויסע סעודה פאר די אויפגעשטאנענע מתים, איז מיר איינגעפאלן אז ווען משיח זאָל ניט קומען באלד, מאָרגן, איבערמאָרגן, שבת נאָך שלש סעודות, ווי אלע פרומע אידן — חוץ די ציוניסטן, די משיח־לאָזע ארץ ישראל-אידן — גלויבן, האָפן און ערווארטן, וועט פּי־לייכט דער שור־הבר זיין אין די הענט פונם ביף־טראָסט און די אויסגעהונגערטע מתים וועלן מוזן ווארטן ביז זייערע פאָרציעס וועלן אָנקומען פון שיקאגא אין בלעכענע קענדעלאך, גוט געפּאקט, מיט א פלאָמבע פון זולצבערגער דעם איד און ארמאר דעם גוי, און אן אמעריקאנער געבילדעטן רב, וועלכער איז צווישן גוים א איד און צווישן אידן א גוי, און פאר די אידישע אמונה אי א תכשיט אי א מכה בצדה.

איז ווי איך זאָג אייך: ביי זיי איז געווען א שטילע חתונה און נאָך א שטילערער תנאים. דאָס רייד איך ארום מיין אייניקל און זיין פלונית'טע.

שטיל איז דער עסק צוגעגאנגען, אזוי שטיל אז אפילו די יונגע פּאָר פאָלק האָבן דערפון ניט געוואוסט, — אפילו זיי אליין ניט.

די אמת'ע ליבע ווייס ניט אז זי איז דאָ, ווייס ניט אז זי עקזיסטירט, ווי דער אמת'ער העלדנמוט קען ניט אויסלייגן זיין אייגענעם נאָמען, ווי די אמת'ע ערלאכקייט פארשטייט ניט צו וואָס מען דארף א יאַרליק מיט א כתב.

און וואו די אמת'ע ליבע נאָדעט זיך איין אין א מענטשלאכע הארץ, דאָרטן ווערט דונקל, ווערט עפּעס אזוי פול מיט וויי-רויך,

און עס דרעמלט האַלב איין דער פאַרשטאַנד, — ער, וועלכער קלערט, און גריבעלט זיך, און נעמט פאַנאַנדער, און שטעלט צוזאַמען, און פילאָזאָפירט, און זוכט פגימות, און פרעגט קשיות, און סאַנדזיעט, און ראַנדזיעט, און שטעלט אַרונטער א שמייכל אונטער א מיקראָסקאָפּ און איז אַזוי גלאַט א מין קהל'שער קאָכלעפל אין דעם מענטשלאַכן האַרצן — אַלזאָ ער, דער פאַרשטאַנד, דרעמלט האַלב איין און די ליבע, פאַרטראַכט, צודרומשקעט, פאַר'חלום'ט, פילט, אַז זי איז א בעל־הבית'טע ביי זיך און קיינער שטערט ניט.

פרעגט ביי איר: ווער ביזטו? וואָס ביזטו? מה שמך? פון וואַנען קומסטו? וואָס ווילסטו? — ווייס זי אליין ניט, יעדנפאַלס ניט אויף קלאָר.

זי — מיין אייניקל'ס זי — וואָלט אייך דאָס געגעבן דייטלאַכער צו פאַרשטיין. אַן אַכציק יאָריקער אַלטער מאַן — וואָס ווייס ער פון אַזעלכע זאַכן?

איך געדיינק ווי זי פלעגט זיצן ביים פענצטער זומער פאַר נאַכט און פלעגט האַלטן די אויגן אָפן, כדי נ י ט צו זען ניט די מענטשן וואָס גייען פאַרביי אין גאַס, ניט די פורן וואָס צעטרייבן די קינדער, ניט די קאַרס, וועלכע פליען פאַרביי ווי דער רוח, ניט דעם פיין אָפּגעקאָרמעטן פאָליצייסקען, וועלכער האַלט אין צוויק א צובאַלעוועטע מענטשהייט.

זי האַלט די אויגן אָפן ניט צו זען ווי אַנטקעגן ברעכט די הענט אַן אָרעמע פרוי, וועלכע גייט אַרום פון אין דער פרי אַן מיט א געבראָכענעם האַרצן, מחמת איר האָט עפּעס פּאַסירט אַן אומגליק... איינער פון די אומגליקן, וועלכע פּאַסירן אין גרויסע שטעדט טויזנטערוויַיז אַלע ליבע טאָג: דער מאַן האָט געקראָגן א טשיסטע אָפּסטאַווקע פון זיין באָס... אָבער ניט וועגן דעם ליידן מיר, דאָס קימערט אונז ניט, דאָס איז דעם סטאַטיסטיקער'ס עסק, לאָז ער דאָס פאַרצייכענען אין זיין ביכעלע אונטער דער רובריק „אַרבעטסלאָזיקייט“, און מכוח דעם וואָס די פרוי מיט די צובראָכענע האַרץ שטייט און ברעכט די הענט... איז... איז דאָס ניט ראָמאַנטיש און מיין אייניקל'ס זי, הגם בטבע א רך־לב, קימערט זיך וועגן דעם

ניט, מחמת זי זעט עס ממש ניט; זי האלט בי אויגן אָפן, גרויסע אויגן, ווייט-אָפן, אָבער זי זעט ניט.

אַט דאכט זיך — איך געדיינק דאָס ווי היינט — זיצט זי און קוקט אויף א וועלט, וועלכע עקזיסטירט ניט פאר איר, און דורך די קארס, דורך די וועגן, דורך די קינדער, דורכן אין־צוויק־האלטער אין בלאָען ראָק — דורך דאָס אלעס זעט זי נאָר א י ה ם, הגם ער איז צוויי־הונדערט מייל ווייט פון איר, אים, אים אליין.

און אין איר מוח ווערט אויפגעשטעלט א בינע און דאָרט שפּילט זיך פון דאס ניי אָפּ איר שטילער תנאים, דער פּראָלאָג פון איר לעבנס־דראמע.

און איר מוח'ס סצענע שטעלט פאר א מיטינג-פּלאץ, און א גרויסער עולם זיצט דאָרטן, און עס הערט זיך ווי מען רייבט פארלאר־מעטשעס*), וועלכע צינדן זיך אָן מיט א קנאק, ווי אידישע התלהבות, און ווי יונגע לייט רויכערן אויס זייערע שכנים און שכנ'טעס און ווי עס הויבן אָן מענטשן צו הוסטן.

און באלד קומט ארויף אן ערנסטער, ערלאכער, ענטוזיאסטי־שער יונגער מאן און האלט א פייערדיקן פּארטראג, און ער ווערט אזוי שיין, אזוי נאָבל אויפן פּנים, און זיינע ווערטער קומען ארויס פון זיין מויל און גייען דירעקט צו איר אין הארצן אריין און שטעלן זיך דאָרטן איין אויף קווארטיר.

און אין א ווײַלע שפּעטער וואָרט זי שוין ניט מער ביז די ווער־טער זיינע וועלן צו איר צוקומען, זי שלינגט זיי איין כמעט נאָך איי־דער זיי קומען ארויס פון זיין מויל.

און דא פּאסירט עטוואס.

ער דערלאנגט, צופעליק, אויף איר א קוק. זי ווערט רויט ביז אין די וואָרצלען פון אירע האָר אריין... ער מערקט דאָס. ער פארלירט וואו ער האלט. ער פּלאָנטערט זיך א ווײַלע, דאן אָבער געפינט ער זיין פארלארענעם אָרט צוריק... ער איז צו ערנסט... ער רעדט ווייטער, אָבער ריידן רעדט ער שוין ניט מער צום גרויסן

*) שוועבעלאך.

עולם, ער רעדט צו איר, צו איר אליין, הגם ער סטאַרעוועט זיך אויף איר ניט צו קוקן און נאָר צייטנווייז, ערטערווייז, גנב'עט ער אָפּ זיין בליק אויף א ווייליִנקע, דערלאַנגט א שפּרונג צו איר און קומט צוריק אויף זיין אָרט.

זיין רעדע איז צו ענד. ער גייט אַרונטער פון דער פּלאַטפאָר־מע. ער רעדט מיט פריינט און זיין האַרץ זוכט די דאָזיקע, איר... זי איז ניטאָ... ער גייט אַרונטער אין גאַס; עס טריפט א מילדער רעגן, דער „סיידוואָק"*) איז פול מיט מענטשן, נאָר וואָס אַרויס פון האָל.

מיט אַמאָל דערזעט ער איר פון יענער זייט גאַס. זי שיינט אים אי אויסצומיידן אי צו זוכן אין דערזעלביקער צייט. ער דער־זעט איר. זי ווערט רויט. ער ווערט בלייך, און אין האַרצן קור־ליעט זיך עפּעס וואָס איבער.

א דראַטלאָזע טעלעגראַמע קומט און גייט צווישן זיי ביידן. דאָס דויערט א רגע, דאַן לויפט זי, יאָ, זי לויפט אַוועק. ווער איז זי? ער ווייס ניט.

אָבער אין יענער רגע איז דאָס ביי זיי געווען דער שטילער תנאים.

* * *

דידאָזיקע סצענע שפּילט זיך אָפּ אין איר מוח א קורצען צייט שפּעטער, זיצנדיק ביים פענסטער.

---

*) טראָטואַר.

## די שווארצע פינטעלעך*)

פון ווילד־פרעמדע מענטשן קריג איך געזאלצענע און געפעפ־פערטע אָנפראגן מכח די פינטאַלאך אין מיין שרייבן. וועלכע די שרייבערס פארשטייען ניט, און פארשטיין, פארשטייט איר, איז מיט אמאָל ביי זיי געוואָרן א חיוב, א מוז... ביי זיי וועלכע... נאָר לאָמיך ניט כאפן די פיש פארן נעץ.

מיין ענטפער קען געגעבן ווערן אין עטלאכע שורות, אפשר זאגאר אין עטלאכע ווערטער, אָבער פאר מיר איז פיל אינטערע־סאנטער ווי אליץ, דאס וואס מענטשן ווילן איבערהויפט פארשטיין דעם מיין פון פינטאַלאך, פון שווארצע פינטאַלאך.

זיי ווילן פארשטיין! וואָס גאָט האָט דערלעבט! דורות און דורות פון מענטשן האָבן זיך געקאָרמעט מיט אותיות און נקודות און נגינות, קיינמאָל ניט פרעגנדיק ניט ביי זיך, ניט ביי אנדערע וואָס זיי באַטייטן, פון וואנען זיי האָבן זיך גענומען, פון וועמען ווירקלאך א טאטן אין הימל, אָדער צי איז ניט אפשר זייער טאטע זיי שטאמען, צי דארף מען אין זיי גלויבן, צי האָבן זיי א טאטן... א בשר־ודם און צי שטאמען זיי ניט פון גראָבע אונוויסנהייט, און צו האָבן זיי פילייכט גאָר קיין באדייטונג ניט.

שווארצע פינטאַלאך! אויף פארמעט וואס קומט פון א בהמה; געשריבן מיט א פעדער, וואָס קומט פון א גאנז; מיט טינט וואָס קומט אי פון גאָלעס אי פון גלות.... דאָס איז הייליק... און אויב דער „ב“ פון בראשית איז א גרויסער און דער „א“ פון ויקרא א פיצע־מאָנציקער; אויב דער „ו“ פון גחון איז דיקער ווי אנדערע ואָו'ן און דער „נ“ פון מנשה הייבגט אין דער לופטן (ווי דער אידעאליזם אין די ענגלישע טרייד־יוניאָנס — שווער צו דער־גרייכן) איז דאָס אלעס מן השמים: א גאָט־זאך, אצבע אלהים.

---

*) „וואָרהייט“, 31טן מערץ 1906.

און דורות מיט דורות פון מענטשן האָבן געלייענט די באַזיקע שוואַרצע פּינטאַלאַך און האָבן ניט געפרעגט קיין קשיות ווי מען פרעגט ביי מיר, און האָבן געגלויבט, — געגלויבט, בלייבנדיק שטום, טויב און בלינד לגבי זייער אייגענעם שכל לגבי זייער אייגענעם לעבן, לגבי זייערע קינדער און מיטמענטשן.

און אויב אין דידאָזיקע שוואַרצע פּינטלאַך איז געווען געשריבן אַז דלות איז פון גאָט, אַז חלאת איז מסיני, אַז אָפּגעשניטענע יאָרן איז א פאַרדינטע שטראָף, פאַר אייגענע אדער פרעמדע זינד — מען האָט ניט געפרעגט קיין קשיות.

און אויב דאָרטן איז געשטאַנען אַז אָרעמקייט פאַר אידן איז אַזוי שיין ווי א רויטער צאַם ביי א ווייסן פערד; אַז פאַר ראָטשילדן און פאַר גינזבורגן איז, פון דעסטוועגן, עשירות ניט מיאוסער ווי א גילדענער רינג אין דעם נאָז פון א... דבר־אחר, אויב ניט פיל, פיל שענער... האָט מען דאָס אָנגענומען פאַר תורת־משה און מען האָט קיין קשיות ניט געפרעגט.

און אידן און גוים האָט מען געהאַלטן אין יאָך, אין שעבוד־מלכות, אין אונטערדריקן דורך מוראַ'דיקע מאַכט פון די מיסטעריעזע שוואַרצע פּינטאַלאַך, וועלכע קיינער האָט זיך ניט געגרמען די מי צו פאַרשטיין און טאָמער האָט זיך ווען־עס־איז ערגעץ־וואו אימיצער געפונען, האָט מען אים דערשטיקט, אָדער פאַרמאַטשעט, זיך שטיצנדיק אויף ערגעץ א געזעץ, דאָס הייסט, ווידער אויף שוואַרצע פּינטאַלאַך, אויף ווילדע, שטומע, דומע, באַרבאַרישע אותיות.

און מיט אמאָל הויבט מען צו פרעגן!

בראַוואָ מקשן! תמיד פרעגן, קיינמאָל ניט גלויבן, אַלץ פאַרשטיין און דאַן וועט זיך לייכט אַרויסגעפינען אַז יסורים און דלות זיינען גאָר ניט מסיני און אַז דער פּסוק „איש את רעהו חיים בלעו“ (מאַכט דער טייטש: איינער דעם אַנדערן וועט איינשלינגען לעבעדיקערהייט) איז ניט קיין שכל'דיקער פונדאַמענט פאַר א מענטשלאַכע געזעלשאַפט.

און עס וועט ווערן לייכטיק.

## בלייבט א קשיא*)

מיר אידן האָבן געהאַט אויף אונזער גוף די מלמד'ישע צו־פלינע אזוי גוט ווי די קאזאצקע נאגייקע און מיר האָבן גע'ירש'עט מידות פון מהר"ם שיף אזוי גוט ווי פון דער צענזור. און דאָ לייענט מען, דערפאר, ניט נאר צווישן די שורות, מען לייענט אויך אלערליי מיינונגען און פשט'לאך אין די ווערטער. מען קומט צו אונזערע היגע שרייבעריי מיט די קריוטשקאלאך און דריידאלאך און קנייטשלאך און שפיצלאך און קליניקלאך פון די פוילישע און ליטווישע ישיבות. מען נעמט אן ארטיקל אין דער האנט און מען לייענט אים מיט דעם זעלביקן „אפשר אזוי" און דעם זעלביקן „טאָמער גראָד פארקערט", און דעם זעלביקן „זאָלט־עס־אנדערש־זיין־אז־וואָס?" און דעם זעלביקן „אלא־מוז־איך־זאָגן" און דעם זעלבן „ויש־לישב־בדוחק" ווי מען האָט געלייענט אין וואלאזשין און אין אנדערע תלמוד'ישע אוניווערזיטעט־שטעט די בלעטער גמרא. דאן נעמט מען זיך צו לייענען פרייע ווערטער מיט דעם היימישן קרי וכתיב וועלכעס באַטייט, אז ווען עס שטייט געשריבן אזוי, דארף מען לייענען אנדערש; אז ווען עס שטייט בניך, דיינע קינדער, דארף מען עס לייענען בוניך, דיינע ארכיטעקטן.

אָ, די צענזור, אָ די תלמודור! עס איז ניט צום אויסהאלטן פון זיי.

אַ למשל, ווען איך זאָג:

„איך וועל אייך ניט לאָזן לאנג ווארטן". דאכט זיך פּראָסטע ווערטער אָן פּליטערלאך, אָן אויבער־חכמות און קלאָר ווי אַ קיטל צו כל נדרי. דידאָזיקע ווערטער אָבער קומען אריין צו אַ צענזור־תלמוד'ישן לעזער אין די הענט און ער מאכט דערויף אזא פּירוש.

*) דער „אמת", באָסטאָן, 11טן אָקטאָבער, 1895.

„איך וועל אייך ניט לאַזן לאַנג וואַרטן" — וואָס מיינט ער דערמיט? דאָס איז עפּעס צו פּראָסט. דאָ מוז שטעקן א טיפער מיין. וואָס הייסט „איך?" וואָס גיט ער מיה דאָ אָנצוהערעניש? אודאי איך, דאָס פאַרשטייט זיך דאָס אליין. „איך וועל?" געוויס וועט ער. ווען ער רעדט, איז דאָס ער און ניט איך, דאָס הייסט, „איך" און ניט ער, דאָס הייסט זיין איך. „ניט לאַזן", וואָס באַטייט דאָס? איז ער א דעספּאָט, וואָס לאָזט ניט, אָדער מיינט ער, אז ער וועט זען אז מיר זאָלן ניט לאַנג וואַרטן. דער ניט לאַזן האָט דאָ א טיפע באַדייטונג... איי, איי, איי! מען וואָלט געוויס דעם „ניט לאָזן" זיינעם געמוזט אויסלייגן: א טיראַנישן פּיר. אָבער ווי זאָל איך פאַרשטיין די ווערטער „ניט לאַנג וואַרטן?" דאָס גייט דאָך געוויס אויף די סאָציאַלע רעוואָלוציע. און אויב ער איז א רעוואָלוציאָנער, דאָס הייסט אַן אַנאַרכיסט, דאָס הייסט א מאַן וואָס וויל האָבן פרייהייט, ווייל יעדער וואָס רעדט אוים דאָס וואָרט פרייהייט איז דאָך אַן אַנאַרכיסט, טו ווי שיקט זיך דאָס אַז ער זאָל ניט לאָזן? איי, וואָס מען וועט זאָגן, אַז איינער קען וועלן פריי־הייט אין דער צוקונפט און מעג דערווייל ניט לאָזן? טאָ וואָס־זשע שרייבט ערביידע זאַכן אין איין צוג? אַלזאָ, מוז איך זאָגן אַז וואָס? אַז די פראַזע מוז פאַרשטאַנען ווערן פשוטה כמשמעה, טאָ ווי לייגט זיך דאָס אויפן שכל? ניין, דאָס קען ניט זיין! בלייבט א קשיא.



## טיי, ברויט און פוטער*)

מיט א וואָך צוויי אָדער דריי צוריק בין איך איין פרימאָרגן (אַן אריסטאָקראַטישן פרימאָרגן — ארום צוועלף א זייגער) ארויסגעגאנגען אין גאס. גייענדיק איז מיר איינגעפאלן, אז איך בין מיין מאָגן שולדיק א פרישטיק... אייגנטלאך, א וועטשערע אויך, נאָר מיין גנעדיקער מאָגן, וועלכער מאָנט קיינמאָל ניט אלטע נעדאָאימקעס"**) האָט מער ווי דעם פרישטיק ניט פארלאַנגט. צו פארמיידן סכסוכים, בין איך גלייך אריינגעגאנגען אין א קליינע „קוכשאָפּ" און האָב מיך געלאָזן געבן א פּאָר מוציא'ס רויע ווייס-ברויט — ניט דערבאקן ווי דער לחם-עוני, וועלכן אונזערע אבות-אבותינו האָבן געגעסן ביים ארויסגיין פון מצרים, וואָס דאָס, לאָמיך אייך זאָגן, איז געווען דער ערשטער באוויז פון די אייביקע ווארהייט, אז פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס, — א פּאָר מוציא'ס, אלזאָ, רויע ווייס-ברויט, אין וועלכן עס איז געווען א גרויסער חלק ווייצענע מעל, חוץ הייוון, קאלך, פּאָטאַש און אנדערע „אינגרעדיענצן" (ווי די כעמיקער זאָגן), וואָס דאָס אלעס איז וויסנשאפטלאך זייער אינטערעסאנט צו געפינען ביי א וואָלוועלן פרישטיק, הגם אונגעבילדעטע מאָגנס מעגן אמאָל דאגעגן פּראָטעסטירן, מחמת זיי קענען ניט באגרייפן די איידלקייט פון וויסנשאפטלאכע לייב-שמערצן. בקיצור, איך האָב מיר געלאָזן געבן א פּאָר מוציא'ס ווייס-ברויט, באשמירט מיט וואָלוועלע, געלבלאכע, איבערנאטירלאכע (אָדער, בעסער געזאָגט, אונטערנאטירלאכע) פּוטער, — פּוטער מיט אן אָנבליק פון פארגליווערטע גענזענע שמאלץ, אָדער פון פּראָסטע רוסישע חלב און מיט א טעם פון דאָס און יענעם צוזאמען און דערצו — א טאַסע ווארעמע, ברוינלאכע, מוטנע וואַסער, וועלכע העפלאכע מענטשן רופן טיי און וולכע איך, הגם איך בין ניט קיין העפלאכער מענטש, רוף דאָס אויך אזוי, ווייל דאָס— די זאָגענאַנטע טיי — איז ניט געדיכט גענוג פאר באַטשווענע, ניט

---

*) „ארבעטער פריינד", 30טן יאַנואַר, 1891.

**) שטייערן.

זויער נענונ פאר הערינג-ראָסל, ניט כשר נענונ פאר מעד, ניט קלאָר נענונ פאר וואסער, ניט שטארק נענונ פאר עסיק און ניט חלשות'דיק נענונ פאר צמוקים־ווײַן. אויסער דעם, איז דאס זיסלאך, ווארעמלאך און נאס און, ניט זייענדיק קאָפּע, איז דאָס טיי, ווי יעדער איינציקער קען זעען באַשיימפערלאך. —

איך האָב אייך געזאָגט, אז איך האָב מיר דאָס אלעס געלאָזן געבן. איך האָב גברויכט דעם אויסדרוק „געלאָזן געבן“, ניט מחמת איך וויל ריידן דייטש און כלומר'שט זאָגן, אז איך האָב מיר ליידער ניט געקענט העלפן און האָב געמוזט מיר לאָזן געבן אזא פרישטיק, צו ער האָט מיר געשמעקט צו ניט — א ברירה האָב איך געהאַט!

איך האָב אריינגענומען א ביסן אין מויל און האָב מיך פארטראכט. מיר זיינען אריינגעקומען אין מוח די פאָלגנדע געדאנקען:

הייסט עס, ניט נאָר וואָס דער אָרעמאן עסט ניט איז שלעכט, אפילו דאָס, וואָס ער עסט יע, טויג אויף כפּרות. ווען מען פארהונגערט אים ניט, פארגיפטעט מען אים, — פארגיפטעט מען ניט שנעל, איינס־צוויי־דריי, נאָר ביסלאכווייז, פון טאָג צו טאָג, פון שטונדע צו שטונדע. און דער אָרעמאן, דער לאנגזאם פארגיפטעטער, — דאָס איז דער מענטש, וועלכער טוט אלעס, אלעס אויף! אויף זיינע פּלייצעס ווערט געבראכט פון כינע און פון אינדיען טיי און ער טרינקט געקאָכטע סם־המות, פאר וועלכן ער צאָלט מיט די געלט, וועלכע עס איז אים איבערגעבליבן נאָך דעם שינדערס שינדן, נאָכן כאפּער, נאָכן צופּער, נאָכן רייסער, נאָך אלע הונדערטער מינים פּיאַווקעס הייזשעריקן און פאראזיטן, וועלכע ווארטן איינער הינטער דעם אנדערן, וועלכע בייסן זיך, רייסן זיך, שלאָגן זיך אונטער זיך, ווער עס זאָל דער ערשטער אים באראבעווען! ער האָדעוועט די קי, ער פיטערט זיי אין פעלד, ער מעלקט זיי, ער מאכט פּוטער פון זייער מילך און אים—אים קאָרמעט מען מיט געלבלאכע גיפט, וועלכע זעט אוים לפנים ווי פּוטער! פאר די עטלאכע גראָשן, וועלכע דער ציוויליזירטער מענטשנפרעסער האָט אים איבערגעלאָזן צום לעבן, קויפט ער שפּייזן, דורך וועלכע ער שטארבט, איידער ער האָט צייט זיך ארומצוזעען ווי אזוי...

# נײַע צאַרישע געזעצן פאַר אידן*)

מיט עטלאכע יאָר צוריק איז אין ברויסק געווען א מוראָ'דיקער טומל. א זון פון א מורה הוראה האָט זיך (ניט אין קיין אידישע הויז געדאכט!) אוועקגע'שמד'ט אין די עשרת ימי תשובה, און איז געווארן א פּראוואסלאוונער, אָדער ווי דעם קאזאָנעם רב'ס פּלימעניק האָט זיך דאמאלסט אויסגעדריקט — א לעוואָסראָמנער גוי, וואָס דערמיט האָט ער משמעות געוואָלט זאָגן, אז דער בעל-דבר איז געוואָרן לינק און שעדלאַך, וואָס דאָס איז דער היפּוך פון פּראוואָסלאַוונע, וואָס דאָס ערקלער איך ווייל איך בין גראָד היינט אויפגעלייגט צו ערקלערן און אגב האָט זיך מיר געוואָלט מאכן מיין געשרייבאכץ אביסל לייננגער. אומשולדיקע און ניט איבערגעשפּיצטע לעזער מעגן וויסן, אז דאס טוען פיל שרייבערס און איבערהויפּט אידישע, דאָס הייסט, זיי פילן אויס פּאַפּיר, מיט ווערטער ווען זיי פעלט אויס געדאנקען, און זיי ריידן אלץ מער וואָס ווייניקער זיי האָבן וואָס צו זאָגן.

וואָלט זיך מיר ניט געוואָלט אביסעלע מאריך זיין, דאן וואלט איך אייך בקיצור דערציילט, אז דעם בויסקער מורה הוראה'ס זון האָט זיך א פּאָר טעג פאר יום כפּור גע'שמד'ט, אז ער איז נאָך כל-נדרי אנטלאפן געווארן פון שטעטל און, אז ער איז גאר אין קורצן געווען א קאלבאסא-פּרעסער אין פּעטערסבורג. אָבער ניט דאָס אליין. ער האָט אויף זיך געהאט דעם טאטנ'ס קאָפּ און איז אין פון א פּאָר יאָר געוואָרן די רעכטע האנט פון דעם מיניסטער וונוטרעניך דיעל, דאָס הייסט, די האנט, וועלכע מאכט אָן די מערסטע גזירות אויף אידן.

אָט דעם בחור האָב איך זייער גוט געקענט און איך דאַרף אייך ניט זאָגן, אז די מעשה האָט מיר זייער ניט געשמעקט, איבער-

---

*) 1890.

הויפּט ווייל איך האָב געוואוסט, אז די גזירות וואָלטן אזוי גרויס נים געוועזן, ווען אין זיי וואָלט נים געשטעקט א אידיש קאָפּ. היינט שטעלט זיך פאָר מיין שמחה, ווען איך באקום פון אים מיטאמאָל א בריוו, אין וועלכן ער שרייבט מיר, אז ער איז דא אין ענגלאנד אן אנטלאָפענער פון פּאָניעס קנוט, און צוריק א איד — א פרומער, ערלאכער איד ווי אלע... פאון בראָקערס, פון ווייטשעפּעל ביז דעט-פאָרד*).

איך האָב אים אָנגעשריבן א בריוועלע, אז איך וואָלט אים וועלן זען און ער איז געקומען. מיר האָבן זיך לאנג אונטערהאלטן און פארן אוועקגיין האָט ער מיר דערלאַנגט א געשריפט.

„אָט־דאָס — מאכט ער — האָב איך ארויסגע'גנב'עט פון פּאָ-ביעדאָנאָסצעוו'ס **) קאנצעלאריע; דאָס איז א פּלאַן פון נייע גזירות אויף די רוסישע אידן. איבערזעצט דאָס און מאכט באַ-קאַנט ווייט און ברייט".

איך האָב אזוי געטאָן און איר מעגט דאָס איצט לייענען גע-דרוקט.

אָט איז עס:

„פון דעם ערשטן יאנואר אָן און ווייטער טאָר זיך קיין איד אין רוסלאנד, פּוילן, פינלאנד און סיביר נים אנדערש רופן ווי זשיד; די נעמען יעווריי, איזראעליט, יהודי, אלט־טעסטאמענט-ניק, אברהם־יצחק־ויעקב'ס אייניקל, רוסע מאָזאאישער רעליגיאָן, בן-ברית, בן־מלך, רחמן־בן־רחמן, מענטש און אלע אנדערע נעמען און פריזווישקעס זיינען פארבאָטן.

„אידישע אָרימע לייט, וועלכע האָבן נים פון וואנען צו לעבן און לעבן פאָרט, וועלן באהאנדלט ווערן ווי גנבים און וועלן פאַר-שיקט ווערן נאָך סיביר.

„יעדער איד מוז טראָגן א געלע לאטע אויפן אויבערראָק און

*) אידישער קארטאל אין לאנדאן.

**) צאַרישער רעליגיע־מיניסטער. עקסטרעמער שווארץ־מאה'-ניק און אַנטיסעמיט. (זע וועגן אים אויף זייט 42).

א שוואַרצן צלם אויף דער לאַטע. די שטראָף פאַרן ניט טראָגן די לאַטע איז טורמע אויפן גאַנצן לעבן; פאַרן אראָפּרייסן דעם צלם — צען יאָר מער.

„טאָמער גנב'עט זיך אריין א איד אין די פאַרבאָטענע גובער־ניעס, ווערט ער געבונדן הענט און פיס און געקייקלט מיט א קאַנ־וואָי אהיים, — אהין פון וואַנען ער קומט; און ניט צו פאַרמאַ־טערן דעם קאַנוואָי, מעגן די סאָלדאַטן אים בריקענען מיט די פיס און אויף דעם אופן פאַרשפּאָרן זיך צו בויגן.

„אידיש טאָר ניט גערעדט ווערן אין גאַס, דאָסגלייכן לשון־קודש, תרגום־לשון און ווייבערשע טייטש; שטומאַקעס טאָרן אויף אידיש ניט מאַכן מיט די הענט.

„א איד טאָר ניט לעבן פון פּראָצענט, ניט פון א מלאכה, ניט פון דינסט, ניט פון רבנות, ניט פון לערעריי, ניט פון פאַררייד[ן] עין־הרע'ס, ניט פון שחיטה, ניט פון בדחנות, ניט פון סאַרוועריי, ניט פון טראָגן פּעק, ניט פון ברענען ציגל, ניט פון חזנות, ניט פון מעקלעריי, ניט פון האַנדל, ניט פון שדכנות, ניט פון פיטערן בהמות, ניט פון האַלטן קי, ניט פון קרעטשמאַרסטוואָ, ניט פון רייסן הושענות, ניט פון לייפּציקער צעטלאַך, ניט פון לולבים און אתרוגים, ניט פון פּאַדראַטן, ניט פון מגידות, ניט פון עסן טעג, ניט פון היטן פּלוצערן, ניט פון אַלטע קליידער, ניט פון חלפנות, ניט פון באַקן מצה, ניט פון המן־קלעפּלאַך, ניט פון מאַכן לוחות, ניט פון דאַווענען שחריתים, ניט פון אַגענטסטוואָס, ניט פון גיין איבער די הייזער, ניט פון שיינקעריי, ניט פון שרייבן תפילין, ניט פון שפּינען ציצית, ניט פון וואַסער טראָגן און ניט פון ווינט.

„א איד, וועלכער איז הויך געוואַקסן, טאָר זיך ניט האַלטן גרעסער פאַר א קריסטלאַכן קאַרליק.

„מחדש זיין די לבנה איז שטרענג פאַרבאָטן, ווייל דאָס קען זיין א פאַרזאַמלונג אונטערן פרייען הימל.

„אַלע אידן, וואָס זיצן אין טורמע, מוזן שטיין א גאַנצן טאָג, חוץ אין דער צייט פון שמונה־עשרה ביים דאַווענען.

„א איד טאָר ניט פאַרקויפן בראַנפן אפילו ביי זיך אין דער־

היים. געבן אומזיסט מעג ער; געבן אַ טשינאָווניק מוז ער צו יע־דער צייט.

„אידישע קינדער טאָרן ניט געבוירן ווערן אין העמדלאַך.

„אַ אידינע, וואָס גייט צו־קינד, טאָר ניט מאַכן קיין צו גרויסן ליאַרם; טאָמער מאַכט זי, ווערט זי באַשטראָפט פאַרן שטערן די עפנטלאַכע רו.

„ווען אַ איד דינגט אַ קריסט אָנצוצינדן אָדער פאַרלעשן אַ ליכט אום שבת, צו מאַכן אַ סאַמאָוואַר, אָדער צו פּוצן די שטיוול, ווערט ער (דער איד) ענטוועדער געברענט מיט די ליכט, אָדער גע־בריט מיט דער זודיקער וואַסער, אָדער פאַרשוואַרצט מיט דער שו־וואַקס.

„אידישע רעקרוטן מוזן גיין 6 חדשים געפּענטעוועט, בכדי אַז זיי זאָלן ניט קענען אַנטלויפן. טאָמער אַנטלויפן זיי פאַרט איז... פאַרפאַלן.

„אַ נאַלאַג ווערט אַרויפגעלייגט אויף די פאָלגנדיקע אַרטיקלען:

| | קאָפּ. | רוב. | |
|---|---|---|---|
| אַ יאַרמולקע | 50 | | אַ יאָר |
| אַ טלית | 50 | 1 | " |
| אַ ציצית | | 1 | " |
| אַ פּאָר תפילין | 75 | | " |
| אַ מזוזה | 50 | | " |
| אַ ווייבערשער פּאַרוק | | 1 | " |
| אַ האַלז פּערל | 50 | 10 | " |
| אַ זופּיצע | | 2 | " |
| אַ גאַרטל | 50 | | " |
| אַ ווייבערשער קנופּ | | 1 | " |
| אַ האָרבאַנד | | 1 | " |
| אַ שטריימל | 50 | | " |
| אַ טלית מיט אַן עטרה | | 3 | " |
| אַ שלייער פאַר אַ כלה | | 5 | " |

און בכדי אַז קיינער זאָל זיך ניט קענען אַרויסמאַכן פון די דאָזיקע

נאַלאָגן, מוז זיי יעדער איד צאָלן, אפילו ווען ער איז ניט פרום און באנוצט די אַלע ארטיקלען גאָר ניט. פאַר אָרימע צאָלט די קהילה.

„ווען אַ איד טרעפט אין גאַס אַ קאָזאַק אויפן פערד מיט דער נאַגאַיקע אין דער האנט, מוז ער זיך בוקן דריי מאָל פאַרן קאָזאַק, צוויי מאָל פאַרן פערד און איין מאָל פאַר דער נאַגאַיקע.

„מער ווי איין אינגל פון צען טויזנט און איין מיידל פון צוואַנציק טויזנט ווערט ניט אָנגענומען אין גימנאַזיעס. דער איי־נער אָדער די איינע ווערט אַרויסגעטריבן, אויב ער אָדער זי אָס־מיעלעוועט זיך צו קריגן אַ 5 פון ערגעץ אַ פּרעדמעט.

„אין אַ מהלך פון 2 וויאָרסט 117 קלאַפטער, 2 ארשין און אַ ווערשאָק מיט אַ האַלבן ארום און ארום אַ קריסטלאַכער קירך טאָר אַ איד ניט שפּייען.

„אַ איד טאָר ניט קאָרמענען מיט כשרות אַ קאַץ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ קריסטלאַכער הויז.

„אַ אידישער פּוס, וואָס צעטרעט אַ קריסטלאַכע הינער־אויג, ווערט אָפּגעשניטן.

„אַ אידישער אינגל מעג שטיין אויפן קאָפּ, אָבער ניט אין אַ יאַרמאָלקע.

„אידן טאָרן ניט רייטן אויף פערד אָדער אייזלען, וואָס קומען ארויס פון קריסטן, און טאָרן ניט איינשפּאַנען אין אַקער און אין בראָנע אַ קריסטלאַכן אָקס.

„פאָטאָגראַפן מוזן אין זייער שוי-קאַסטן האָבן אַ באַזונדערן ווינקל פאַר אידישע בילדער.

„פאַר יעדן בית־המדרש צאָלן אידן 500 רובל אַ יאָר אין קאַז־נאַ, חוץ 100 רובל פאַר יעדער ספר־תורה, די געוויינלאַכע טאַקסע פאַר די מזוזות און 10 רובל אַ יאָר פאַר יעדן פרוש, וואָס שלאָפט דאָרטן. אויך צאָלן זיי פון 5 ביז 20 רובל פאַרן גערוך אינעוויי־ניק, נאָך דער גרויס נאָך פון בית-מדרש און נאָך דער שטאַרקייט נאָך פונם גערוך.

„אידישע שיינע מיידלאַך ווערן געטויפט.

„אַ איד טאָר ניט אויסגיין שמונה־עשרה הינטערוויילאַך, ווייל דאָס איז געגן דעם פּראָגרעס פון אונזער ציוויליזירטער מדינה.

„פּעטע קוגלען זיינען שטרענג פאַרבאָטן. פאַר געווייגלאַכע צאָלט יעדער איד 10 קאָפּ. פער קוגל, פער עסער, פער שבת אין קאַזנאַ אריין. טשאָלנט און פישנאָגע — דאָסגלייכן.

„דער פאַרברעכער געגן די דאָזיקע אַלע זאַקאָנעס ווערט באַשטראָפט (וואו די שטראָף איז ניט גלייך באַשטימט געוואָרן אין געזעץ גופא) נאָכן געזעץ פונם יאָר 1753 מיט דער דאָפּאָלניענייע פון 1792, 1813, 1825 און 1855־טן יאָר סוואָד זאַקאָנאָוו, באַנד דרייסיק, סטאַטיא 23816, 24761, 31527, דריטע און פערטע פּרימעטשאַניעס, צווייטע און פינפטע אָפּטיילונג, און אין סטאַטיא 31527 מיט די פּרילאָזשעניעס 7 ביז 11 און אנדערע".

וואָס זאָגט איר פאָרט דערצו?



## יום־כפור — היינט און אמאל.*)

חוץ דעם פרנס פון שטאקלישקער מנין און דריי־פיר עמי־ארצים, וואס פרעדיקן אין די גרויסע אידישע שולן, ווייסט יעדער איינציקער, אז יום־כפור אי׳ז א מיוחס. פון וואנען, אבער, זיין יחוס קומט — דאס ווייסט, מיר דאכט זיך, קיינער ניט. ביי זיי ביניהם זיינען אויך דא מיוחסים, מענטשן, וואס מען רופט דוואָ־ריאנעם, אדל־לייט, לארדס. זייער יחוס ווייסט מען: איינער קומט ארויס פון א רויב-ריטער, דער אנדערער פון א קעניגלאכן ממזר, דער דריטער פון א גרויסן מענטשן־שוחט, א גענעראל, דער פערטער פון א גרויסן בעל־צדקה, וואס האט ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיין געלט; דער פינפטער פון העלער-הויט; דער זעקס־טער פון א גע׳שמד׳טן אידן, וועלכער האט נושא־חן געווען ביי א קיסר; דער זיבעטער — נו, האב זיי א גוטער יאר, אבי מען ווייסט זייער שלשלת־היוחסין, דאס איז דער עיקר.

פון וואנען קומט ארויס דער יחוס פון יום־כפור? וואלט ער געווען ניט א טאג, נאר א מענטש, דאן וואלט איך אפשר געגלויבט, אז ער האלט זיך גרויס דערמיט, וואס צוליב אים הונגערן אלע יאר אזוי פיל כשר׳ע בהמה׳לאך גאנצע 24 שעה (זאגאר 25, ווען מ׳זאל רעכענען די צייט, וואס נעמט דער אריינשלאגן פון דעם ערשטן פלעקל פון דער סוכה). נאר אפילו דאן וואלט ער ניט גע־דארפט אזוי פאררייסן דעם נאז, ווייל עס זיינען דא מיוחסים, וואס צוליב זיי הונגערן כשר׳ע בהמה׳לאך ניט 24 שעה, נאר טאקע 24 טעג אין יאר, ווען ניט מער. דאס האט עפעס קיין זין ניט.

נאך וואס. ווען, למשל, יום־כפור וואלט זיך גרויס געהאלטן נאר אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, אין אמעריקא, איבערהויפט אין די „ציבוליזירטע“ לענדער, וואלט זיין יחוס נאך אפשר אויך גע־האט א גרונד. א טאג, וואס פון אים האלטן אזעלכע אידן, וועלכע

*) „ארבעטער פריינט“, לאנדאן, 19טן סעפטעמבער, 1890.

האַלטן, חוץ אים, פון קיין ברעקל אידישקייט ניט, מעג זיך איבער־נעמען. לאָמיך היינטיקן טאָג זיין אַ טאָג, וואָס אַ געסקראָבעטע מאָרדע איינגעריכט אין שוויינענפעטס,—אַ מאָרדע, וואָס הענגט אראָפּ פון אזא מין קאָפּ, וואָס ווייסט ניט פון קיין תפילין, פון קיין עטרה, וועלכע זיצט (אַרויפגעשטעלט אַף אַ גראָבן גוף, נאַטיר־לאַך) אַלע שבת אין פּאַון־שאָפּ, אָדער אין קליידער־געשעפט, — לאָמיך, זאָג איך, זיין אַ טאָג, וואָס אַזעלכע ברואים זאָלן פאַר מיר ציטערן ווי אַ מויז פאַר אַ קאַץ, ווי אַ פּרוש פאַר אַ דעסיאַטניק, ווי אַן איידעלער מאָגן פאַר אַ סמאַרגאָנער פעטן קוגל, אָדער... גענוג, איך מיין, לאָמיך זיין אַ יום־כפור למשל אין האָנסדישט *), וואָלט איך אודאי אויך געווען שטאָלץ, ווי אַן אינדעק. אָבער יום־כּפּור איז אַ יחסן ניט אין האָנסדיטש אַליין, ער האַלט זיך גרויס אין פּוילן און אין דער ליטא אויך. פון וואַנען נעמט זיך דאָרטן זיין יחוס?

איז עס מעגלאַך, אַז ער—יום־כפור—האַלט זיך גרויס מיט דעם, וואָס שווינדלער, באַטריגער, שוויים־אויספּרעסער, בלוט־צאַפּער און אַנדערע אידישע געלט־שרצים צאַפּן ניט, פּרעסן ניט, באַטריגן ניט און שווינדלען ניט פון כל־נדרי ביז נעילה, מחמת זיי האָבן בושה פאַר אים, דעם הייליקן יום־כּפּור? אויב ער האָט שכל, דאַרף ער זיך דערמיט אויך ניט איבריקס שטאַרק איבערנע־מען, מחמת, די באַשווינדלטע, די באַטראָגענע, די אויסגעפּרעסטע, די אויסגעצאַפּטע ווערן גאַנץ גענוג אויסגעמוטשעט פון דעם יחסן אַליין און ווערן גאַנץ גענוג אויסגעצאַפּט, אויסגעפּרעסט, באַטראָגן און באַשווינדלט די איבריקע 364 טעג פון יאָר. ער וואָלט זיך גע־קענט גרויס האַלטן, ווען ער וואָלט אינגאַנצן אויסגעבראַכט שווינדל, באַטרוג, שוויים־פּרעסעריי און בלוט־צאַפּעניש, — אַזוי אָבער זע איך ניט איין, מיט וואָס עס האַלט זיך דאָ אַזוי גרויס. עס וועט קומען אַ טאָג, וועלכער וועט אויסברענגען פון דער וועלט די בלוט־

*) קוואַרטאַל פון רייכן אידישן מיטלקלאַס אין לאָנדאָן פון יע־נער צייט.

צאַפּערס, די אויספּרעסערס, די באַטריגער און שווינדלער, אָבער ער וועט ניט ברענגען הונגער און פאַסטן פאַר מענטשן, ער וועט ברענגען ברויט און געזונטקייט פאַר אַלע די, וואָס האָבן פריער געפאַסט און געהונגערט און געליטן און געשוויגן.

* * *

אָ, איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

מיט יאָרן צוריק האָב איך איין יום־כפּור נאָך כּל־נדרי איינגעדרעמלט אין שול. מיר האָט זיך אָפּגעדאַכט, אַז איך זע לעבן זיך אַן אַלטן מאַן (אין מיינע יאָרן), מיט אַן אויסגעדאַרטן פּנים, מיט אַן איינגעבויגענעם רוקן, מיט גרויע האָר אויפן קאָפּ און מיט אָפּגעריסענע קליידער אויפן קערפּער. און ער האָט געהאַלטן צונויפגעלייגט די אויסגעהאָרעוועטע הענט און האָט געבורבלט אין דער שטיל אַ וואונדערבאַרע תּפילה.

„ליבער גאָט! — האָט ער געזאָגט — איך ווייס, אַז דו ביסט באַרמהערציק און דו פאַרגיבסט אונז אונזערע עבירות געגן דיר; איך בין אויך זינדיק, ליבער גאָט, פאַרגיב מיר אויך און זיי מיר מוחל מיינע זינד!

„ליבער גאָט! איך ווייס, אַז דו ביסט אַ משגיח אויף דער וועלט און אַז קיין זאַך טוט זיך ניט אָן דיין באַשטימונג און אָן דיין ווילן; איך האָב זייער פיל געליטן פון דיין האַנט, שרעקלאַך, שרעקלאַך פיל געליטן, אָבער איך פאַרגיב דיר, ליבער גאָט! איך טו דיר נאָך, און נעם אָן דיינע מידות, און בין דיר מוחל ד י י נ ע זינד.

„ליבער גאָט! אין מיינע יונגע יאָרן האָב איך אָפּט פאַרבראָכן געגן דיין געבאָט און האָב אַ מאָל פאַרפעלט צו לויבן און צו הייליקן דיין נאָמען. זיי מיר מוחל מיינע זינד!

„ליבער גאָט! אין מיינע יונגע יאָרן האָסטו צוגענומען מיינע עלטערן פון מיר, מיינע שטיצערס, זיי, וואָס האָבן מיך געליבט, געהאָדעוועט. איך בין געבליבן אַ פאַרוואָגלטער, אַ יתום אין דער וועלט; פון דיין האַנט איז דאָס מיר געקומען, דאָך, איך בין דיר מוחל דיינע זינד.

„ליבער גאָט! ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר, האָב איך

איין טאָג געטראָפן נאָך דער ארבעט דיינס א באַשעפעניש אין ווייבלאַכער געשטאַלט; זי איז געווען יונג און שיין און זיטלאָך און איך האָב איר פון דעם אויגנבליק געליבט פון גאַנצן הארצן און האָב דורך דעם אָפּגעקערט אָפּט די גדאַנקען פון דיין הייליקן געבאָט. איך בעט דיך, ליבער גאָט, פאַרצייַ מיר און זיי מיר מוחל מיינע זינד!

„ליבער גאָט! דו האָסט מיין גליק צעשטערט, דו האָסט איר, די אומשולדיקע ליבעספולע שעפּסעלע, אוועקגענומען פון דער וועלט, איידער זי האָט מיך באַגליקט מיט דער פרוכט פון אונזער אומבאַשרייבלאָך גרויסער ליבע; ליבער גאָט, איך בין דיר מוחל דיינע זינד.

„ליבער גאָט! איך ווייס, אַז נאָך איר טויט, ארבעטנדיק שווער און ביטער, האָב איך אָפּט געלעסטערט דיין געבענטשטן נאָמען פון שווערער נויט, דורך קראַנקהייט און דורך ליידן. זיי מיר מוחל מיינע זינד.

„ליבער גאָט! איך האָב אַמאָל, אפילו טאָקע נאָר אין די גע־דאַנקען, אויפגעהויבן מיין האַנט אַנטקעגן דיינעם א געזאַלבטן, וועלכן איך האָב זיכערלאָך געהאַלטן פאַר א בייזן, וויטנדן טי־ראַן. ליבער גאָט, טאָמער האָב איך דערמיט געזינדיקט, זיי מיר מוחל מיינע זינד.

„ליבער גאָט! דו ווייסט, אַז דיין געזאַלבטער האָט מיך פאַר מיין רעיון געמוטשעט און געפּייניקט יאָרן לאַנג, האָט מיך געמאַכט אויף אייביק פאַר א קאַליעקע, דאָס טוענדיק אויף דיין באַפעל. איך בין איצט אַלט און גרוי און שוואַך און קראַנק, איך גיי אין קבר פאַר דער צייט אריין. פונדעסטוועגן בין איך דיר מוחל דיינע זינד“.

* * *

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב זיך ארומגעקוקט און דער אַלטער מאַן איז געווען פאַרשוואונדן.

אָ, איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

## די קירך, וואָס האָט זיך מגייר געווען. *)

איך ווייס ניט ווי ביי אייך, ביי מיר טרעפט זיך דאָס זייער אָפט. דוקא אין אַ צייט... עפּעס אַזוי אויף-להכעיס... דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג... ניט דער לאַנדאָנער, נאַטירלאַך; ניט דער אַמעריקאַנער דעם פּערטן „דזשולײַ", ניט ערגעץ אַן אַנדער טאָג אין אַ מלחמה, וואו עס זעט זיך נאָך מער ווי אין דעם היגן „גלאָררייכן פּערטן" דם ואש ותמרות עשן, דאָס הייסט, ליבער רעוועוענד צבועקאָווסקי, בלוט און פייער און רויך... בקיצור, דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אָדער ווי דאָס וואַסער אינם דימענט, אָדער ווי דאָס וואַסער אין דער מילך, אין דער „געדיכ־טער" איידער דאָס קומט אַהין אריין, הגם אין דער לעצטער איז דאָס וואַסער אַמאָל מוטנע צוליב.... נאָר לאָז זיין; בקיצור, דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג און אַנדערע זאַכן (דאַרונטער, דער באַטרוג אין אַמעריקאַנער פּאָליטיק — און פּאַרטייטש מיר ניט: אַנדערע זאַכן, דברים אחרים, ווייל איך מיין דאָס ניט: דאָ מענט איר זיי אַ גאַנץ יאָר האָבן אפילו אין מאָגן, שבת תשובה אָבער טאָר מען זיי ניט דערמאָנען — שפּעטער וועלן מיר וועגן דעם מער ריידן — היינט אפילו אין די געדאַנקען ניט האָבן).

בקיצור הדבר, גראָד ווען עס איז קלאָר, אַז מען דאַרף שרייבן; אַז מען דאַרף, ווייל דאָס פאַרלאַנגט די צייט, די אומשטענדן, דאָס געוויסן, די לאָגיק און די רעדאַקציע, — גראַדע דאַן גייט עס ניט.

און דאָס ניט־גיין איז ניט אַלע מאָל גלייך:

אַמאָל טרעפט זיך, אַז די קאָמוניקאַציע ווערט אָפּגעריסן צווישן דעם מוח און די הענט. עס איז אמת, אַז די טעלעגראַפיע

*) „וואָרהייט", 22טן סעפּטעמבער 1906.

איז דראָטלאָז — איז אימער געווען, אפלו אין די צייטן, ווען מען האָט ביי אידן ניט געהאַט קיין קאָפּ און קיין האַנט חוץ פאַר דעם של־ראש מיט דעם של־יד... מחשבות'ן! נאָך אלע מעשיות איז ישראל'יק פון אייביק אָן געווען אַן אידל ניט קיין נאַר. אפילו ווען ער האָט געהאַלטן, אַז זיין קאָפּ און זיין האַנט האָבן פאַר זייער עובדא צו טראָגן תפילין, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַלטן דעם של־ראש נאָר אויפן שטערן און דעם של־יד אויף דער לינקער האַנט, זיך לאָזנדיק דעם שפּיץ־קאָפּ און די רעכטע האַנט פריי פאַר מסחר און פאַר עניני עולם הזה, זאָגאַר אין דער צייט, ווען ער האָט געגלאָצט די אויגן און געערדט מיט אים, הענט־ניט־געוואַשן!

הייסט עס, אמאָל טרעפט זיך, אַז די קאָמוניקאַציע ווערט אָפּ־געשניטן צווישן די הענט און דעם מוח... איר געדענקט דאָך מן־הסתם, וואָס האָט פּאַסירט אין רוסלאַנד מיט אַ קורצער צייט צו־ריק, בשעת די טרייבער פון דער אייזערנער קליאַטשע און די גע־דאַנקען טראַנספּאָרטירער, מיט אַנדערע (און קלאָרערע) ווערטער, די אַרבעטער ביי די רוסישע אייזנבאַנען און טעלעגראַפן האָבן גע־מאַכט אַ סטרייק; איר געדיינקט דאָך, ווי דער קאָפּ פון אלע רוסן— אַ קאָפּ מיט מער זאָרג ווי מאַרך אינעווייניק און מער פּ...ך ווי קרוין פון אויסנווייניק—האָט זיך נעבאָך געפּילט בשעת צווישן אים און די הענט איז אָפּגעשניטן געוואָרן די פאַרבינדונג. אָט־דאָס— אַ כפרה זיין קאָפּ, זיין קרוין, זיין אלץ־מיט־אַנאַנדער פאַר מיין מינדסטן נעגעלע! — איז ווי איך פיל זיך ציטנווייז.

אָבער עס טרעפט זיך אויך, אַז איך קען ניט שרייבן צוליב אַן אַנדער גרונד.

אָט, למשל, דאַרף זיך אין מיין געגנט, ניט ווייטער ווי אַ שפּיי פון מיין טיר, לכבוד ימים־נוראים, מגייר זיין אַ קירך און ווערן אַ קלויז. ווערט איר דאָך פרעגן: וואָס, אין פלוג, האָט דאָס צו מיר? ווארום זאָל אַ קירך, וואָס איז געאידישט געוואָרן און וואָס וועט, אם ירצה השם, גלייך נאָך ראש השנה־יום כפור צוריק זיך אָפּ'שמד'ן און ווידער ווערן אַ גוטע פרומע קריסטלאַכע קירך, מיר שטערן די רעיונות? און עס שטערט.

אָט קלער איך נאָכאַנאַנד, ווי אַזוי דער קריסטלאַכער סגל האָט זיך (פאַר געלט) צונויפגעצויגן און איז געוואָרן אַ חירק, אַ קליינער חירק אונטער אַן אַמעריקאַנישן יוד; ווי אַזוי דער קריסטלאַכער צלם האָט פון זיינע פיר גלידער געמאַכט זעקס און איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ מגן-דוד, און ווי ער וועט נאָך ימים-נוראים זיך פון דאָסניי מוזן צונויפקלעפּן, צונויפלייגן, צונויפשטעלן און ווערן ווידער אַ קרייץ, ווידער אַ סימבאָל פון אַן אמונה, וועלכע ציט זיך פון איין עק וועלט ביזן צווייטן און פון הימל ביז דער ערד (דער דאָזיקער געדאַנק איז פּאַטענטירט אין וואַשינגטאָן — חברה לאַנגע פינגער מק"ק ליטעראַטור!), הגם די מעשה מיט די צוויי עקן, אָדער אפילו מיט די פיר עקן וועלט, איז אַ געפּלאַצטער זייפנבלאָז היינטיקן טאָג.

און דער דאָזיקער קירך־קלויז גייט מיר ניט אַרויס פון קאָפּ, מיר, וועלכער פלעגט קיינמאָל ניט קענען באַגרייפן ניט נאָר ווי אַזוי אַ קירך גייט אַריין אין אַ מוח, נאָר אפילו ניט ווי אַזוי אַ מוח גייט אַריין אין אַ קירך! איך דאַרף, איך וויל שרייבן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין און דאָ דרייט מיר אַ קאָפּ דער אידישער שופר, וואָס בלאָזט זיך אויף דעם קריסטלאַכן אָרגל, וועלכער האָט מיט אַמאָל גענומען בורטשען „האוחז ביד", זייענדיק געוואוינט צו „פּאַטערנאָסטערס" און אַנדערע תיפלה-תפילות, וועלכע האָבן אפשר אַ שייכות מיטן „אוחז ביד", אָבער זיי זיינען צו קריסטלאַך וועגן דעם צו ריידן.

און איך קלער נאָכאַנאַנד, ווי פילט זיך דאָרטן, אַ שטייגער, אונזער אידישע שכינה, וואָס וויינט כסדר אויף אונזער גלות, — וויינט אַזוי פיל, אַז אירע אויגן זיינען כמעט שוין מטושטש און זי זעט ניט מער ווי מען שטעכט די אָרימע שה פזורה ישראל אין אַדעס, און ווי מען קוילעט איר אין ביאַליסטאָק, און ווי מען עפּנט איר אַן אָדער אין סיעדליץ.

וואָס, אַלזאָ, טוט, ווי פילט זיך די פּאַרוויינטע שכינה צווישן די קריסטלאַכע פיר ווענט — קלער איך. ווי קומט דאָרטן אַרויס דער „ונתנה תקף", דער „כל נדרי", דער אָפּקלאַנג פון טויזנטער

פּאַגראָמען פון טויזנטער יאָרן, דער שוואַכער אָפּקלאַנג פון אַ מאַכטלאָז געוואָרענער ראַסע, פון אַ ראַסע, וועלכע קען ניט מער קעמפן און קען נאָר וויינען, וועלכע קען ניט מער פאַרטיידיקן אירע רעכט און איר פּראָל איז: „צום, קול, ממון" — זיך אויסקויפן פון צרות דורך זעלבסט־פּייניקונג, דורך רחמים־בעטן, דורך לאַפּקע־געבן... ווען מען דאַרף, וואו מען דאַרף, אויב מען נעמט.

ווי, קלער איך, קומען זיי דאָרטן ארויס: דער אידישער בלוטיקער קרעכץ און דער אידישער שרעקלאַכער זיפץ, ווען אַרום און אַרום זיינען דאָ סליאַדעס פון דעם קריסטנטום, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דעם קבר פון איין אידן און האָט אַ לאַנגע צייט געבליט אויף די קברים פון טויזנטער אַנדערע?

און אַזוי קלערנדיק, בלייב איך ניט געשריבן. מיין פּעדער שטעלט זיך אָפּ אין מיטן וועג ווי, להבדיל, בלעמ'ס עזל פּאַרצייטן, מער נישט יענער איז געבליבן שטיין און האָט געעפנט דאָס מויל, בעת מיין פּעדער בלייבט שטיין און פאַרמאַכט דאָס מויל.

און דאָך איז דער גאַנצער עסק ניט מיין עסק.

אמת, מיין אַלט, איין־און־אַכציק־יאָריק האַרץ פאַרשטייט זיך בעסער און רופט זיך אָפּ גיכער אויף דעם אידישן זיפץ ווי אויף יעדן אַנדערן זיפץ. אָבער איך האָב אַן אמונה, פאַר וועלכער קיין טעמפּל אין דער וועלט איז ניט ברייט גענוג, פאַר וועלכער קיין שופר'ס קול איז ניט שטאַרק גענוג, פאַר וועלכער קיין אידעאַל איז ניט הויך גענוג. איך האָב אַן אמונה, וועלכע נעמט אריין דעם אידן און גיט אים אַ ליכט אין די אויגן, אַ פרייד אין האַרצן און אַ פאָן אין דער האַנט, — אַ פאָן, וועלכע טראָגט אויף זיך די ווער־טער: „אידן און קריסטן, ווערט מענטשן! ראַסן און פעלקער, ווערט אַ מענטשהייט! מענטשן און מענטשהייט, פאַרדינט אייער נאָמען!"

און אַזוי ווי איך האָב אַזאַ מין רעליגיע, איינע, אין וועל־כער איר דאַרפט ניט גלויבן, מחמת איר קענט איר פאַרשטיין, דער־פאַר איז אייגנטלאַך די קשיא אַ ריכטיקע: וואָס האָט דאָס צו מיר? וואָס קימערט דאָס מיך, וואָס אַ חזן האָט איבערגעביטן

זיין סידור, וואָס אַ בימה שטאַמט פון אַ קאַנצל, און וואָס אַ קירך האָט זיך מגייר געווען? ווארום זאָל אַזאַ קליינקייט, וועלכע קען אין דעם ערגסטן פאַל געסעטלט ווערן צווישן מטטרון-שר־הפּנים און דעם אויבערשטנ׳ס בן־יחיד דאָרטן אויבן, מיר שטערן צו שרייבן?

און דאָך, ווי געזאָגט, שטערט עס.

— „זיידע, זאָגט מיין אייניקל, און אַז דו ווערסט היינט ניט שרייבן?“

„פאַר וואָס ניט היינט?“

— „אידן גייען צו תשליך...“

„מיינסטו, אַז איך וואָלט על־פּי־יושר געדאַרפט גיין זען די אַלע מינים עבירות, וועלכע זיי שאָקלען אָפּ פון זייערע פּאָלעס? נאַרעלע! דאָ זיינען דאָך אפילו די עבירות ניט אינטערעסאַנט. דאָ זיינען זיי אַזוי העסלאַך, אַזוי פּראָזאַאיש, אַזוי מעשה־סוחר, אַז עס עקלט אָפּ זיי באַטראַכטנדיק. נאַרעלע! עס זיינען דאָ עבירות, וועלכע ברענגען אריין אין אָפּגרונט און מען פּילט זיך אין דעם זיבעטן הימל; עבירות, צוליב וועלכע עס לוינט צו ליידן צרות אויף דער וועלט און דורכצוגיין אַלע שבע מדורי גהינום אין יענער וועלט, אָבער דאָ אַרום אונז... נאָר געננוג!“

„און מכוח שרייבן אום ראש השנה, גייט מען אין גאָט׳ס וועגן: ראש השנה שרייבט ער אויך!“

# חנוכה.*)

עס בענקט זיך שטארק נאָך דער ליטא, איבערהויפט ווען עס קומט אָן חנוכה. אזא מינסק איז זיך אָן אַלטער איינגעפונדע־וועטער כרך; מיט אַלטע איינגעפונדעוועטע בעלי־בתים; מיט אַל־טע איינגעפונדעוועטע מנהגים; מיט אַ גאָט, וועלכער האָט אַ דעה; מיט אַן אמונה, וועלכער האָט פאַר זיך אַ שול־הויף; מיט אַ פּראָ־פעסיאָנעלן משוגע'נעם אין שטאָט; מיט אַ שטאָט־באָק, וועלכער איז אַ בכור און ווייסט דאָס; מיט בתי־מדרשים פאַר אָרימע בחורים צו שלאָפן אין 'זיי, און מיט הונדערט אַנדערע זאַכן, וועלכע טראָגן אויף זיך דעם פייער פון אור כשדים און דאָס וואסער פונם מבול, און דעם קלאָג פון גזרת ת"ח און די שמחה פון די טויזנטער שכור'ע שמחת־תורה'ס. עס איז אמת, אז איך בין שוין אַ צייט פון דער היים, אז איך האָב זיך שוין לאַנג אויסגעליטעט'ט און אויס־געמינסק'ט און רייד שוין אפילו ניט דעם הייליקן מינסקער לשון. עס קען זיין, אז היינט איז מינסק שוין ניט מער מינסק, אָבער איך רייד פון פארצייטיקע יאָרן און דעמאָלט איז אַלץ געווען ווי איך האָב אייך געזאָגט; אויב ניט, האָט עס באַדאַרפט זיין. אַ, חנוכה אין אונזערע מקומות אין יענע צייטן! וואָס ווייסט אַמעריקא דערפון, איר קענט איר דאָס ניט דערקלערן. ווי קענט איר אזא מדינה געבן אַ באַגריף פון אונזערע בלייענע דריידלאַך, איר, וועל־כע איז פארטאָן מיט דריידלאַך פון גאָלד און זילבער און אקציע־פאַפּירן; מיט דריידלאַך צו געווינען מיליאָנען, ניט קופּערנע ני־קאָלאַיעווסקע האַלבע און גאַנצע גראָשנס, וועלכע האָבן זיך קיינ־

---

*) דער „אמת", באָסטאָן, 13טן דעצעמבער, 1895.

מאָל ניט אָנגעקליבן ביז א „דיטקע“*); מיט דריידלאך, וועלכע גייען ניט אָפּן ארום אויפן טיש, נאָר שטילערהייט, באהאלטענער-הייט, ערגעץ־וואו אין אַן אָפּיס, אין א קלוב־רום, אין די לאבים פון קאָנגרעס און די אלע אנדערע ערטער, פאר וועלכע איר קענט אפילו ניט געפינען א כשר׳ן אידישן נאָמען!

פרעגט אמעריקא בחרם, וואָס א חנוכה׳דיקער זעקס־און־זעכ-ציק באטייט! פרעגט איר בחרם, וואָס ברוך קאלינער׳ס חנוכה־ליכט־בענטשן באטייט! וואָס פארשטייט זי איבערהויפּט פון בא-לייכטונג, וועלכע טאָר ניט באנוצט ווערן, ווי אונזערע חנוכה־ליכט? זי זוכט פון אלצדינג ארויסצונעמען א נוצן, זי איז פּראקטיש, זי וויל ניט ויסן פון א לעמפּל, אָדער א ליכט, וועלכער ברענט זיך און לייכט זיך צום אייגענעם פארגעניגן, און טאָר ניט געברויכט ווערן ניט צום ארבעטן און ניט צום קנעלן, א שטייגער ווי א פּרוש אין דער היים, אָדער א נר־תמיד אין די היימישע שולן. אמעריקא איז א שרעקלאכע מדינה פאר ליכט, וואָס צערט זיך אויף, שיינענ־דיק ניט מער ווי פאר זיך אליין, און דערפאר טאָקע גיט זי ניט אָפּ דעם ריכטיקן כבוד א ליטווישן אָדער פּוילישן משכיל, וואָס ביי אים איז יעדן שדכן געלאָפּן שפּייעכץ פון מויל, אים באטראכטנדיק.

פון יהודה המכבי, זעט איר, האָט מען אין מינסק גאָר ניט פיל געטראכט. מיר האָבן זיך דאָרטן אָפּגעוואוינט פון העלדן, וועלכע שטעלן זיך געגן א גרויסער פינסטערער מאכט און פרעגן ניט: „וויפיל זיינען מיר און ווי שטארק איז דער שונא?“ מיר האָבן געקריצט די ציינער, דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון אנטיכוס מלך יון, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט אויף קלאָר, וואָס פאר א צוזאמענהאנג אָט-דער אנטיכוס האָט מיט די לאטקעס, מיט די דריידלאך און מיט דעם מאָץ פון זעקס־און־זעכציק. מען האָט גערעדט פון חשמונאים, אָבער צי זיי זיינען געווען חסידים אָדער מתנגדים, צי זיי האָבן געבראכט האָלץ אויפן מארק, אָדער זיי האָבן איינגעצעלט א פויער א גילדן אין א רובל, — דאָס האָט א

*) צען גראָשן.

חוץ דעם רב און דעם מגיד קיינער אויף קלאָר ניט געוואוסט. עס זיינען געווים געווען פרומע אידן, וועלכע האָבן געמיינט, אז די חשמונאים קומען ארוים פון אַשמינע פון ווילנער גוּבערניע. פון יהודה המכבי האָט מען ענטוועדער גאָר ניט געוואוסט, אָדער אַ־ניט, אז ער האָט זיך עפּעס געשלאָגן מיט אַ יון וואו עס איז, ווי עס איז, ווען עס איז, און האָט אים געוויזן ווער עלטער איז. פארצייטן...



# איירָאפּע אין 1878.*)

**די אַלטע איירָאפּא ווערט זייער אינטערעסאַנט.**

מיט א יאָר פופצן צוריק האָב איך איר איין טאָג **גענוי באַ־טראַכט**, און דעם טאָג איז זי מיר פאָרגעקומען שרעקלאַך. דאָס איז געווען, לאָמיך אייך פאַרבייגייענדיק זאָגן, איינער פון יענע ניט-קאַלט און ניט־וואַרימע, גן־עדן־גהינום'דיקע פרילינג־טעג, וועל־כע די דיכטער באַזינגען און די ברוסט־קראַנקע פאַרפלוכן; וועלכע האָבן, ווי רייכע בעלי־צדקות, אַ שמייכל אויפן פּנים און אַ טורמע אין האַרצן, — אַ טורמע, וואו עס זיצן איינגעשפּאַרט און פאַר־ריגלט גנבה, גזלה, רציחה, לוסט צו פרעמדע און גלייכגילטיקייט צו אייגענע, פאַרברעכערישע געדאַנקען און שענדלאַכע געפילן, איבערגעטראָטענע לאַ־תנאַף'ס פון נעכטן און לאַ־תחמוד'ס פון מאָרגן. אַזאַ מין טאָג איז דאָס געווען. די זון האָט געשיינט אַזוי ווי אויף-להכעיס, פּונקט ווי אונזער ציוויליזאַציע, וועלכע זאָגט: איר מעגט זען מיין גלאַנץ, אָבער איך וויל אייך ניט וואַ־רימען. און צייטנווייז האָט געטריפט אַ שוואַכער רעגן, לאַנגזאַם ווי די עסטרייכישע טיראַניי, וועלכע פלוכעט אייך ניט אָפּ ווי די רוסישע, אָבער פון וועלכער איר שניידט פונדעסטוועגן ניט אָפּ טרוקן. דער רעגן האָט געטריפט אומאַנטשלאָסן, ווי אַ מיידל, וועלכע הערט אויס אַ ליבעס־דערקלערונג, — אַליין ניט ווויסנדיק צי זאָל ער רעגענען צי ניט, ווי יענע ווייסט ניט, צי זאָל זי זאָגן יאָ צי ניין. און דאַן דער הימל. ער האָט אויסגעזען האַלב־קלאָר, האַלב־פאַרוואָלקענט — ווי פּיכטע'ס פילאָזאָפיע; האַלב־לוסטיק, האַלב-אומעטיק — ווי אַ בדחן ביי אַ לויה; ניט אינגאַנצן אויסגע־

---

*) פּרצ'עס „יום־טוב בלעטלאַך“, 1894.

ווינטערט און ניט איגנאָנצן איינגעזומערט — ווי די אַמעריקאַנער פרייהייט, ווי די נייע ענגלישע „אומאָפּהענגיקע ארבעטער־פּאַרטיי", ווי אַ רייכע אַלמנה אַ וואָך נאָך שלשים. דאָס איז געווען, בקיצור, איינער פון יענער טעג, וועלכע... וועלכע מען דאַרף לאָזן אָן אַ זייט, אויב מען מיינט צו קומען צו אַ טאָלק מכוח דעם ענין, ארום וועלכן מען וויל ריידן.

איך האָב געזאָגט:

מיט אַ יאָר פופצן צוריק האָב איך איר, דאָס הייסט, די אַלטע אייראָפּאַ, געגנוי באַטראַכט און זי איז מיר פאָרגעקומען שרעקלאַך. דען אַלט און אַלט איז ניט גלייך.

איר זעט אַמאָל אַ שיינע אַלטע פרוי, וועלכע האָט דערגרייכט אַ הויכן עלטער, האָט לאַנג שוין גליקלאַך אויסגעגעבן אַלע אירע טעכטער. אַזאַ זקנה, זי מעג אייך טראָגן אַ קנופּ אויפן קאָפּ העס־לאַכער ווי אַן אַזיאַטישער טורבאַן, זי מעג האָבן מער רינצלען ווי שטערן, מער אויגן ווי ציינער, און אַ הויט אויפן פּנים איינגע־שרונקען ווי דאָס האַרץ פון אַ מלוה אין צייט פון באַנקראָטן; זי מעג גיין געבויגן אין דרייען ווי דער איישישקער יחוס אין די ענגלי־שע פאַבריקן; זי מעג ריידן ווי אַ קינד מיט אַ הייסער בולקע אין מויל, — אַזאַ זקנה, פונדעסטוועגן, וועט אויסזען שיין און ליבלאַך. ווייסט איר וואָרום? ווייל עס איז פאַראַן אַ סאָרט שיינקייט, אויף וועלכער יונגע לייט זיינען אפשר ניט קיין בעלנים, אָבער וועלכע איז דאָך געטלאַך: די שיינקייט פון אַ ליבנדיקע, גילקלאַכע אַלטע מאַמע. באַטראַכט איר, אַט־די אַלטע מאַמע, און זוכט איר גוט אום איר צו באַטראַכטן. זוכט גוט, ווייל די נויט מאַכט אַזעלכע אַלטע גליקלאַכע מאַמעס זעלטענער אין דער וועלט ווי פרישע אייער אין גרויסע שטעט; זי זעט, אַז זיי זאָלן ניט קענען פאַרהייראַטן זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן נאָר פּטור ווערן פון אַ לאַסט; אַז זיי זאָלן אויסגעבן זייערע טעכטער ווי מען גיט אויס אַ פאַלשע מטבעה — אין האַסט, אין דער שטיל, מיט אַ „כאַפּט איר דער ניט־גוטער" ביי די תנאים און אַ ברוך שפּטרני נאָך דער חתונה. זוכט־זשע גוט,

און אַז איר וועט אַזאַ אַלטיטשקע געפינען, קוקט זיך אין איר גוט איין, זעט אויב איך רייד פון שלאָף, אָדער פון סידור.

אָ, יאָ! אַזאַ זקנה איז שיין מיט לופט און קנופּ, מיט אַלץ־מיט־אַנאַנדער. אַזוי אָבער האָט די אַלטע אייראָפּאַ דעמאָלט ניט אויסגעזען. איך וויל אייך אויפמאָלן איר בילד. ניט גענוי: איך בין ניט קיין פאָטאָגראַף; איך וויל אייך געבן אַ האַסטיקן מאַך פון עטלעכע שטריכן, און נאַרן וועלן דאָס רופן אַ קאַריקאַטור. דערצו בין איך געוואוינט. אָט איז עס:

פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אַלטע חצופה, גרוי, ניט אַזוי פיל פון יאָרן, ווי פון הולטאַיסטווע, ניט אַזוי פיל פון דאגות ווי פון קירכלאַכער פאַמאַדע; אַ פּרוי מיט שמינקע אויף די דאַרע באַקן, מיט פאַרב אויף די פאַוויאַלעטע ברעמען, מיט ציינער אין מויל אַריינגעזעצטע און באַפעסטיקטע מיט גאָלד; אַ פּרוי מיט אַ קראַנקען גוף, אויסגעפּוצט אין דער לעצטער פּאַריזער מאָדע, — פּאַנאַמאַ שניט און ניי־קאַלעדאָניאַ־קרויזקעס, שטאַרק אויסגעבלויזט — און מיט אַ טאַליע איינגעשנורעוועט, פאַרצויגן און פאַרקרעמפּעוועט אין אַ שטייפן קאָרסעט פון סעמיועל סמאַילס׳עס פאַבריק, וועלכע טראָגט אויף איר פירמע דעם יאַרליק: „העלף זיך אַליין און אַ כפּרה די מענטשהייט“; אַן אַלטע מיאוס׳קייט, וועלכע דאָקטאָרט זיך נאָכאַנאַנד ביי פּראָפעסאָר ווירכאָוו, נעמט איין קאַטוילישע מאָרפיום־פּילן צום שלאָפן, פּראָטעסטאַנטישע האָמעאָפּאַטישע פּראָשקעלאַך צום אויפזיין, רוסישן מאַלץ־עקסטראַקט געגן איר רעוואָלוציאָנערן הוסט, און עסט שטיקער פּאַסטעטן פון „יודנפלייש“, ווייל זי קען ניט פאַרדייען די שפּייזן פון לאַסאַל׳ס פאָלקס־קיך, — הפּנים צו־פּריש: אַן אַלטע פאַרזעעניש, וועלכע איז שוין מיט איין פוס אויף יענער וועלט און הויבט זיך פונדעסטוועגן און שפּרינגט אונטער, און לאָזט זיך זאָגן קאָמפּלימענטן פון פאַלשע היסטאָריקער, און לאָזט זיך לויבן פון ציימונגס־באַראַבאַנשטשיקעס, און לאָזט זיך שרייבן פערזן אין אַלבום אַריין פון רויע, ניט־דערבאַקענע, איבערגעברענטע און וואַסערדיקע דיכטער; אַן אַלטע פּרוי, וועלכע טאַנצט אַ קריגס־וואַלץ מיט מאָלטקע, אַ לוסטיקן

קאנקאַן מיט גאמבעטא, א טאראנטעלא מיט וויקטאָר עמאנועל, א פאנדאנגע מיט אלפאָנזאָ פון שפאניען, אַן אנגליזירטן ברוגז-טאנץ מיט דיזראעלי און מיט דעם מאַן פונם קנוט א קאָזאטשקע; אַן אלטע מאמע, וועלכע זעט איר טאָכטער גערמאניא מיט א ראנעץ אויפן רוקן, וואָס נעמט איר אוועק דעם אָטעם דורך זיין שווערקייט; איר טאָכטער פראנקיא — א רואינירטע פּראָסטיטוטקע; איר טאָכטער היספּאניא אין א בייזער מערכה פארן פרומען שווארצן יאָר; איר טאָכטער איטאליא מיט דער מכה־פּאבסט אין ברוסט און דער מכה-קעניג אין רוקן; איר טאָכטער רוסיא אונטער א ראָמאנאָווישער נאגאיקע; איר טאָכטער אויסטריא אין א האבסבורג־מאגיארסקע כתונת־פּסים, באפלעקט מיט בלוט פון א טויט פעלקער, — זעט דאָס אלעס און איר אַרט ניט; א צעפּולווערטע פארשטעלעניש, וועלכע האָט טעכטער און איז ניט קיין מאמע; א הארץ אָן ליבע; טעמפּלען אָן רעליגיע; קונסט אָן א אידייע; וויסנשאפט אין קראָמען און סחורה אויפן קאטעדר; וועלכע איז עובר־בטל און פוצט זיך, טאנצט אויף קולעס און האלט פאר זיך א סטאטועטקע פון קופּידאָן, דעם שיינעם ליבעס-גאָט, און ניט צו טראכטן וועגן דעם העסלאכן מלאך דומה.

אָט־אזא פרוי, פארשטייט איר, איז מיט פופצן יאָר צוריק געווען די אלטע אייראָפּא.



# די גרויסע אסיפה

אָדער:

# דער קאַמף קעגן די סאָציאַלניקעס*)

---

פ ע ר ז אָ נ ע ן:

ר'וועלוול סלוך, א ציטונג־שרייבער

ר' איצל גרוך, אן עפּל־קרעמער

ר' טרייטל ברוך, א סוחר

ר' פייטל זוך, א שנאָרער

ר' מענדל טוך, אַ קליידער־הענדלער

ר' בענדעט פלוך, א מגיד

ר' הירש פעטוך, אַ שוחט

ר' שמענדרע שוך, א שיכל־קרעמער

ר' געצל דוך, אַ בשמים־קרעמער

א שמש, אַ מאַרק־אידענע, אַ וואַכער־קלייבער, אַ נארר, אַ פּאלעסטינעץ און פילע אַנדערע.

---

ציוּט — פרייטאָג בין־השמשות.

אָרט — טאָר מען ניט אויסזאָגן

---

**ר' וועלוויל סלוך.** (מיט א גלאָק אין האנט, שטייענדיק ביים טיש) — אידן! אין פלוג איז דאָך אַ קשיא, ווי קום איך... ווארים ווער בין איך? הייסט עס, ווי קום איך, פרעג איך, אז דוקא איך זאָל זיין דער פרעזידענט פון אזא וויכטיקער אסיפה? נאָר אַזוי ווי איך...

---

*) „ארבעטער פריינט“, לאָנדאָן, 4טן נאָוועמבער, 1890.

ר׳ שמענדרע שוד. — מאַכט דערפון, מאַכט דער־פון, מיר האָבן אינגאַנצן אַ האַלב־שעה צו ליכט-בענטשן...

ר׳ פייטל זוד. — לאָזט ריידן, לאָזט! האָט איר אַ שמעק טאַבאַקע, הער ברוך? אַ שיינעם יישר־כוח אייך... לאָזט ריידן, ר׳ שמענדרע, וואָס לאָזט איר ניט!

ר׳ וועלוויל סלוד. — הייסט עס... יאָ! נו, זאָג איך... נאָר דאָס מאַכט ניט אויס.. מיר זיינען געקומען זיך מיישב זיין מכוח די סאָציאַליסטעס, וואָס ווילן... וואָס ווילן זיי?... איך וועל אייך זאָגן, וואָס זיי ווילן...

ר׳ איצל גרוד — זיי ווילן מאַכן אַ מיאַטעזש קעגן דעם רוסישן קייזער און... און...

ר׳ טרייטל ברוד. — און קעגן דעם הנותן־תשועה למלכים, משמעות...

ר׳ וועלוויל סלוד. — דאָס ווילן זיי אפשר אויך, אָבער ניט דאָס מיין איך, אידן! זיי ווילן... לאָז די מאַרק־אידענע דאָרטן אין ווינקעלע אויפהערן צו קנאַקן אירע נים... איך זאָג, זאָג איך, אַז זיי ווילן מאַכן אַ מרידה אַנטקעגן מלכות־ענגלאַנד און אַרויפברענגען גרויסע צרות אויף כלל-ישראל. בכן איז מיין מיי־נונג, אַזוי ווייט ווי מיין נאַרישער שכל באַנעמט, אַז... אַז... אַז ר׳ בענדעטיל פלוד, אונזער באַרימטער, איך מעג זאָגן, וועלט־באַ־רימטער מגיד, זאָל — און פאַר וואָס טאַקע ניט? — אַז ער זאָל, זאָג איך, אונז זאָגן, וואָס צו טאָן...

ר׳ הירש פעטוד. — כאַפּט ניט! וואַרט, ר׳ בענ־דעטיל! זאָגן וועל איך אייך... שעכטן דאַרף מען...

ר׳ בענדעט פלוד. — אַז מען וועט אייך רופן, וועט איר קומען... אייער חלף איז שאַרפער פאַרן צונג... קוילענען בהמות איז אייער זאַך, אויסראַטן ווילדע חיות לאָזט אונז...

די מאַרק־אידענע. — און לאָז האַלטן ביים פאַר־וואַרפן מיט קרוטשאַנעס — לאָזט מיך...

דער נאַר. — טאַקע! הום! הום!

ר׳ בענדעט פלוד. — לאָזט־זשע ריידן!

ר׳ א י צ ל ג ר ו ך. — אויף דעם אופן וועלן מיר קיינמאָל צו קיין טאָלק ניט קומען...

ד ע ר ש מ ש. — עס איז שוין צייט כמעט צו גיין אין שול.

ר׳ ב ע נ ד ע ט פ ל ו ך. — מאָ הערט־זשע! זאָג איך אזוי, פארשטייט איר מיך: מען דארף זיי עוקר־מן־השורש זיין, דארף מען זיי... אי, וועט איר אפשר פרעגן, וואָס קען מען אזעלכע יונגאצעס, אזעלכע משומדים טאָן אין אזא מדינה, ווי לאָנדאָן? זאָך איך אייך, אז די קשיא איז אפילו א קשיא, אָבער... אָבער... אָבער...

ד ע ר נ א ר. — היר, היר!

ר׳ ב ע נ ד ע ט פ ל ו ך. — וואָס הירזשעט איר דאָרטן? לאָזט ריידן, איך בעט אייך. אָבער, זאָג איך, מען קען זיך געבן אַן עצה. אויף דערויף האָט דער הנותן לשכוי בינה, דער וואָס האָט דעם האָן געגעבן שכל... אונז אידן געגעבן... אויף דערויף האָט ער אונז... האָט ער... ער, דער בורא ברוך־הוא... אונז אריינגעגעבן שכל אין קאָפּ...

ר׳ מ ע נ ד ל ט ו ך. — מגיד! איר ווייסט, דאכט זיך, גאָר ניט, וואָס איר רעדט, זאָלט איר מיר מוחל זיין. מיר זיינען דאָ צוזאמענגעקומען אויף אַן אסיפה און... און...

ד ע ר נ א ר. — און מיר וועלן פאנאנדערגיין, חא, חא, חא!

ר׳ ט ר י י ט ל ב ר ו ך. — יונגער־מאַן, איר שווייגט, אַ־ניט־ נעמט מען און מען ווארפט אייך ארויס.

ד ע ר נ א ר. — גוט, גוט — איך שווייג.

ר׳ מ ע נ ד ל ט ו ך. — מיר זיינען דאָ געקומען באקלערן א מיטל, ווי אזוי אויסצוראטן די סאָציאַליסטן, ימח שמם, און מיר באדארפן דאָ קיין דרשות ניט... וואָס שווייגט איר, ר׳ סענדער? איר זענט דאָך עפּעס א מחבר, א איד מיט קאָפּ — גיט־זשע אַן עצה...

ר׳ ס ע נ ד ע ר ב ו ך. — נעמט מיין ספר... מישט אויף דף 23, אין דעם ערשטן חלק, און איר וועט געפינען אין די דריי שורות פון אונטן, אין די לעצטע דריי שורות, דאָס וואָס איך האָב

צו זאָגן טאָמער האָט איר נאָך ווער־עס־איז מיין ספר ניט, קענט איר עס האָבן פאַר פינף שילינג אין בלעטער און פאַר זעקס שילינג מיט דריי פענס געבונדן. און ווער עס וויל געבן מער—מעג, מחמת... כדרך הטבע וואָלט איך אייך... נאַר, לאָז זיין. בקיצור, מיין כוח איז אין דער פעדער, אַ ריידער בין איך ניט...

ד ע ר נ א ר. — איך שווייג.

ר׳ ס ע נ ד ע ר ב ו ך. — און איך אויך. דאָ איז פאַראַן דער גרויסער גביר, דער מפורסם, דער תכשיט פון אונזער קהילה, הער ברוך... ער דאַרף אונז זאָגן... ער און ניט קיין אַנדערער, הגם ר׳ געצל דוך און ר׳ מענדיל טוך און ר׳ שמענדרע שוך — וואָלטן אויך...

ר׳ ט ר י י ט ל ב ר ו ך. — שאַט! איך רעד! איך האָב געמיינט, אַז דער באַרימטער מחבר, הער בוך, און דער גרויסער דרשן, ר׳ בענדעטיל פלוך, וועלן אונז קענען בעסער דערקלערן, וואָס דאָ איז צו טאָן. ווען אָבער זיי שווייגן...

ד ע ר נ א ר. — און איך? איך שווייג דאָך אויך.

ר׳ ט ר י י ט ל ב ר ו ך. — טו שווייגט-זשע... נו, הייסט עס, רעד איך. הערט וואָס איך זאָג...

ר׳ ס ע נ ד ע ר ב ו ך. — הערט, אידן, הערט!

ר׳ ט ר י י ט ל ב ר ו ך. — משל למה הדבר דומה — צו וואָס איז דאָס געגליכן, צו אַ דאָקטאָר, וואָס מען רופט אים צו אַ חולה. ער שרייבט ניט קיין רעצעפּט, כל־זמן ער ווייסט ניט, אין וואָס די קרענק באַשטייט, רחמנה ליצלן. נו, אַט ווילן מיר אויך שרייבן אַ רעצעפּט צו אַ גרויסער קרענק... לאָמיר־זשע זען, וואָס דאָס איז פאַר אַ חלאת. (אפלויז) די צאָציאַלניקעס ווילן אוועק־נעמען אונזער געלט... נעמען זאָל זיי פאַרן בויך!

ח י מ א ר ק ־ א י ד ע נ ע. — און פאַר די ציינער.

ר׳ ט ר י י ט ל ב ר ו ך. — און פאַר די ציינער, ווי די וויבל זאָגט. זיי ווילן, אַז דער גאַסנראָמער און דער קוימענקערער זאָלן האָבן געלט אויף פּראָצענט און איך — די פירמע „ברוך ענד קאָ.“ — זאָל גיין טראָגן ציגל אויף נאַסילקעס. זיי שרייען, זיי...

דער נאר. — איך... איך שווייג!

ר' טרייטל ברוך. — גוט, גוט! זיי שרייען,—שרייען זאָלן זיי אויפן בויך...

די מארק־אידענע. — און אויף די ציינער...

ר' טרייטל ברוך. — און אויף די ציינער, ווי די ווייבל זאָגט, הייסט עס, שרייען זיי, אז די וועלט געהערט צו די ארבעטער... א שטייגער, די מאשינערס, די שוסטערס, די סטאָליארעס און די פעריערס זאָלן פירן די גרענדע. וואָס זאָג איך? איך זאָג: ניין! איך זאָג, ניט דערלעבן זאָלן זיי דאָס! איך זאָג... וואָס הויבט זיך דער יונגער־מאַן דאָרטן אלע ווײַלע?

דער נאר. — ווער איך? איך שווייג.

דער פּאלעסטינער. — דאָס מיינט מען מיך... מען איך ריידן?

ר' טרייטל ברוך. — איר מעגט.

דער פּאלעסטינער. — היינטיקע נאכט בין איך געלעגן און האָב... געשלאָפן...

דער נאר. — איך אויך, נאָר איך שווייג.

דער פּאלעסטינער. — איך האָב געשלאָפן. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, אז איך ליג אויסגעצויגן אויף רחל'ס קבר און הער זי וויינענדיק. האָב איך איר געפרעגט: „מאַמינקע, וואָס וויינסטו?" האָט זי געענטפערט: זונינקע, איך וויין אויף מיינע קינדער, וואָס ווילן זיך צעמישן מיט די גוים און ווערן אוים — אידן. איך וויין אויף די קינדער מיינע, וואָס זיינען געוואָרן סאָציאַלניקעס. האָב איך איר געפרעגט, וואָס מיר זאָלן טאָן, האָט זי מיר געוואָלט ענטפערן, נאָר א פליג האָט מיר א קיצל געטאָן אין די נאָז־לעכער, האָב איך א ניס געטאָן און האָב זיך אויפגעכאפּט. מיין עצה איז, אידן, אז מיר זאָלן אליין גיין אין ארץ־ישראל און לאָזן די סאָציאַלניקעס אין גלות.

ר' טרייטל ברוך. — האש! ארום דעם וועלן מיר

פאררופן אן אנדער אסיפה. (פאר זיך) וואָס פעלט מיר דאָ? (אין דער הויך) דעם ערשטן טאָג חנוכה פארזאמלען מיר זיך ווידער.

דער שמש. — צייט צו גיין אין שול אריין.

ר' וועלוויל סלוך. — קומט, אידן, קומט.

דער נאר. — מער שוויינ איך נים.



## ר׳ טרייטל־פאר־זיך*)

אין יענעם יאָר איז אין דער וועלט געווען שטיל. אין בית־המדרש האָט זיך ניט געהערט פון מלחמות. שלומיאל דער פרוש איז געזעסן רואיק ביים ספר, ר׳ חנה באַלבירישקער האָט געלייענט אַ בלאַט גמרא פאַרן עולם, ר׳ אבעלע סטויבצער האָט געזאָגט אַ פרק משניות, ר׳ צמח דער מגיד האָט גע׳דרשנ׳ט אין קלויז, און יונה דער וואסער־טרעגער האָט געזאָגט תהלים; אָבער דער רום מיטן טערק האָבן זיך גראַד דעם יאָר ניט געשלאָגן און דער צאַר האָט ניט געמאַכט קיין נייע גזירות.

אין דער פרי האָבן זיך, ווי געוויינלאַך, די אָקסן מיט די קי, מיט אַלע אַנדערע בהמות און חיות געזונגען שירה, און די פויגע־לאַך האָבן אונטערגעפּיפּצעט, און די בוימער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, און די שרצים האָבן צוגעבאַמקעט — יעדערער מיט אַ באַזונדערן פּסוק, וואָס דאָס באַווייזט, אַז די חיות און די בהמות און די פויגעלאַך זיינען מער באַהאַוונט אין תנ״ך, ווי אַ דאַנציקער רב אָדער אַ בערלינער שמש.

דאָס באַווייזט איבריקנס אויך, וואָס פאַר עמי־הארצים די חכמי אומות־העולם זיינען. עס איז דאָ אַ טייטש ברעהם, וועלכער האָט אָנגעשריבן אַ גאַנג ספרים עפּעס גאָר אין די צענדליקער אריין, רק וועגן חיות און בהמות, און דער נפש האָט קיין שום ידיעה ניט דערפון, אַז דער פראַש (צפרדע — פרעהס צווייטע מכה) זינגט אַלע אין דער פרי ש י ר ה! און אַזאַ פאַרקרימעניש כאַפּט זיך שרייבן נאַטור־געשיכטע... איך, ניט זייענדיק קיין גרויסער זאָאָ־לאָג (אַזוי רופן זיך ביי זיי, ביניהם, די ברואים, וועלכע ווייסן ניט

*) 1898

פון שירה), קען מיר לייכט פאָרשטעלן ווי אַ פראָש, למשל, דער־לאַנגט זיך אַ לעבעדיקע פאָרשקע אין זומפּ, בלאָזט זיך גוט אָן און זינגט:

קוואַ־קוואַ־קוואַ! קוואַ־קוואַ־קוואַ
אדון עולם
קוואַ־קוואַ־קוואַ! קוואַ־קוואַ־קוואַ
אשר מלך
קוואַ־קוואַ־קוואַ! קוואַ־קוואַ־קוואַ
בטרם כל
קוואַ־קוואַ־קוואַ! קוואַ־קוואַ־קוואַ
יציר נברא.

זינגענדיק מיט אַ שיינעם ניגון, אָבער אָן נאָטן, ווי קליינשטעטלדי־קע חזנים — ניט צוגלייכנדיק.

נחזור לענינגו. יענעם יאָר איז, ווי געזאָגט, געווען זייער שטיל אין דער וועלט און שבת נאָכן דאַווענען איז זיך דער עולם פאַנאַנדערגעגאַנגען אָן פּאָליטיק יעדער צו זיין טשאָלנט, צום קוגל מיט די זמירות.

איין שבת, שבת נאָך שבועות, געדיינק איך, בין איך געבליבן דער לעצטער אין בית-המדרש און, שטייענדיק ביים אַלמער, האָב איך זיך פאַרטראַכט. מיט אַמאָל האָט זיך מיר אָפּגעדוכט, אַז ווער עס איז בראָמשקעט עפּעס־וואָס מיט גרויס אַפּעטיט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און האָב דערזען אַ גרויסע, ברייטע, איבער־נאַטירלאַכע קאַפּאָטע און איבער איר אַ געוואַלדיקע שטריימל.

פאַרשטייענדיק, אַז אַ קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל, ווי גרויס זיי זאָלן ניט זיין, קענען בשום אופן ניט בראָמשקענען, בין איך לייכט געקומען צום באַשלוס, אַז אינעווייניק מוז זיין באַהאַלטן ענטוועדער אַ מענטש אָדער אָן אַנדער באַשעפעניש.

איצט, אין מיינע אַלטע יאָרן, איז מיר אַ שטיקל וואונדער, פאַר וואָס איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן דעמאָלט, אַז קליי־דער זאָלן קענען קיען, — דעמאָלט, ווען איך האָב געגלויבט באמונה שלימה, אַז די קליידער זיינען פאַרצייטן געוואַקסן ביי אונזערע

אבות אבותינו אויף די קערפּערס אין מדבר פערציק יאָר נאָכאַנאַנד, און איבערהויפּט ווייל איך האָב שוין דעמאָלט געדאַרפט וויסן, אַז צווישן קייען און וואַקסן איז דאָ אַ גרויסע שייכות און... נאָר לאָז זיין, הגם מיר ווילט זיך אויספירן, אַז ווען אָרימע קינדער וואָלטן מער און בעסער קייען, וואָלטן זיי מער און בעסער וואַקסן... אָבער דאָס איז ניט וויכטיק, און איך וועל דאָס אויספירן אַן אַנדערס מאָל.

בקיצור הדבר, איך האָב ביי זיך באַשלאָסן (אין מינסק זאָגט מען „גומר געווען", אָבער איך האָב האַלט אַריינצומישן אַ טייטשישן וואָרט בכדי אַז מען זאָל פאַר מיר אַביסעלע מער בושה האָבן. אַלזאָ), איך האָב ביי זיך באַשלאָסן... דערווייַלע האָב איך פאַרלוירן, וואו איך האַלט... איך האָב באַשלאָסן... באַשלאָסן.. ווייסט איר וואָס? לאָז זיין באַשלאָסן אָנצוהויבן אַ נייעם קאַפּיטל

* * *

צוגייענדיק נעענטער, האָב איך געזען, אַז דער, וואָס עסט אין דעם גרויסן געצעלט אונטערן דעכל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל, איז געווען דער וועלט־באַרימטער (יעדנפאלס, דער מינסק־באַרימטער) ר׳ טרייטל־פאַר־זיך.

דאָס איז געווען אַ מאַן אין גראַף קליין מיכעל׳ס עלטער און אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט אָפּגעלעבט זיינע יאָרן אין אָדער אַרום דעם בית־המדרש. ער האָט געהאַט אַ גרויסן שטערן — פון וואַנען מען האָט דאָס געוואוסט, באַגרייף איך ניט, ווייל ר׳ טרייטל האָט קיינמאָל ניט אויסגעטאָן די שטריימל זיינע — און קליינע אויגן; זיין נאָז איז געווען גרעסער ווי אַ געוויינלאַכע אוגערקע און קלענער ווי אַ ניט־דערוואַקסענער אַרבוז; זיין מויל, באַהאַלטן אין אַ וואַלד האָר אַרום און אַרום, האָט געמעגט זיין גרויס, אָבער אויף קלאָר קען איך ניט זאָגן. אַזוי פיל ווייס איך נאָר, אַז עס איז ניט געווען פון יענעם סאָרט גרויסע מיילער, מיט וועלכע די מינסקער קרעמערקעס זיינען געבענטשט און זייערע קונים פאַרשאָלטן. די באָרד זיינע איז געווען לאַנג און קאַלטעוואַטע, ווי

יעדע באַרד, וועלכע אַ קאַם האָט ניט באַרירט פון ערב יום־כפור צו ערב יום־כפור און אפשר דאַן אויך ניט. אַלע איבעריקע חלקים פון זיין הייליקן גוף האָט פאַרדעקט די גרויסע קאַפּאָטע — אַ בגד, אין וועלכן עס האָבן געקענט אַריינגיין דריי ר' טרייטלס מיט אַ צען-יאָריקן מענדעלע; אַ בגד, וועלכער האָט געמעגט זיין אַ ירושה פון עוג מלך הבשן אין זיינע יונגע יאָרן.

— גוט שבת, ר' טרייטל! — האָב איך צו אים געזאָגט. ער האָט ניט געענטפערט און האָט אַוועקגעבראָמשקעט אויף וואָס די וועלט שטייט. איך האָב דאָס ניט גענומען פאַר־איבל און ווייטער גערעדט.

— איר מאַכט, משמעות, פאַר זיך שבת, ר' טרייטל — האָב איך צו אים געזאָגט.

„כראָם־כראָם־כראָם" — האָט ער געמאַכט, אַרויסקנייפּנדיק אַ שטיק ווייכע פון אַ דריי־פונטיקן לעבל ברויט, דאָס אַריינשטאָפּנ־דיק אין זיין אָרימן מויל אָן ציינער, און עס אונטערשטופּנדיק מיט זיין גראָבן פינגער, וועלכער איז געווען שוואַרץ ניט אַזוי פיל פון אָנגעוואַקסענער בלאָטע, ווי פון שמעק-טאַבאַק. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז דאָ מוז מען וואַרטן ביז ער וועט קאָנטשענען די סעודה, און איך האָב געוואַרט. איך האָב זיך אויך דערוואַרט.

ער האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט, עפּעס אַזוי ווי אויס־שפּייענדיק די ווערטער:

„מאַך שבת פאַר זיך, יוא! לעב פאַר זיך, עס פאַר זיך, טו אַלץ פאַר זיך... יוא! וואוין אין ת'מדרש, דאַוון פאַר זיך... תפילה בצבור! אַ ניכפּע אויפן צבור! אַ בהלה אויפן צבור! צבור? ניטאָ קיין צבור! מענטשן פיינט איינער דעם צווייטן. יעדער פאַר זיך ווי איך.

„קומען צונויף צו זיין צעטיילט, דאַוונען בצבור צו בעטן פאַר זיך. קיינעם אַרט ניט פאַר צווייטן. וואָלטן קענען, וואָלטן אומברייננגען חיים ברוכ'ן, ברוך חיימ'ען.

„יוא, פאַר זיך אַלע, אַלע! שיכל־קרעמער — לאָז קענען — וואָלט מאַכן אַלעמען גיין אויף הייסע קוילן, אַבי ער לייזן פאַר

שיך... דראפ־קרעמער — לאַז קענען — וואָלט צינדן בגדים אויף לייבער, אבי ער פאַרדין, מענטשן דאַרפן נייע... רופא — לאַז קענען — וואָלט אַלעמען קאַרמען מיט סם, אבי ער נעם געלט היילנ־דיק... תבואה-סוחר — לאַז קענען — וואָלט מאַכן האַלבע וועלט שטאַרבן... הונגער; אבי קאָרן טייער, ער פאַרדין.. מגיד — לאַז קענען — מאַך מחלוקות, אבי ער קענען שטראָפן עולם און זיין רודף שלום.. רב פיינט מגיד — לאַז קענען — וואַרף אים אונטער שיקסע, אבי ווייזן, ער, רב, אמת׳ער ירא־שמים, מגיד—טרפה... האָלצהענדלער — לאַז קענען — מאַכן קעלטן, פרעסט גאַנץ יאָר, אבי ער לעבן... דער, בויט הייזער — לאַז קענען — צינדט אונ־טער שטאָט, ברען ווער וויל, אבי ער פאַרדין געלט...

„אזוי אַלע, אַלע... רופן זיך צבור! אַ מגפה אויף צבור, אַ בהלה אויף צבור! עד־מיר צבור! אַ בינטל קינעלאַך איינע צינדן אונטער אַנדערע — צבור! חיות פרעסן בהמות — צבור! אַ פּולק פליי אונטער איין העמד — צבור! אַ צענדליק מכות אין איין גוף — צבור! בלאַטיקע ריטער מיט אַ שטעקן אין מיטן פאַרבונדן מיט שטריק — צבור! פרעג קברות־מאַן וואָס וויל ער? אַלע שטאַרבן — ער לעבן. פרעג איסבאָרשטשיק וואָס וויל ער? אַלע קינדער אין פּולק, אבי ער שטאָפּ זיך מיט גאָלד. פרעג חיים קצין וואָס וויל ער ? אַלע מיידלאַך שיינע אַרים, אבי ער קריג שיין דינסט־מיידל. פרעג יעדן איינציקן, פרעג זיי... וועלן זאָגן. זאָגן? ניין, אָבער דו פאַרשטיין... יעדער פאַר זיך, יעדער פיינט צווייטן. צבור? אַ מהומה אויף צבור!“

— „פונדעסטוועגן, ר׳ טרייטל, לעבט איר דאָך פונם צבור, איר וואָלט נישט..“

„שוויג, שוטה! גאוה גיט — איך נעם — שילט נעמענדיק. דאַנק זיי ניט. פיינט! לעב פון צבור? צבור לעב פון מיין פּלימע־ניק — האָלצהאַקער — עסט זיין פליישׁ; צבור לעב פון מיין גאַנ־צער משפחה, צבור — אַ פגירה אויף צבור! לעבט פון אָרימע בעל־מלאכות, לעבט פון מיר אויך. איינציקער, וואָס מתפלל פאַר זיי אַמאָל מיט ריין האַרץ... וואָס ווילסטו? דו איצט גיי אין קאַליי־

שע... אַ כלב ווי אַלע, דבר־אחר, יוקס! פיינט אייך אַלעמען...
איך, טרייטל, לעב פּאַר זיך!"

ער האָט משמעות ניט געהאַלטן שטאַרק פון מוקצה, ווארים
ער האָט געכאַפּט זיין שטעקן און האָט מיר געוואָלט דערלאַנגען
אַ קלאַפּ. איך האָב זיך אָפּגעטראָגן.

פון יענעם טאָג אָן האָב איך אָפּט איבערגעטראַכט וועגן דעם,
וואָס דער האַלב־ווילדער ר' טרייטל האָט מיט האַלבע ווערטער מיר
געזאָגט.

איז ער ניט אפשר טאַקע גערעכט?



## אָ, ווער גיט מיר א צופ פארן פּאָלע!*)

וואָס טו איך מיט מיין אייניקל, דאָס הייסט, וואָס טו איך אָ ן מיין אייניקל? אין ענגלאנד פלעג איך ווען עס איז פון אים האָבן א נוץ, דאָ אָבער איז אזא מדינה, אז מען קען א יונגן מאַן ניט איינהאלטן אין דער היים. דאָ גייט מען אין קאלעדזש, אָדער אַניט וויל מען גיין, און בינו-לבינו האָט מען נאָר קינדער און אייניקלאך פארן „צפנת־פענח" און פאר די קונסט צו היילן מענטשן, וועלכע ליידן פון וואָס מיר, געבילדעטע, רופן, א כראָנישע מאָגן־פעלער, צו וועלכן מען דארף אייגנטלאך ניט אזוי שטארק האָבן דאָקטוירים ווי בעקער, פרוכט־קרעמער און קצבים. אָט אזוי ווייט האלט איך, בעונותינו הרבים, מיט מיין אייניקל היינט. אמאָל פלעגט ער ג:יין אין מיינע ווענן — און אזוי וואויל איז צו אים גע־ווען! — היינט גייט ער אין קאלעדזש; ווייניקסטענס אין די ניו יאָרקער פּאָר־שולע פון קאלעדזש, נעמלאך ארבעטן ביי די „שווירט־מייקערייי."

צו וואָס דארף איך אים אזוי נויטיק? פרעגט איר. איך זע, למשל, ניט איין וואָס דאָס איז אזוי שטארק נוגע צו אייך, אָבער איך וועל אייך זאָגן, ווייל ביי מיר (ווי ביי ווייבער און פראנצויזן) איז קיין סודות ניטאָ. איך וואָלט אים היינט געדארפט ער זאָל שטיין דערביי בעת איך שרייב, און מיר א צופ טאָן פארן פּאָלע יע־דעסמאָל ווען ער זעט אז איך נעם אריבערשפּרינגען פון פירשט האָהענלאָהע**) צו די חרטומי מצרים, אָדער פון זיי צום ליבאווי־

*) דער „אמת", באסטאן, 21סטן מאי, 1894.

**) א דייטשער קאנצלער.

צער צדיק, ווי דאָס איז מיין שטייגער, איבערהויפט אין די ווארימע וועטערן.

אָבער ער איז ניטאָ. אָ, וואו נעמט מען א האלב־פונט אָסט־פּרייסישע „פּאָליציייִלאַך-גערענגעלטע" געזעצלאָכקייט, אַזעלכע וואָס האלט איינעם פּונקט אזוי אין אָרדנונג ווי אַן אוראַדניק אַ וועגזע-גאַלער מלמד. כ'וואָלט דערפאר אוועקגעגעבן אַ פּאָר געטרייע „סלי־פּערם"*), וועלכע דינען מיר שוין פון יאָרן, און לאָזן זיך טרעטן אונטער די פיס בעסער ווי איך וואָלט פאר א האלב פונט געזעצט־קייט אוועקגעגעבן מיין שאנס צו ווערן אַן אָלדערמאַן אין שיקאגא, וואָס דערפון וואָלט איך געקענט האָבן מער העלזלאַך, קישקאלאַך און ביילעקלאַך ווי א היימישער שוחט וואָס איז א חזן און קען זיך מיטן גבאי. איך וואלט דערפאר אוועקגעגעבן מיין חלק לעולם ה ז ה, וועלכער איז ווערט אין הויכע פילאזאפיע עפּעס גאָר אַן אויצר מיט גאָלד ווי איך הער פון מענטשן, וועלכע מיינען אז איך קען זיי טאָן א טובה.

אָבער וואָס העלפט דער ריידן? יעדער איז געזעצט — אפילו א טשערמאַן ביי א מיטינג; אפילו אַן אות, וועלכער גייט צום דרו־קער; אפילו א פאלשער צאָן אין מויל; אפילו א קליניקעל אונטערן פאכווע; אפילו א הון ביים בריהען; אפילו א לכה-דודי פון ברוך קאלינער, — יעדער, נאָר ניט איך, נאָר ניט מיין שרייבע־ריי און דאָ שטייט פירשט האהענלאָהע מיט זיין אונטער־שפּארער קעלער**) (א וויין קעלער, א ביר־קעלער, — ווייס אים דער גוטער יאָר) און זייביידע ווארטן אויף מיין מיינונג וועגן זייער פּאָליטיק. גייסט פון וועבסטער'ס לעקסיקאָן העלף מיר ארויס!

---

*) פּאנטאָפל.

**) א דויטשער מיניסטער.

## א בריוו קיין לאָנדאָן*)

א לאנג צייט האָט מיר אמעריקע ניט פאַליובעט. ווען היינע, וועלכער האָט אָנגעזאָגט די דייטשן אז זיי זאָלן ניט שיקן קיין פּאָ-עטן נאָך ענגלאנד, וואָלט געהאט א שטיקעלע ידיעה וואס פאר א מדינה אמעריקע איז, וואָלט ער געווים איבערגעניצעוועט דעם פסוק פאר די אידן און וואָלט געזאָגט: שיקט ניט קיין פילאזאפן נאָך אמעריקע**) דאָס לאנד איז אזוי גרוים, אז די מענטשן אין איר זעען זיך אָן אזוי שיטערלאך ווי די פערלגרויפּן אין א אָרימאנס וועטשערע יויך; אָדער ווי די וויצן אין דעם לאָנדאָנער „פּאָנטש"; אדער ווי אן ארבעטער פארטרעטער אין דעם ענגלישן פארלאמענט; אָדער ווי די אייגענע ציינער ביי אן אלטע הולטאיקע; אָדער ווי די גאנצע עברי אין סליחות; אָדער ווי די אידן וועלכע האָבן העל-טער ארץ-ישראל ערד ווי זיכערע אקציען צווישן די חובבי-ציון; אָדער ווי ערלאכע לייט און מענטשן מיט הערצער צווישן די אמע-ריקאנער פאליטיקער; אָדער ווי צייטונגען וועלכע קומען אוים אָן שנאָרן אין דער סאָציאליסטישער ליטעראטור, אָער ווי ניט גע-אָדער'טע ארטיקלען צווישן מיינע אומשטערבלאכע ווערק...

„אהא! כ'לעבן, דער אלטער האָט זיך אויסגעלערנט בלאָפן אין אמעריקע!!"

שאַ! שרייט ניט, ר" קרוב, דאָס איז גאָראָניט קיין עקסטרא בארימעריי. מיינע ווערק זיינען אומשטערבלאך, דאָס וויים איך

---

*) 1894

**) דער „משוגענער פילאָזאָף", ווי ווינטשעווסקי פלעגט זיך אונ-טערשרייבן, איז געקומען קיין אמעריקע פון ענגלאנד.

אזוי זיכער, וויך איך ווייס אז איר זייט א נאַר. שטערבלאַך איז דאָס וואָס לעבט און פארגייט אָן שפּור און אָן ווירקונג. מיינט איר אז איך, א מענטש, א פילאזאף און א מינסקער בטבע, וואָלט אין ניוועץ געבראַכט אזוי פיל יאָרן, אזוי פיל 66־דיקע, לוסטיקע אָוונטן, אזוי פיל פּאפּיר, טינט און פעדערן, אזוי פיל נעדולד און פּאָסט־מאַרקן, אזוי פיל רוקן־בויגערייַ און אויגן בלענדערייַ, אזוי פיל שלאָף־שטונדן און וואך־שטונדן, ווען איך וואָלט מיין ארבעט גע־האלטן פאר שטערבלאך, פאר א „בין לילה היה ובין לילה אבד" ווי יונה'ס קיקיון, ווי די מאָדע פון געשוואָלענע ארבל, ווי די אר־בעט פון א סאָלוויישאָן-ארמי־באַראַבאַנטשיק, ווי די גדולה פון דעם אפיקומן און דער יחוס פון יום כיפור? מיינט איר אז איך וואָלט אויף די אלטע יאָרן ניט געהאַט דעם שכל צו מאַכן אָפּ־חבר מיט אייך, ווען איך וואָלט ניט געגלויבט. אז דעם קלענסטן, דעם שוואַכסטן, דעם אומפּייאיקסטן מענטשנ'ס טעטיקייט פאר א בעסע־רע צוקונפט, פאר א גליקלאַכער וועלט, פאר זאַטערע מאָגנס, פאר בעסערע געקליידעטע לייבער, פאר ריינערע ליבע, פאר אויפגע־קלערטערע מוחות, פאר מער פרייהייט און ווייניקער אויסגעלאסנ־הייט, פאר אנגענעמע ארבעט, וואָס הויבט זיך אָן מיט דאגות און ענדיגט זיך ניט מיט אויסצערונג, בקיצור פאר א מענטשלאַכערן לעבן, — מיינט איר, זאָג איך, איך וואָלט זיך מיט אייך פארדרייט א מח ווען איך וואָלט ניט געוואוסט אז יעדן איינציקעם טעטיג־קייט פאר דאָס אלעס איז אן אונשטערבלאַכע טעטיגקייט? ניט דערלעבן זאָלן מיינע שונאים! מיינט איר... הערט, עס איז דאָ א פראַנצויזישער קלייניקער פּיזמונ'דעל, וועלכער וואָלט ביי דעם וואנדזעגאַלער בדחן אויסגעקומען אומגעפער אזוי:

מען קומט
מען ברומט,
מען ווערט געבאָרן;
מען ווערט פארלאָרן.
מען שטומט,
מען ברומט,

אי, וועט איר פרעגן, ווי קומט א פּאַטש צו גוט-שבת? זאָל איך אזוי ניט וויסן פון קיין בייז, ווי איך ווייס אליין ניט.

איצט, קינדער טוט מיר א טובה און זאָגט מיר וואו איך האַלט. אמאָל, אין די גוטע אַלטע צייטן, ווען איך בין געווען א לאָנדאָנער אָביוואַטעל, מיטן פּאָג אין די אויגן, די געפּרייטע פּיש אין נאָז, די ניט־טויט־און-ניט-לעבעדיקע אידישע יוניאָנס אין מח, די אונטער־ערד אייזנבאַן מיט איר לופט אויף די לונגען, מיט גאַלאָפּ'ן*) אין קבר און מיט ליבע און האָפנונג אין הארצן, דאַן פלעג איך האָבן מיין אייניקל ביי דער האַנט, וועלכער פלעגט מיך צוריק ארויפברייינגען אויף א דרך, ווען מיינע גדאנקען פלעגן פארבלאָנ־דזשען אין האָצע-פּלאָצע און איך פלעג שטיין, ווי אייזשען ריכטער פאר די סאָציאַלע פראגע, ניט וויסנדיק, וואו איין און — אויס.

וואו איז מיין אייניקל? ווייס אים דער גוטער יאָר. ער דרייט זיך דאָ ערגעץ וואו ארום עפּעס אזוי ווי א וואַלקאַנאָס, אָדער ווי א זיפּץ אין א פּאון-בראָוקער שאָפּ, אָבער וואו ער איז ווייס איך ניט. עס קען זיין אז ער לערנט אין באָסטאָן, אָדער שלאָפט אין פילאדעלפיע, אָדער ער האַנדלט אין שיקאגא, אָדער ער שטודירט שלמה המלך'ס צרות ביי די מארמאָנען אין יוטא, אָדער ער דינט ביי א געזעץ-פאַבריקאַנט אין וואשינגטאָן, אָדער ער שפּרינגט קדוש ערגעץ־וואו אין די היגע סאציאַליסטישע ארבעטער פּארטיי, אָדער ער קלייבט לאָדזשעס זייענדיק א דאָקטאָר, אָדער ער לייגט די ציי־נער אויפן פּאָליצע, זייענדיק א דענטיסט אָן פּאַציענטן, אָדער ער טרייבט זיך אזוי גלאט וואו עס איז ארום. נאָך אַלע מעשות איז די מדינה אזוי גרויס... האלט! איך ווייס וואו איך האַלט!

ריכטיק, די מדינה איז אזוי גרויס, אז די מענטשן אין איר זעען זיך אָן אזוי שיטערלאַך ווי... הויבט אָן פון די פּערלגרופּן און דערגייט ביז מיינע אומשטערבלאַכע ווערק און היפּט איבער דאָס איבעריקע און מיר וועלן ריידן ווייטער.

---

*) זע באַנד 4, זייט 185.

די גרויסע שטעט, דאָס איז אמת, זיינען געדיכט געפּאַקט מיט מענטשן. דאָ אין ניו יאָרק, אין דעם אידישן קוואַרטאַל, וואוינען מענטשן ווי סאַרדינקעס אין אַ קעסטעלע. און ווען איר גייט אַרום אויף עסעקס סטריט אַ זומערדיקן אָוונט, דוכט זיך אייך, אַז איר זעט פאַר זיך אַן אַלטן בית־עולם, וואו עס זיינען מיט אַמאָל אויפגעשטאַנען תחית המתים טויזנטער מענטשן, אַלטע און יונגע, זכרים און נקבות פון פילע, פילע דורות, אַלע לעבעדיק־געוואָרענע מתים, וועלכע רירן און באַוועגן זיך און איר וואונדערט זיך ווי אַזוי פיל צוויי־פיסיקע ברואים פּאַמיעסטשען זיך אויף אַזאַ שמאָל שטיקל פּלאַץ. און די ווייבער ריידן, און די קינדער שרייען, און די מענער שטופּן זיך, און אַ קאַטערינקע שפּילט, און בייסיקלאַך פאַלן, און נעזער זיינען טועם דעם טעם פון ברוקשטיינער, און אַ איד מיט אַ שוואַרצע באָרד, שוואַרצער ווי זיין מזל, געדיכטער ווי אַ מאָד־פּודינג, אַ באָרד וואָס באַדעקט זיין גאַנצן פּנים חוץ דעם נאָז און צוויי שטיקלאַך באַקן, — דער איד פאַרקויפט היימישע ציבעלע און מאַכט קולות אַזוי ווי ער וואָלט פאַרקויפט זיין חלק שור־הבר.

און אַזוי איז אומעטום, אין דעם גאַנצן קוואַרטאַל, וואו ווילנער זעמעלאַך, און קאָוונער דאַרע קישקע, און מינסקער אוגערקעס, און בערדיטשעווער קללות, און וויטעבסקער אידיש און גראָדנער טייטש, און וואַרשעווער באַקן, און אָדעסער גאוה, און מאָסקאָווער מי־שברך'ס און מאָליוער תורה, און סובאַלקער דרך ארץ טרעפן זיך אַלע צוזאַמען און שטעלן פאַר איין „גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסע", ווי דער טייטש זאָגט ווען ער רעדט מיט פרעמדע ווערטער.

אָבער אַזוי איז דער עולם אין דער מדינה כמעט ניט ניכר און די מדינה איז רייך, פול פון כל טוב סלה חוץ אידייען; מיט געננוג אייזן צו פאַרזאָרגן דעם רוסישן קיסר מיט קייטן פאַר פריי־הייטס־קעמפער אויף אַ פּאָר טויזנט יאָר; מיט געננוג גאָלד און זילבער צו מאַכן אַלע טאָג אַ נייע גילדערנע קאַלב און אַלע שעה אַ זילבערנעם קאָך־לעפל אַזוי גרויס ווי שמעון גאָנץ עליו השלום, דער קאָך־לעפל פון קאָוונע; מיט געננוג קופּער צו פאַר־

זאָרגן אַלע רוסישע פּראָקוראָרן, אַלע דייטשע אָפיצערן, אַלע פראַנ־צויזישע אַנטיסעמיטן, אַלע כוליגאַנעם און אַלע געוועזענע סאָציאַ־ליסטן מיט קופּערנע שטערנס; גענוג בראַנז צו פאַרזאָרגן גאַנץ אייראָפּע מיט אמעריקאַנישע „גילדערנע" זייגערס; גענוג האָלץ פאַר אַלע מענטשן צו האָבן בעטן מיט א דירה אָן רענט פאַר די וואנצן אינעווייניק; גענוג פּרוכט... נאָר לאָז זיין גענוג גענור־גענען.



## אן אָנהויב אויף אַ נייעם חשבון*)

געשטאָרבן? פוסטע דיבורים! ווער וועט איצט שטאַרבן? דאָס וואָלט פון מיר געווען מער ווי אַ נאַרישקייט, דאָס וואָלט איינפאַך באַוויזן, אַז דאָס וואָס מיינע שונאים... מחשבות'ן! ווי געפעלט אייך דער עסק, אַז איך זאָל אויף מיין עלטער האָבן, דאָס הייסט קריגן, ווייל איר קענט קיין זאַך ניט האָבן וואו איר קריגט עס ניט, קיין זאַך ניט, סיידן אפשר אַ טעות אין מינסק און סמיכות אויף רבנות אין ניו יאָרק, חוץ ווען עס איז אין דר'ערד, דאן דעם טיטול פּראָפעסאָר (אין אמעריקע) און אימיצן אין טראָק (אין ווילנער גובערניע אין גאַנץ ליטע ביז סאַמע ציוסק)—בקיצור, אַז אַ מענטש אין מיינע יאָרן זאָל האָבן, דאָס הייסט, קריגן און טאקע אויף אַן ערלאַכן אופן קריגן שונאים... איך זאָג אויף אַן ערלאַכן אופן, מחמת איך קען מענטשן, וועלכע מאַכן זיך שונאים, ווייל נאָר דערמיט קענען זיי באַווייזן, אַז זיי זיינען גוטע דינער, גוטע הויף-הינט, גוטע, ערגעבענע, געטרייע שלעפּע-טרעגער פון זייער חברה, אָדער פּאַרטיי, אָדער בעל-הבית... בקיצור, אַז איך זאָל אויף דער עלטער קריגן, האָבן און פּאַרדינען צו האָבן שונאים! איך! וואָס איך בין צו אַלט צו דערוועקן אייפערזוכט, צו אָרים צו ערוועקן קנאה, צו פּאָרזיכטיק ארויפצוטרעטן אויף אימיצינס אַ נאַגנאָטקע; איך, וואָס איך שטעק ניט מיין צונג אין אַ פרעמדן טעלער, און רייס ניט ביי קיינעם דעם ביסן פון מויל, און זוך ניט קיין גבאות, און בעט ניט קיין טובות, און האָב ניט קיין שיינע כלה, און טראָג ניט קיין רינגען אויף די פינגער און קיין שטאָלץ אין פנים און קיין שנאה אויף קיינעם ניט; איך, מיט אַ לאַנגער

---

*) 1899.

גרויער באָרד אין א מדינה פון געסקראַבעטע מאָרדעס, וועלכע... נאָר לאָז זיין, מיט א נארישעוואטע (מיסטער אייניקל, צום ניט פאַרן פאַלע!) מיט א נארישעוואטע צורה אין א לאנד פון ביטרע פּנים'ער, מיט א מויל וועלכע קען שוין כמעט מער ניט קייען (אי־בערקייען האָט זי, געלויבט זיין הייליקער נאָמען, קיינמאָל ניט געקענט, וואָס דערפון האָב איך געליטן, ווי איך וועל אייך דער־ציילן אנאַדערש מאָל, וואָס דאָס איז זיכער) אלזאָ, מיט די אלע זאכן זאָל איך קריגן שונאים!!

עס איז ניטאָ אין מינסקער גובערניע א איד, אפילו ווען ער גלויבט אין בייזע חלומות, אין חסיד'ישע רביים, אין די נייע גאולה, אין שמע ישראל אלס א מיטל פאר פיר טייז, און קמיעות אלס אן אָפּהיטונג פון אן אָביסק, אין צוגעטריקענטע ליבע, אין אקדמות אלס געדיכט, אין חרוסת אלס א מאכל און אין א קאַזיאָנעם רב אלס מורה הוראה,—עס איז דאָרטן ניטאָ, זאָג איך, אזא גלויביקער איד, אזא אני מאמין אויף צוויי פיס, וואָס וועט אייך גלייבן ווען איר וועט קומען און אים דערציילן, אז איך האָב דערלעבט צו האָבן שונאים.

איך אליין... אראָפּ פון נאָז! צי דאָס איז א פליג, א קאָ־מאר אָדער גלאט א שטיקל שמוץ — אָבער עס בייסט ווי א מלוה... איך אליין וואָלט מיט יאָרן צוריק גיכער געגלויבט אין די אונ־מעגלאכסטע, אפילו אין די מעגלאכסטע, (ווייל דער מענטש איז שוין אזוי געבויט אז ער גלויבט אין די מעגלאכסטע אם ווייניקסטן, אלזאָ, אפילו אין די מעגלאכסטע) זאכן, איידער איך וואָלט זיך פאָרגעשטעלט אזא מין זאך. איר וואָלט ביי מיר גיכער געפּועל'ט אז די רוסישע אידן וועלן אמאָל ווערן אידישע רוסן; אז פּאָבע־דאָנאָסצעוו*) און די פּרייהייט וועלן זיך טרעפן און בלייבן גוטע פריינט; אז וויקטאָריע וועט איר זון ווייזן, אז זי איז צו אים א מאמע און וועט שטארבן פריער ווי ער; אז נעזער וועלן זיך

*) זע אויבן זייט 42 און 96.

קענען פּאַרטראָגן מיט העסטער סטריט און הערצער מיט פינפטע עוועניו; אַז געוויסע באָסעס אין אַ געוויסער פּאַרטיי פון אַ געוויסער מדינה — אַלע דריי אָן געוויסן — וועלן ענדלאַך ווערן אין פּנים דאָס, וואָס זיי זיינען אין זייער מיינונג, נעמלאַך רויט.... באַטראַכטנדיק זייער פירונג; אַז דער אויבערשטער וועט זיך ענדלאַך אָננעמען פאַר די אידן אין ניקאָלאַיעוו, פאַר די קריסטן אין אַרמעניען און פאַר די אַרבעטער אומעטום; אַז ער כביכול, אויב ער יכול'ט, וועט באַשיצן די פינען קעגן דעם צאַרישן אונ-טערדריקער, די פיליפּינער קעגן זייער אַמעריקאַנישן באַפרייער און די אַמעריקאַנער געגן זיך אליין; אַז אין אַ צייט פון אַ יאָר וועלן דאָ אַלע מענטשן זיין סאָציאַליסטן און אַלע סאָציאַליסטן מענטשן; אַז איך אַליין וועל זיך אויסלערנען שרייבן סקלאַדנע ווי אַ היימישער סופר, אָדער ווי דער ווילנער בריוו-שטעלער און וועל קומען צו אַזאַ מדרגה, אַז איך וועל אָנהויבן און אויסלאָזן ווי אַ פאַרנינפּטיקער מענטש און מיין פעדער וועט ניט אַרומשפּרינגען אויפן פּאַפּיר ווי אַ מויז אויף אַ צימבל, אָדער ווי ברייען אויף די סאָציאַלע פראַגע און איך וועל קענען אָנהויבן צו שרייבן טאַקע ווי איך האָבן אָנגעהויבן, נעמלאַך:

געשטאָרבן? פוסטע דבורים! ווער וועט איצט שטאַרבן? דאָס וואָלט פון מיר געווען מער ווי אַ נאַרישקייט. דאָס וואָלט איינפאַך באַוויזן, אַז מיינע שונאים..."

און וועל ענדיקן, דאָס הייסט, פאָרטזעצן ווי איר וועט לייענען אין צווייטן קאַפּיטל, אויב איר וועט לעבן, איך וועל לעבן, און אַלע וועט גיין בשורה.

פאָרלויפיק מעגט איר וויסן, אַז טויט בין איך דערוויל נאָך ניט. איר זאָלט דאָס איבערהויפּט ניט גלויבן וואו איר וועט דאָס ניט הערן פון מיר אַליין.

## שטאַרבן און טויט ווערן *)

הייסט עס: געשטאָרבן בין איך ניט. שטארבן ליגט איבער־הויפּט ניט אין מיין נאַטור, איך קען העכסטנס טויט ווערן... וואָס קרימט איר זיך? איך בין דערווייל נאָך ביים זינען, וואָס מיינע שונאים... פון וואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען שונאים? דאָס רופעט מיך ווי צאַן געשוויר, ווי די רויטע פאָן א געוועזענעם סאָציאַ־ליסט, ווי ר׳ מאיר׳ן האָט גערופעט אלישע בן אבויה׳ס תורה, ווי... נאָר לאָז שוין זיין געגנוג. איך זאָג: איך בין דערווייל נאָך ביים זינען, וואָס מיינע שונאים זאָלן ניט זאָגן, און מען זאָגט, אז זיי זאָגן, אז איך זאָג... נאָר כאַפּט זיי דער קאדיק!

אלזאָ, איך בין דערווייל נאָך ניט משוגע און מן־הסתם איז שוין דאָ א נפקא מינה צווישן שטארבן און טויט ווערן, ווען א מאַן ווי איך דריק זיך אזוי אויס... די גאוה שטאַמט ניט פון מינסק. זי איז צו מיר צוגעשטאַנען דאָ אין אמעריקע, ווייל דאָ מוז מען זיך בלאָזן אום אָפּצוהיטן דעם אָטעם און ניט צו צולאָזן צו זיך קיין שמוץ... בקיצור, עס איז דאָ א נפקא מינה, און אויב איר האָט חשק צו הערן... איך פרעג אייך, מחמת איך קלייב זיך צו זאָגן א חכמה. וואָלט איך געהאַט בדעה צו זאָגן א נאַרישקייט, וואָלט איך אייך ניט געפרעגט: אויף עם זייט איר אימער בעלנים, ווי אייך וועלן ערקלערן די אידישע „פּאָבלישערס" (צו וועלכע משונה׳דיקע ווערטער מען געוואוינט זיך דאָ, בעונותינו הרבים, צו! דער טייוול וויים זיי וואָס פאר א לשון זיי ריידן! אָט זאָגט מיין אייניקל אז דאָ איז א קריינק ניט א חלאת, נאָר איינער וועלכער זאָגט דעם אמת און רעדט לויט ווי זיין שכל גיט אים איין און טוט ניט ווי אלע טוען, ווען אים דאכט זיך אז אלע טוען נארישקייטן און לעזן זיי, וואָס דאָס ברייננגט מיך צוריק צו די „פּאָבלישערס"),

*) 1899.

װעלכע װעלן אייך ערקלערן, אז חכמות, װעלכע זיי דרוקן לייגן זיי אין דר׳ערד אריין, און דאָס װאָס ברייננט זיי צוריק צום לעבן איז װאָס זיי קומען גיך צום שכל און נעמען זיך צוריק צו די נאַריש־קייטן, װעלכע װערן צעבאַפּט װי דעם רבי׳ס שאיריים, װי הייסע גע׳צלם׳טע בולקעס ערב פסח (ביי די גוים), װי א חתן תורה און חתן בראשית אין לאַנדאַנער שולן און װי שמאַטעס אין א באַר־גיין-סייל *) אין ניו יאָרק.

נאָר צי איר װילט צי ניט, זאָגן װעל איך אייך: שטאַרבן קען מען ביסלאַכװייז, טויט װערט מען מיט אמאָל, פון אויסצערונג שטאַרבט מען, פון א מיתה משונה װערט מען טויט. איר זעט אויף די גאַסן מענטשן, װעלכע גייען ארום דריי פערטל מאַנכע פיר פינפטל, אנדערע נאָך מער אין די דעליקאַטנע תשבורת אריין, אָ פּ ג ע ש ט אָ ר ב ן. א „האַנט״ אין א פאַבריק, איבערהויפּט װען ער אָדער זי איז א האַנט, װעלכע מען דאַרף ניט אין דער פאַב-ריק — אַזאַ האַנט אָדער א גרינער אָן געלט, אָן מוט, אָן קרובים און אָן כח ש ט אַ ר ב ט, בעת איינער װעלכער טשעפּעט צװאַמען און פאַנאַנדער װאַגאָנעס אויף דער אייזנבאַן לעבט אזוי לאַנג ביז עס דערלאַנגט זיך א האַסטיקער רוק דער צוג און ער װ ו ע ר ט ט ו י ט. אלכסנדר דער דריטער איז געשטאָרבן א יאָר דרייצן נאָכאַנאַנד ציטערנדיק פאַרן טויט, בעת זיין טאַטע איז טויט געװאָרן פּלוצלונג, מיט אמאָל, ניט דערלעבנדיק צו ענדיקן ציטערן פאַרן טויט. אין א מענטשן א אידייע קען אויך נפטר װערן אויף איי־נעם פון די ביידע אופנים. איך האָב אין מיין לעבן געזעען יונגע לייט און אלטע לייט, װעלכע זיינען אמאָל געװען סאָציאַליסטן און זיינען שפּעטער געװאָרן בעלי בתים. ביי מאַנכע פון זיי איז דער סאָציאַליזם טויט געװאָרן אזוי גיך װי א פּעקל אסיגנאַציעס האָט זיך פאַנאַנדערגעװיקלט פאַר זייערע אויגן. ביי אנדערע װידער איז דער אידעאַל אָפּגעשטאָרבן. לאַנגזאַם, הינטערװיילאַך, איין שריט, צװיי, דריי, װי ר׳ יצחק אלחנן עה״ש פּלעגט אויסגיין שמונה

*) „מציאות״-אויספאַרקויף.

עשרה, ווי דער ערנוואָרט גייט אוים ביי אַ סאָציאַליסטישן סוחר, און ווי די ליבע נאָך דער חתונה ביי צוויי, וועלכע זיינען שוין ניט אַ פּאָר, ווי דער היגער ענטוזיאַזם פאר אַ „פרייען קובא“, ווי אַן אָרימע אידישע צייטונג. ביי יענע פּאַקט זיך דער סאָציאַליזם האַס־טיק איין און „מופט“ אַרויס, אַשטייגער ווי ער וואָלט געווען אַ קמצן אַ „באָרדער“, וואָס מען האָט אים געהאַט אָפּגעגעבן אַ „רומקע“, אין הארצן, כל זמן אז דער אָרט איז סיי ווי סיי געשטאַנען ליידיק, און דאָ האָט זיך מיט אמאָל געמאכט אַ גליק איינגעוויקלט אין טשעקס, אָדער אָנגעטאָן אין אַ ספּאָדניצע, אויף אַ שמאָלע טאַליע (שמאָל סיי פון דער נאַטור, סיי פון דעם קאָרסעט ד. ה., אָן עינוים, אָדער מיט עינוים, יעדנפאַלס אַ שמאָלע טאַליע), אונטער אַ חנ'עווו־דיקע מאָרדיטשקע, מיט אַ פּאָר גריבעלאַך אין די באַקן, אונטער צוויי גרויסע אויגן, וועלכע ווילן מער וויפיל עס קען געבן דער „קאָ־מוניסטישער מאַניפעסט“. און דאַן האָט מען צו דעם אָרימען באָר־דער געזאָגט: רוק זיך קבצן, עס קומט אַ בילכערער פאר דיר! ביי יענע אלזאָ, נעמט דער סאָציאַליזם איין אַ מיתה משונה און ווערט כאילו לא היה. ביי די אנדערע שטאַרבט ער ביסלאַכווייז אָפּ. ביי זיי טרייבט מען ניט, ביי זיי פאַריאָגט מען ניט. ביי זיי גנב'עט ער זיך שטילערהייט אַרוים. ביי זיי געפינט מען אוים אז ער אליין, דער סאָציאַליזם למשל, איז נאָך צום דערליידן, אָבער ער האָט צופיל געפּעק ארום זיך, צופיל שמאָנדרעס. מען נעמט וואַרפן די פּעקלאַך ווי מען וואַרפט אראָפּ דעם באַלאַסט פון אַ לופט־באַ־לאָן, בעת מען פילט אז עס ווערט אונבאַקוועם צו האָבן אָט דעם באַלאַסט ארום זיך. דער ענטוזיאַזם גייט צוערשט און נאַכער די ערגעבנהייט און נאַכער די ליבע, וועלכע איז מיט אים געווען פאַרבונדן און דאַן די איבערצייגונג און דאַן, ווען ער, דער סאָציאַליזם, איז שוין ניט מער ווי אַן עובר בטל, אין וועלכן עס קלאַפּט נאָך קאָם־קאָם אָן אָדער, קרוישקעט ער זיך אין אַ שויי־נעם פרימאָרגן איינגאַנצן ארוים און אין שטעטל יאַוועט זיך אַ נייע קרעמל.

אָ, איך זאָג אייך, קינדער, עס איז דאָ אַ גרויסע נפקא־מינה

צווישן שטאַרבן און טויט ווערן, און שטאַרבן ליגט ניט אין מיין נאַטור. איך... ליבע לעזער, איז אייך אויך אַזוי היים ווי מיר? אמעריקע וועט אויך ניט שטאַרבן: זי האָט פיינט אַ לאַנזאַמען גאַנג סיי אין לעבן סיי אין טויט. ביי איר איז ניטאָ קיין ניסן, אייר, סיון, תמוז; זי וואַרפט פון זיך אַראָפּ די גרויסע הילע און פון פורים שפּרינגט זי אַריין אין תמוז, פון דעם פעלץ אין אַ „באַדע אַנצוג" און טו איר וואָס! זי וועט אייך ניו יאָרקער־ווען און ניו יאָרקעווען אַז עס וועט ביי אייך אין מויל קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן און מיט אַמאָל — הייוועהיל! *)

דערווייל, ליבע, גוטע לעזער, וואָלט איך פון אייך פאַרלאַנגען אַ שטיקל טובה.

פילע פון אייך האָבן אַמאָל געברענט, בעת היינט איז אין אייך ווערלף צו טרייבן. זאָגט מיר, גוטע ברידער, ווי ווערט מען פּטור פון די היץ?

וואָס זאָגט איר?

— זיך אויסטאָן... פון אַלעמען... ווערן פאַרנינפּטיק; גיסן אַן עמער וואַסער אין יעדן בעכער וויין און אַריינלייגן אַ גרויסע שטיק אייז אין דער וואַסער און ניט אַרויפלאָזן קיין הויך פון התלהבות אויף די אייז...

איר זייט אפשר גערעכט, אָבער די עצה האָט מיר געדאַרפט געבן מיט 58 יאָר צוריק. איצט איז שוין צו שפּעט. פאַר אַ מענטשן אין מיינע יאָרן איז שוין קיין אַנדער מיטל צום אָפּקילן ניטאָ, ווי ווינקעלע אין יענעם קעלער, וואו עס ליגן קאַלט, אי די וועלכע שטאַרבן, אי די, וואָס ווערן טויט.

*) אַ זומער־פּלאַץ אויף די בערג.

## דאָס לעבן: אַ דראַמאַ אין 5 אַקטן *)

„זיידע מען שפּילט אין אידישן...“

אפשר האָב איך אייך דאָס געזאָגט און אפשר טאַקע ניט, נאָר דאָס איז שוין היינט אַ מעשה פון עטלאַכע חדשים.

מחשבות'ן, קענט איר מיין אייניקל? אויב איר האָט אים שוין לאַנג ניט געזעען, קלער איך, אַז איר וועט אים ניט דערקענען. ווי זיי וואַקסן אויס, די קינדער! ניט אַ קאַנטע אין אַ גראָסערי סטאָר, ניט די ניו-יאָרקער־וואָר־ווייס-וויפּיל־עטאַזשיקע הייזער, ניט אַן אַפּרייטאָר'ס דאגות נאָך דער חתונה, ניט ראָקעפעלער'ס עשירות, אפילו מיינע צוגלייכענישן וואַקסן ניט אַזוי גיך, ווי עס וואַקסן אויס די קינדער, איבערהויפּט ווען זיי האָדעוועט זיך ניט אונטער אייערע אויגן. זיי ווערן... האַלט, איך האָב אייך וואָס צו זאָגן, לאָמיך אַקאָרשט נעמען אַ שמעק טאַבאַק. דער נאָז איז פון די דאָזיקע, וואָס האָבן ניט קיין געדולד. ווען ער וויל אַ שמעק טאַבאַק, איז ער ווי אַ לענדלאָרד, ווען עס קומט די צייט פון צאָלן רענט, אָדער ווי אַ מעקלער, ווען עס פאַרגלוסט זיך אים צו זאָגן אַ ליגן, אָדער ווי אַ גראָב ווערטל ביי אַן עדעלן מענטשן, ווען די משפחה איז ניט דערביי... דער מענטשלאַכער נאָז איז שוין אַזוי געבוים, אַז ער מוז ענטוועדער שמעקן טאַבאַק, אָדער זיך לאָזן קאַלופּענען, אָדער זיך מישן אין פרעמדע עסקים, אָדער... אָה, איך פאַרקריך!

בסדר אַזוי... ארום וואָס האָבן מיר גערעדט? יע, וועגן דעם ווי קינדער וואַקסן אויס עפּעס אַזוי ווי מיטאַמאָל, ווען זיי האָדעוועט זיך ניט אונטער אייערע אויגן. דאַכט זיך, נאָר-וואָס

---

*) 1901.

געוועזן אַ פּיטשוק... ווי לאַנג האָט איר אים ניט געזען? אַ יאָר דריי אָדער פיר אינגאַנצן, און מיטאַמאָל, זעט נאָר אַביסל! אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם. אַ בחור מיט ביינער, ער רעדט שוין אַרום „פּייטס" און טראַכט שוין אַרום אַנזעצן, און ווייסט שוין פון אַלץ, וואָס אַ איד דאַרף ניט וויסן, און טרינקט שוין טיי אין אַ קאַפע־סאַלון, און רייבט זיך שוין אַרום די פּאָליטישענס, און טראָגט שוין אַ ווייסן קאָלנער צוויי טפחים הויך און שטייף ווי אַ אַ פּאַון־בראָקער'ס האַרץ, און טראָגט שוין אַ פינף־סענטיקן דיימאָנד־פּין אין קראַ־וואַט, און איז שוין אַ מיידעל'ס אַ „פעללער", און גייט שוין אין טעאַטער, און קען שוין אַלע „עקטערס", און איז שוין אַ מבין אויף לייב־קאָליף, און שפּילט שוין אַ קערטל, און מאַכט שוין אַ שנעפּסל, און איז שוין אַ מעמבער פון אַ לאָדזש, און קלייבט זיך שוין צו ווערן אַ פּרעזידענט, און קרימט זיך שוין אויף אידישע צייטונגען, און ווייסט שוין ווי אַ דענסינג־סקול זעט אויס אינעווייניק, און פאַרשטייט שוין דעם חלוק צווישן שוויצן אין אַ סוועט־שאַפּ און שוויצן נאָך אַ קאַדריל, און גייט שוין אויף איסט־בראָדוויי ווי אַ האָן אין זיין אייגענעם הויף, און האָט שוין אין מויל איין פאַלשן צונג, צוויי פאַלשע ציינער און אַ שטיק טאַבאַק צום קייען, און לאַכט שוין פון פרומע אידן, און איז שוין אַ פּראַקטישער מאַן, וועלכער גלויבט ניט אין נאַרישקייטן, אין אידעאַלן און אין פאַר־שימלטע ביכער.

דאַכט זיך, ווי לאַנג איז ער געוועזן אַ שנעקויז, אַ אינגל, אַ נע־בעכל, אַ גאָר־נישט! טאַטע הייליקער, ווי גיך דאָס ווערט!

און דאָך איז ער דאָס אַלץ ניט געוואָרן מיטאַמאָל. מיטאַמאָל ווערט איבערהויפּט קיין זאַך ניט, חוץ אַ הייסע ליבע, אַ אידישע צייטונג און איר רעדאַקטאָר, אַ שידוך אין זעזמער און אַ שרפה פון אַ פאַרזיכערטער הויז אין אַמעריקע, ווען חוץ אָרימע לייט וואוינט אין איר קיינער ניט. אַלצדינג און יעדער מענטש וואַקסט לאַנגזאַם, ביסלאַכווייז אַרויף און אַראָפּ... וואָס קוקט איר ווי אַ האָן אין בני־אדם? אַרויף און אַראָפּ איז וואָס איך מיין, און טאָ־מער פאַרשטייט איר ניט, וועט מען אייך אַריינהייגגען אַ לאַנטערנע

אין מוח : מענטשן, געזעלשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס ווערן געבוירן, וואַקסן ביז זיי דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון זייער אַנטוויקלונג; דאָס הייסט, זיי וואַקסן א ר ו י ף. דאַן וואַקסן זיי ווייטער, אַנטוויקלען זיך ביז זיי דערגרייכן צוריק זייער נידעריקסטע שטופע; דאָס הייסט, זיי וואַקסן א ר אָ פּ.

דאָס מענטשלאַכע לעבן איז אַ דראמאַ אין 5 אַקטן : דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף און אין דעם ערשטן אַקט הויבט זיך אָן דער געררודער. דאָס לעבן דערשיינט אויף דער בינע, קליין, אומדייטלאַך, אָבער עס צאַפּלט זיך און בורעט זיך און וואַרפט זיך, און די צושויער קוקן און קלערן : וועט דאָס זיין אַ לוסט-שפּיל מיט אַ גליקלאַכן סוף, אָדער אַ שרעקלאַכער טרויער־שפּיל. מען ווייסט ניט.

דאַן קומט דער צווייטער אַקט. דער עסק אַנטוויקלט זיך און ווערט קלאָרער. אַ שאַרף אויג קען אומגעפער שוין זען, אין וועלכער זייט דער ווינט בלאָזט, אָבער דאָס לעבן שטייט נאָך אַלץ אויף דעם שיידוועג און איין קער רעכטס אָדער לינקס קען אַנטשיידן די פראַגע : אַ קאָמעדיע אָדער אַ טראַגעדיע?

אין דעם דריטן אַקט איז די פראַגע אַנטשידן. די דראַמא האָט אָנגענומען אַ באַשטימטן כאַראַקטער, דאָס לעבן איז געקומען אויף דער העכסטער מדרגה און קען שוין העכער ניט שטייגן. ווען ד ע ר אַקט איז צו־ענד, קען דאָס לעבן נאָר גיין איין וועג : באַרג אַראָפּ; די פראַגע איז דאַן נאָר : ווי—צו אַ גליקלאַכן אָדער אַ טרויעריקן סוף.

דאָס ווערט פאָלקאָמען קלאָר אין דעם פערטן אַקט, און אין דעם פינפטן קומט דער אַקט גופא, און דאַן לאָזט זיך אויף אימער אַראָפּ דער פאָרהאַנג און דאָס טעאַטער ווערט פינסטער, פינסטער און פוסט און קאַלט; די ליכט זיינען אויסגעגאַנגען, די צושויער זיינען אַוועק אהיים און דער וואָרימער לעבנס-אָטעם איז פאַרשוואונדן. די דראַמאַ איז אויסגעשפּילט, די מוזיק אין פאַרשטומט און דרויסן הערשט די פוסטע. פינסטערע, קאַלטע נאַכט.

און דאָס איז ניט אין דעם מענטשלאַכן לעבן אַליין. די זעל-

ביקע דראַמאַ שפּילט זיך אָפּ אין יעדן סיסטעם, אַן יעדער געזעל־שאַפט, אין יעדער אָרגאַניזאַציע, אין יעדער פּאַרטיי. דער דריי־טער, דער אַנטשיידנסטער אַקט איז אימער דער אינטערעסאַנט־סטער; ער איז דער מיטלפּונקט און אין דער זעלביקער צייט דער העכסטער פּונקט, ער איז...

„איצט הער, זיידע, איך זאָג דיר, מען שפּילט אין אידישן טעאַטער..."

לאָז מיך אויסריידן. אַי, צעטומלסטו מיר די רעיונות.

אַ דאַנק זיין היילינקן נאָמען, דער בחור איז אַוועק. איצט קענען מיר ווייטער ריידן.

יע, די קינדער וואַקסן גיך אויס, ווען זיי האָדעווען זיך פון ווייטן. אָבער וואָס האָב איך געוואָלט אויספירן? איך בין עפּעס היינט גאָר מטושטש!

און גאָר אומזיסט האָב איך וועגן דעם ניט אָנגעהויבן צו ריידן. מיר האָט זיך געוואָלט אייך עטוואָס זאָגן. עפּעס האָט זיך אין מיין אָרימען, אַלטן מוח אַרומגעטריבן אַ גאַנצע שטיק פילאָזאָפיע, וועלכע האָט אייך געקענט דערקלערן אַ סך טונקעלע פראַגן. אָבער איך וועל שוין וואַרטן, ביז מיין קאָפּ וועט זיך אַביסל דורכלופטערן. האָט אייך אַ גוטן...

# די היץ*)

וואָס מיינט איר, דאָס איז ווי — ווּעמען. איינעם טשעפּעט עס גאָר ניט, בעת דעם אַנדערן ברענט עס ווי דער יצר הרע דעם ליבאַוויטשער חסיד, און עס בראָט אים וויביים פּרוש די בולבע אין אַ פּעלצל, און עס צאַפּט פון אים שוויים ווי פון דעם אַפּערייטאָר דער סוועטער, און עס מאַכט אים אַלץ מער דורשטיג, וואָס מער ער גיסט אין זיך וואַסער, עפּעס אַזוי ווי אין די וואַסער וואָלט געווען זאַלץ, אָדער הערינג-ראָסל, אָדער אַ צעבער ים, אָדער דאָס וואָס די שענקערס טוען אַריין אין די לאַגער־ביר, אָדער אַ קאָוונער דאַרע קישקע... אָ, יאָ, עס מאַכט אים אַלץ מער דורשטיק וואָס מער ער טרינקט, און עס פאַרטרייבט דעם אַפּעטיט גיכער ווי דער אָנבליק פון אַ העסטער־סטריטער „היימישע פּאַמפּעשקע“, און עס מאַכט אים שלעפעריק אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַרנינפטיגער בוך, און עס טרייבט אים צום סאָדאַ־סטענד, אַזוי ווי אין סטענד וואָלט געווען אַ קליפּה, און עס מאַכט אים שוואַך און אָפּהענטיק אַזוי ווי ער וואָלט געווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ניו יאָרקער אידישן קוואַרטל, און עס טוט אים אויס האַלבנאַקעט ווי אַף אַ באַל די רייכע דאַמען, און עס נעמט ביי אים אַוועק דעם כוח-הדיבור, ווי אַן אומדערוואַרטעטער וויזיט פון אַ בייזע שוויגער, און עס מאַכט אים אָפּגעלעבט ווי אַ פיש אויף דער יבשה, און עס גיט אים אַ טעם פון טויט און אַ חשק צו ווערן אַ קריע אייז און אַ פאַרגעשמאַק פון דעם גיהנום און אַ באַגריף פון אַ גלאָז־פאַבריק און פון משה רבינו'ס דאָרן, וועלכער האָט געברענט און איז ניט פאַרבּרענט געוואָרן.

---

*) 1906

איר האָט א טעות: איך רעד ניט פ ו ן היץ, איך רעד א ר ו ם דער היץ, ווייל דאָס איז ווי—וועמען, איינעם טשעפּעט זי גאָר ניט און דעם אנדערן... אָט ווי איך האָב אייך געזאָגט, און איך בין, וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט? ווי געוויינלאך, דער אַנדערער.

ווי אַזוי דאָס קומט, ווייס איך ניט. דאַכט זיך איך האָב אויף זיך ניט מער פלייש ווי א קליינער „טשאָפּ“ אין אַ גרויסן רעסטאָראַן; און איך זיץ אָפט צווישן אמת'ע ניו יאָר־קער ענטוזיאסטן, וועלכע וואָלטן דאַרפן מאַכן, אַז אייך זאָל אריבערגיין א קעלט איבער'ן לייב; און איך בין ניט קיין גע-וויינלאַכער פילאָזאָף — איך וואַש זיך; און איך טרינק הייסע טיי, וואָס דערפון דאַרף ווערן קעלטער; און איך גיי אַלע וואָך אויף אַן אַנדער פּיקניק, וואָס צוליב זיי ווערט אימער די לופט עטוואָס אָפּגעקילט; און איך שלאָף איין אין דער באַוועגונג און זע אין חלום דעם נאָרד-פּאָל און מעיאָר ווען וואַיק און אַלץ וואָס איז שייך צו אייז; און איך טו אויס די ציוויליזאציע מיט'ן ווייסן כאַמוט, מיט די געבילדעטע פּעטליע, אַזוי גיך ווי איך קום אַהיים און ווער אַזוי אָפּנהערציק ווי אַ שיכור'ער דיפּלאָמאַט.

וואָס טו איך ניט ? און עס איז דאָך הייס, און די היץ קען איך ניט פאַרטראָגן.

אַמאָל האָב איך געקענט, אָבער דאַן זיינען געווען אַנדערע צייטן. דאַן איז געווען אַלץ הייס, דאַן האָט אַרום מיר אי־מער געברענט און די הערצער זיינען געווען וואַרעמע און איך האָב דעם תמוז ניט אַזוי שטאַרק געפילט.

היינט ברענט נאָר די זון און דאָס ערגערט אייך אַם מערסטן דערפאַר, ווייל זי ברענט, דאַכט זיך, ניט שיינענדיק, ווייל אירע שטראַלן שיינען ניט צו־שיינען און אַרום אייך איז פינסטער און כמאַרנע און פאַסקודנע, ווי אין אַ לאָנדאָנער טומאַן.

אַמאָל פלעגט מען אין די הייסע טעג טרעפן הייסע

מענטשן און פארקריכן אין א הייסן געשפּרעך און מען פלעגט פון זיך ארויסברענגען די היץ און עס פלעגט עפּעס ווערן קי־לער און מען פלעגט זיך פילן אנגענעמער, מוטיקער, לעבעדי־קער און מען פלעגט ניט מערקן, ווי דער שוויים גיסט זיך און ווי דאָס קוועקזילבער שטייגט און ווי דער כוח זינקט.

היינט איז דאָס אלץ אנדערש.

דער אמאָליקער גאָרטן איז היינט א בית־עולם און פון די בליענדיקע בלעטער־רייכע גרינע בוימער איז געוואָרן שטיי־נערנע מצבות. דאָרטן, וואו עס זיינען געוועזן בייטן מיט לעבן אין יעדן גרעזעלע, זיינען היינט דאָ ש ו ר ו ת פון קברים און די, וואָס איר זעט ארום זיך, זיינען מתים, וועלכע וואנד־לען אויפ׳ן עולם-התוהו, וועלכע ב א ו ו ע ג ן זיך כלומר׳שט, אבער דאָס איז נאָר, ווייל די ערד נעמט זיי ניט צו.

איר גייט צו א מיטינג און איר טרעפט איין מת אלס טיר־שטייער, אן אנדערן — אלס טשערמאַן, און א דריטן — אלס רעדנער. קוקט זיך איין אויף זייערע פּנימער וועט איר זעען, אז זיי זיינען וואנדלענדע מצבות, און אויף יעדע פון זיי שטייט דייטלאך אויפגעשריבן: דאָ ליגט באַגראָבן א סאָצי־אליסט.

צייטנווייז טרעפט מיר, אז איך באגעגן ערגעץ-וואו א גאנצע גרופּע פון אזעלכע וואנדלער אין עולם התוהו. איך באַ־טראַכט זיי און זע, אז די נשמה, די אמת׳ע נשמה איז שוין לאַנג פון זיי ארויס; אז דער דופק וואָס קלאַפּט אין זיי, איז א געמאַכטער, א קינסטלאכער ווי דער דופק פון א זייגער; אז זיי האָבן אין זיך ניט מער קיין געפיל און קיין מיטגע־פיל.

איך באַטראַכט זיי לאַנג, זייער לאַנג און מיר ווילט זיך אויסשרייען: מ ת י ם — ג י י ט צ ו ר י ק צ ו א י י ע ר ר ו ! !

און דאַן פרעג איך ביי זיך אליין, ווי אזוי די אלע מענטשן זיינען געשטאָרבן ? ווי אזוי דאָס איז געקומען, אז זייער

נשמה איז אַרוים און ניט נאָר קיינער האָט דאָס ניט באַמערקט, נאָר זיי זיינען געבליבן כלומרשט לעבן אָן אַ נשמה, אַזוי ווי די וואַקס־פיגורן אין אַ מוזיי, וועלכע האָבן רעדלאַך און דריידלאַך און קונצן אינווייניג און הויבן די ברוסט, און גלאָצן מיט די אויגן, און עפענען די מיילער, און שאָקלען מיט'ן קאָפּ, אָבער קיין נשמה האָבן זיי ניט.

פאַרוואָס האָט מען זיי ניט געזען שטאַרבנדיק? וועל איך אייך זאָגן. איך וועל אייך געבן דעם זעלביקן תירוץ, וועלכען איך גיב זיך אַליין. ליגט צו אַ מוח.

ווען אימיצער ווערט פּלוצלונג, מיטאַמאָל, איבער נאַכט פון רייך אָרעם, פון געזונט קראַנק; פון לעבעדיק טויט; פון אַן אידעאַליסט אַ פּאַון־בראָוקער*); פון אַ מענטשן מיט אַ גייסט, מיט לעבן, מיט ליבע, מיט אַ פרייהייטס־דראַנג, מיט אידייען — אַ צוויי־דריטל־טויטער, אַ צוויי־פיסיקע בהמה, וואָס עסט צו לעבן און לעבט צו עסן — ווען, זאָג איך, דאָס ווערט פּלוצלונג, מערקט מען דאָס, רייסט דאָס אויף די אויגן און י ע ד ע ר זעט, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַן איבערקער, אַ פולקאָמענע פאַרענדערונג און יעדער פאַרשטייט דאָס.

דאָס פּאַסירט אָבער זייער זעלטן. געוויינלאַך גייט דאָס צו לאַנגזאַם, ביסלאַכווייז, פון טריט צו טריט; געוויינלאַך אַנטוויקלט זיך דאָס אַזוי לאַנגזאַם, ווי די געבורט פון אַ מענטשן, זיין לעבן, זיין טויט, זיין אויפלייזונג אונטער דער ערד און ווען דער רעזולטאַט פון אַ חתונה איז אַ הייפל ביינער אין אַן ענגן קבר, ווערט דאָס, פאַרשטייט איר, אַזוי אומגעהויער לאַנגזאַם, אַז מען מערקט דאָס ניט.

געוויינלאַך פאַרלירט קיינער ניט זיין נשמה אויף אַמאָל, און ווען ער וואַקסט אונטער אייער אויגן, מערקט איר דאָס ניט. מענטשן און, פּונקט אַזוי, גאַנצע געזעלשאַפטן, סיסטעמען, אָרגאַניזאַציעס ווערן פון מינוט צו מינוט, פון שעה צו

*) וואָס לייט געלט אויף משכנות.

שעה, פון טאָג צו טאָג, פון וואָך צו וואָך און דאַן מאָנאַטלאַך, יערלאַך און אַזוי ווייטער, פאַרענדערט. קיין זאַך בלייבט ניט ווי געווען: אַלץ ווערט, וואַקסט און גייט אונטער; אַלץ וואָס גייט אונטער, טראָגט אין זיך דעם זאָמען פון אַ נייער געבורט און די נייע געבורט, ווידער, טראָגט אין זיך דעם אָנהויב פון איר אונטערגאַנג, פון איר טויט.

אָ, ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַרשטיין! דאָס איז אַזאַ וויכטיקע שטיקל פילאָזאָפיע, אַז מען וואָלט דאַרפן וועגן דעם רעדן אַזוי קלאָר און דייטלאַך, ווי נאָר מעגלאַך, און די היץ פאַרעט, און דער שוויים גיסט זיך, און דער מוח ווערט צעשמאָלצען.

גערולד, קינדער!



## האַלב קלאָר, האַלב משוגע *)

ווי נעמט מען צונויף די געדאַנקען, כדי אייך דאָס צו דער־קלערן?

שטעלט זיך פאָר, אַז דער דלות אייערער וואָלט אויף אייך געקומען פּלוצלונג, אַזוי פּלוצלונג ווי פון לוט'ס ווייב איז געוואָרן אַ זאַלץ־געשעפט, אָדער ווי פון אַ פייער־פאַרזיכערונג ווערט אַמאָל אַ שרפה, אָדער ווי פון פאַרליבן זיך אין יענעמ'ס כלה ווערט אַ פּרינציפּיעלע געגנערשאַפט, אָדער ווי...

נאָך אַמאָל: שטעלט זיך פאָר, אַז דער דלות אייערער איז אויף אייך אַרויפגעקומען מיטאַמאָל, פּלוצלונג. שטעלט זיך פאָר, אַז איר האָט זיך געלייגט שלאָפן אַ פאַרצייטיקער שנייַ־דער, אַ בעל־מלאכה, אַן אומאָפּהייננגיקער מענטש, אַ בר־דעת, איינער, וואָס אַרבעט לאַנגזאַם, און לעבט אָן איילעניש, און קוקט אַריין אין אַ ספר (צי ער פאַרשטייט אים, צי ניט) און מאַכט אַ שיינע זופּיצע, און האָט הנאה פון זיין אַרבעט, און איז אַ בעל־הבית אין זיין הויז, און האָט צייט אויף אַ קאַפּיטל תהילים און אויף אַ פּרק משניות, און זינגט אַ מה־יפית ביי דער אַר־בעט און קריגט זיך געלאַסן מיט דער ווייב בשעת ער פירט דעם אייזן פון מזרח צו מערב, אָדער פון צפון צו דרום, און הויבט די נאָדל, טראַכטנדיק פון עלית־נשמה, און נעמט דערביי אַ שמעק־טאַבאַק, און קוקט אַרויס פון פענסטער ווען ער וויל, אויב עס גייט פאַרביי אַ שיינע, גרויסע לויה, אָדער ווען מען שלעפּט דעם יוזל, אָדער ווען אַ פּאָר שכנים צעקריגן זיך, אָדער בשעת דער רעוויזאָר חתמ'עט צו די קראָמען, אָדער ווען אי־

*) 1906

מיצער טראָגט פארביי א פוטער-קוכן, אָדער עס פאסירט אן אנ־
דער מערקווירדיקע זאך.

שטעלט זיך פאָר, זאָג איך, אז איר לייגט זיך שלאָפן אזא
מין שניידער, און איר כאפט זיך אויף אין דער פרי און איר
געפינט, אז איר זייט מיטאמאָל געוואָרן פון א בעל־מלאכה א
האנט, פון אן אומאפהייננגיקן מענטשן א שקלאף, פון א מה־
יפית זינגער, א דינער ביי א זינגער־מאשין; פון א גאנצן
שניידער אן ארבל-מאכער, א בייסטער, א קנאָפּן־לאָך־אויסנייער,
א פרעסער, אן אפערייטאָר, בקיצור, א צענטל שניידער, וועל־
כער האָט פון זיין פראצע קיין הנאה ניט; וועלכער דערקענט
ניט אויפ׳ן גאס אָדער אין שול זיין ארבעט; וועלכער ארבעט
אין דער פרעמד, וועלכער הויבט ניט „גראציעז" א נאָדל, נאָר
דרייט א ראָד, אן אייזערנעם ראָד, א משוגענעם ראָד, א ראָד,
וואָס ווערט געשטופט פון דאמף און פליט ווי דער שווארץ־
יאָר און האקט די נאָדל ארויף און אראָפּ, א שטייגער ווי ער
וואָלט שטויסן גאָגלאָך א מינוט פאר ליבט-בענטשן.

שטעלט זיך פאָר, אז איר זייט איינגעשלאָפן פארצייטיקער
בעל־מלאכה און זייט אויפגעשטאנען א היינטיקער ארבעטער
און דער איבערקער איז געוואָרן איבער נאכט און שטעלט
זיך וויטער פאָר, אז אין יעדן פאך, ביי יעדע ארבעט, קען
היינט אויפגעטאָן ווערן הונדערט מאָל אזוי פיל ווי נעכטן;
אז די אייזנבאנען און די דאמף-שיפן האָבן געמאכט אזא
קפיצת־הדרך, אז אין לאנד קען אויסגעראָט ווערן די גאנצע
זריעה און אין צייט פון א וואָך קען זי קריגן עסן פון אן אנ־
דער מדינה, און דאָס זעלביקע מיט קליידער און שיך און
אלע אנדערע זאכן.

שטעלט זיך פאָר, אז פון נעכטן ביז היינט האָט די וועלט
געקראָגן אן אנדער פנים און דאָך זייט איר ניט נאָר דער
נעכטיקער אָרימאן, נאָר איר זענט פלוצלונג געוואָרן א בשר־
ודמ׳נע מאשין, א דרייער ביי א ראָד, א הייצער ביי אן אויוון
מיט א פארגליווערטע הארץ, מיט א פארדונגענעם גוף, מיט

אַ פאַרקויפטע נשמה, מיט אַ שכל, וואָס האָט געקראָגן אַ טשיסטע אַטסטאַווקע, מיט אָפּגעשניטענע יאָרן, מיט פאַר־שוואַרצטע טעג, מיט אַ שבת, וואָס איז קיין יום־מנוחה ניט מער און אַ וואָך, וועלכע ענדיגט זיך קיינמאָל ניט.

שטעלט זיך פאָר, אַז איבער נאַכט איז דאָס אויסגע־וואַקסן אַזאַ שרעקלאַכע אַרמיי פון פאַרדונגענע הענט; אַז די אַלע הענט אַרבעטן און אַז אַלץ, וואָס זיי טוען אויף קריכט אַריין אין עטלאַכע בייכער און אַז אָט־די עטלאַכע בייכער שלינגען און שטאָפּן זיך און ווערן, ווי פּרעה׳ס מאָגערע קי, קיינמאָל ניט פול. שטעלט זיך פאָר, אַז פּלוצלונג, פון נעכטן ביז היינט, האָט אייך אַ פּראָסטער, צוויי־פּיסיקער, שטערבלאַ־כער נפש אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט דריי הונדערט מיליאָן דאָלאַר, אַ קאַפּיטאַל, וואָס וואָלט גענוג זיין צו געבן די גאַנצע מענטשהייט, די גאַנצע 1500 מיליאָן נפשות, וואָס געפינען זיך אין דער וועלט, אַלע מענער, אַלע ווייבער, אַלע קינדער, אַ צוואַנציק־סענטיקן „רעגעלן דינער“ אין דעם בעסטן כשר׳ן קאַפע־סאַלון אין גרענד סטריט.

שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס איז אַלץ נעכטן ניט געווען און איז געוואָרן פּלוצלונג זינט איר האָט זיך געלייגט שלאָפן און איר געפינט זיך אין אָט־די איבערגעקערטע וועלט צוזאַ־מען מיט מיליאָנען אַנדערע הענט.

וואָס וואָלט איר געטאָן ?

פריער פאַר אַלץ וואָלט איר אַרויסגעשפּרונגען פון דער הויט.

דאַן וואָלט זיך ביי אייך געשטעלט די האָר קאַפּויר.

דאַן וואָלט איר זיך גוט אויסגעריבן די אויגן און וואָלט געפרעגט צי איז דאָס ניט אַ בייזער חלום. ..

דאַן וואָלט איר געפרעגט, וואָרום זאָל דאָס אַזוי זיין

דאַן וואָלט איר זיך אַליין געענטפערט, אַז דאָס איז פאַר־לייכט ניט קיין מ ו ז.

דאַן וואָלט איר פאַרזאַמלט אַרום זיך אַלע אייערע האַנט־גענאָסן און וואָלט געזאָגט:

„חברה! פון נעכטן ביז היינט איז געוואָרן אַן איבערגע־קערטע וועלט.

„חברה! איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געקומען, אָבער דאָס איז פון זיך אַליין ניט געוואָרן. אימיצער האָט דאָס געמאַכט.

„אָט זיינען אייזנבאַנען, טעלעגראַפן, טעלעפאָנען, גרויסע פאַבריקן, פיינע הייזער, געוואַלטיקע שטעט, קראָמען אָנגעפּאַקט מיט סחורה, מיט אַלע נויטיגקייטן, פּאַרקן, ביבליאָטעקן, שולן, מוזייאומס, עפנטלאַכע געביידעס, סטאַטועס, בריקן, עלעקטרישע באַלייכטונג, וואַסער־ליימונג און הונדערטער טויזנטער אַנדערע זאַכן.

„ווער האָט דעם נוץ דערפון ? די בייכער.

„ווער דאָס אַלץ געמאַכט? זיכער ניט זיי, ווייל בייכער קענען קיין זאַך ניט מאַכן.

„ווער דען ? עס איז קיין ספק ניט, אַז דאָס האָבן מיר געמאַכט, מיט די הענט.

„אויב אַזוי, חברה, זיינען די אַלע זאַכן אונזערע“.

ווען איר וואָלט געהאַלטן אַזוי וויט אין אייער רעדע, וואָלט אייך יונה דער מלמד — ער איז אַ משכיל — אונ־טערבראָכן מיט אַזאַ פראַגע:

„ר׳ קרוב, איילט זיך ניט ! חוץ בייכער און הענט זיינען דאָ מ ו ח ו ת! געמאַכט האָט א י ר טאַקע אַלץ, וואָס איר זעט, אָבער ווער האָט דאָס א ו י ס ג ע ט ר א כ ט ? דאָס האָבן אויסגעטראַכט די גרויסע קעפּ“.

וואָלט איר אים געענטפערט און וואָלט געזאָגט:

„זייער גוט, ר׳ יונה, אָבער —

„ערשטנס, וואָלטן די גרויסע קעפּ גאָרנישט אויפגעטאָן,

ווען מיר וואָלטן פאַר זיי ניט ניט געמאַכט שפּייז, קליידער, שולן, ביכער, אינסטרומענטן, מאָדעלן, לאַבאָראַטאָריעס, רעדער מיט רעדלאַך און אַלע אַנדערע קונצן.

„צווייטנס, זעען מיר ניט, אַז די גרויסע קעפּ זאָלן דאָס זיין די, וואָס געניסן אַלץ, ווייל זיי וואַרפט די בויך נאָר צו אַ ביינדל, בעת די פלייש מיט די שמאַלץ פאַרכאַפּן די האַבונעס.

„דריטנס, וואָלט געווען אַ יושר ניט אָפּצוטיילן די הענט פון דעם מוח און פּילייכט וואָלטן מיר אַליין געווען די גרויסע קעפּ, ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ געלעגנהייט צו קריגן די זעל־ביקע אויסבילדונג".

אַזוי וואָלט איר געענטפערט ר' יונה'ן און דאַן וואָלט איי־נער צווישן אייך זיך אָפּגערופן און וואָלט געזאָגט:

„חברה ! דער בעסטער פּלאַן וואָלט געווען, אַז מיר הענט זאָלן זיך פאַראייניקן און דאַן וועלן מיר אַרבעטן צוזאַמען מיט די מוחות דורכ'ן כלל פאַר זיך, און דורך זיך, פאַר'ן כלל, ביז עס וועלן אין דער גאַנצער וועלט ניט מער זיין ווי אַרבעטנדיקע דענקער און דענקענדיקע אַרבעטער!

„חברה! עס לעבע דער כלליזם און נידער מיט די ביי־כער !"

דאָס וואָלט אַלץ גערעדט געווען, ווען איר וואָלט דעם איי־בערקער געמערקט, ווייל ער וואָלט געקומען איבער נאַכט, פּלוצ־לונג, וואָס דערפאַר האָט דאָס אויפגערים אייערע אויגן.

אָבער דאָס איז אַזוי ניט צוגעגאַנגען. דער איבערקער האָט גענומען אַן ערך פון הונדערט יאָר; איר זייט אין דלות, אין שקלאַפעריי, אין האַנדיזם אַריינגעוואַקסן לאַנגזאַם, ביסלאַכווייז אומבאַמערקבאַר פאַר זיך, און פאַר אַנדערע.

איר זייט געזונקען טיפער און טיפער, אָבער ש ט ו־פּ נ ו נ ג ו י י ז, צ אַ ל ו ו י י ז, און בעת איר זייט געזונ־

קען, זייט איר באַ'גנב'עט געוואָרן פון די ביסעלע ביטרע, שפּיץ־קעפּיקע מענטשן, וועלכע זיינען שטאַרק געוואָרן פון אייער חורבן, וועלכע זיינען רייך געוואָרן דורך אייער דלות, וועלכע זיינען געוואָרן געבילדעט דורך אייער אומוויסנהייט, וועלכע זיינען קלוג געוואָרן דורך אייער דומהייט, וועלכע זיינען אַלץ העכער געשטויגן וואָס טיפער איר זענט געזונקן אין דלות, אין נויט, אין שמוץ, אין זעלבסטפאַראַכטונג.

אָ, קינדער, ברעכט דאָס די האַרץ ווען מען טראַכט אַרום אייך!



# קעלט*)

מיר איז קאַלט.

דרויסן איז שוין לאַנג פרילינג, די זון שיינט, דער הימל איז בלוי, די גאַנצע נאַטור לעבט. דער בייזער לאַנגער ווינטער מיט זיינע רעליגיעזע טומאַנען, מיט זיינע דיפּלאָמאַטישע ווינ־טען, מיט דעם קאָנסערוואַרטיוון אייז און דעם ליבעראַלן שניי — דער ווינטער איז אַוועק, און אַלץ, אַלץ בליט. האָרך! אָט איז אַ פייגעלע, וואָס פּיפּצעט מיר אין אויער אַריין: האָפּ, אַל־טינקער, לעב און האָפּ! נאָך דעם פרילינג קומט אַ וואַרעמער זומער, און דאַן אַ פרוכטבאַרער הערבסט. און די גאַנצע מענטש־הייט וועט האָבן וואָס צו עסן. נאָך אַ ווײַלינקע און פון יעדן זיפץ וועט ווערן אַ פריילאַכער שמייכל, פון יעדן געוויין אַ גע־זאַנג, פון יעדן טרויער אַ שמחה. לעב, אַלטינקער, לעב און האָפּ!

און מיר איז קאַלט.

עס זיינען געווען צייטן, ווען אַרום מיר איז אַלץ געווען שוואַרץ און פייכט אַזוי טוכלע; ווען די לופט איז געווען פאַר־גיפטעט, ווען דער אמת איז געווען פאַרצויגן מיט וואָלקנס, ווען די פרייהייט איז געווען אומעטום אין שווערע קייטן, און ווען די מענטשליבע האָט אויסגעזען פאַרקאַליעט און פאַרגליווערט. און דאַן — דאַן ווען עס איז ווירקלאָך געווען צום פאַרצווייפ־לען, ווען די האָפענונג איז געווען אי שוואַך אי ווייט, בעת די מרה־שחורה איז געווען אי שטאַרק אי נאָענט — דאַן איז פונ־דעסטוועגן מיר אַליין געווען וואַרעם אין ברוסט און מיין פּולס

---

*) 1892

האָט געקלאַפּט האסטיק און אויף מיינע ליפּן האָט געשפּילט אַ לוסט-שמייכל, און איך האָב געטרייסט מיינע אָרימע ברידער.
און איצט ? איצט ווען יעדער ווינט ברענגט גוטע בשורות, ווען יעדער בוים צייגט אָן אַ נייעם לעבן, ווען די גראָז אויף די לאָנקעס איז פון דאָס ניי פריש און גרין, איצט פיל איך אַ קעלט אין אַלע גלידער, אַן איינזאַמקייט ווי צווישן קברים, וואו עס ליגן באַגראָבן אַמאָליקע האָפענונגען, וואונטשן און גרויסע פרייד.
און מיר איז קאַלט.

איך בין אַ פאַרוואָלגטער צווישן פריינט און ברידער. די פּנימער וואָס איך זע אַרום זיך זיינען ניט די אַלטע; דער האַנטדרוק, וואָס איך פיל, איז ניט וואַרעם; די ליבע אַרום מיר איז אַ פאַרפאַסטע און אַ געדרוקטע ; די פריינטשאַפט, וואָס איך באַגעגן, טראָגט אויף זיך אַ שטעמפּל פון אַ פאַבריק; די שטימען, וואָס איך הער, זיינען פאַרשטיקט, פאַרשימלט און פאַרשטעלט. איך האָב נאָך אימער מיין אַלטע פילאָזאָפיע און מיין יונגן אייניקל, אָבער ער איז צו יונג און זי איז צו אַלט.
אָ,די פילאָזאָפיע ! זי קען נאָר צעגלידערן, צענעמען און ווידער צונויפשטעלן, אָבער זי קען ניט דערוואַרעמען, זי קען ניט דער־פרישן, זי קען ניט באַלעבן. זי האָט אַ שליטה איבער דעם מח אין קאָפּ, אָבער ניט איבער די בלוט אין די אָדערן...
און מיר איז קאַלט.

זיי פרעגן מיך, וואָרום איך שרייב אַזוי ווייניק. זיי ווייסן ניט, אַז איך בין ניט אַ פילאָזאָף ווי אַלע אַנדערע. שפּינאָזאַ, למשל, האָט נאָר באַדאַרפט צום שרייבן פאַפּיר, טינט, אַ פעדער, אַביסל רו פון די אַמסטערדאַמער אידלאַך און פילייכט אַ פּאָר איינענע געמאַכטע ברילן: ער האָט נעמלאַך געשליפן חוץ מחות, אויך שפּאַקולן־גלעזלאַך; פיכטע וואָלט געהאַלטן „רעדן אַז די דייטשע נאַציאָן“, אפילו ווען אַ ווינט וואָלט פאַרטראָגן אים אַליין אָדער זיינע טייטשן אויפן פלאַנעט יופּיטער; פּייער־באַך וואָלט געשריבן געגן אמונה זיצנדיק אין טורמע. אָבער איך? איך מוז צום פילאָזאָפירן האָבן אַרום זיך מענטשן,

וועלכע פילן מיט מיר מיט, און ווייגען מיט מיר מיט, און לאַכן מיט מיר מיט. אזעלכע מענטשן האָב איך אמאָל געזען, היינט פאַרפאָלגן מיך זייערע שאָטנס.

און מיר איז קאַלט.

אָ, ווי קאַלט מיר איז! און דאָס איז ניט צומאָל א געוויינלאַכער פראָסט. דאָס איז א קעלט ווי אין א קדחת, ווי אין א פּראָטעסטאַנטיש-גייסטלאַכער האַרץ, ווי אין א געזיכט פון א געוועזענעם סאָציאַליסט, ווי אין א לאָנדאָנער תשרי־טומאַן; דאָס איז ניט א מאָסקווער פראָסט, וועלכער פאַרכאַפּט מיטאמאָל דעם נאָז, די אויערן און דעם אָטעם, נאָר א קעלט, וואָס גריזשעט און טרייסלט און שוידערט, און מאַכט די וועלט פאַר א פּוסטע חורבה, און די מענטשן פאַר מתים, וועלכע די ערד נעמט ניט צו, און די בוימער פאַר אומבאַנוצטע תליות, און דעם לעבן פאַר א מתנה, וועלכע עס איז ניט זיכער צו האַלטן ביי זיך און צו שווער צום דערטראָגן, און דעם שיין פון דער זון פאַר א בלענדונג אין די אויגן און פאַר א שטער צום שלאָפן. עס דוכט זיך, אז עס גייט אַלץ נאָר ווייל עס איז אָנגעצויגן, אז די באַוועגונג איז נאָר א פיבער, אז די שיינע דרשות זיינען נאָר א מין רעדן פון היץ, פון וועלכע די האַרץ קען פּלאַצן, אָבער ניט אָנגעוואַרעמט ווערן.

און מיר איז קאַלט.

פון וואַנען איז דאָס אַלץ געקומען? בין איך אזוי אַלט? זיינען זיי אזוי יונג? קען איך מער ניט ריידן, אָדער קענען זיי מער ניט הערן? אָדער איז ערגעץ-וואו דאָ א בייזער גייסט, וועלכער איז מבלבל אונזער שפּראַך און פאַרגיפטעט אונזער ברידערלאַכן לעבן? איך ווייס ניט, איך פיל נאָר, אז מיר איז קאַלט. איך זע נאָר, אז איך שטיי איינער אַליין א פאַרוואָגלטער צווישן גרויסע מענטשן־מאַסן, א פאַרבלאָנזשעטער

אין באַקאַנטע ערטער, אַ פאַרלאָזענער צווישן ברידער. קען מען דאָס דערקלערן? איך וועל פּרובירן; וועל איך דערציילן אַ מעשה... אָבער ניט היינט... היינט בויגן זיך מיינע פינגער ניט.

מיר איז קאַלט.



# מיין הייליקע שבועה *)
## (א יוגנט־חלום)

פאר מיר איז דערשינען א בילד־שיינע געשטאלט. ער האט אויסגעזען אומשולדיק ווי א קינד, שיין ווי דער לי־בע-גאט, קרעפטיק, ווי א העלד און קלוג ווי א גרייז־גרויער חכם. ער האט געמעגט זיין אפאלא נאך דער רונדקייט פון זיין קאפ און א מלאך נאך דער שיינקייט פון זיינע צוויי פליג-לען. ווער ער איז געווען ווייס איך ניט. ער האט געטראגן אין זיין רעכטער האנט א בלאנקן שווערד און אין זיין לינקער א פורפורנעם בינטעלע.

ניט ריידנדיק א ווארט, האט ער אויפגעשניטן די לינקע זייט ביי מיר מיט'ן שווערד און האט געעפנט מיין הארץ. דאן האט ער פון בינטעלע ארויסגענומען עטלאכע וואונדערבארע קערנער און האט זיי ארייננגעשאטן אין הארצן ביי מיר, פריער אבער האט ער אויפ'ן שפיץ שווערד עטוואס פון דארטן ארויס־געצויגן.

מיר האט געשווידערט פאר אימה, אבער איך האב געשוויגן, שמערצן האב איך ניט געפילט. ער האט דאן אוועקגעלייגט דעם שווערד און דעם בינטל און צונויפציענדיק דעם שניט, האט ער דארויף ארויפגעגאסן א מין באלזאם, און דורך מיין גאנצן קערפער איז דורכגעגאנגען א געפיל פון ליבלאכקייט און פון פארגעניגן.

מיט א שמייכל אויף זיינע שיינע רויטע ליפן האט ער זיך אפגערופן און האט געזאגט: „דאס, וואס איך צעשגייד,

*) 1893

מאַך איך ווידער גאַנץ, און דאָס, וואָס איך פאַרוואונד, קען איך צוריק פאַרהיילן, איך קום מיט דיר מאַכן אַן אייביקן בונד און וויל מיט דיר שליסן אַן אָפּמאַך, וועלכער זאָל דויערן ביז דיין לעצטן טאָג אויף דער ערד. אָבער צוערשט גיב אַכטונג אויף מיינע ווערטער און פאַרנעם מיינע רייד.

„ביי דיר אין האַרצן האָט געבליט אַ העסלאַכער געוואוקס, און זיינע געלע בלעטער האָבן זיך שוין געהאַט פאַרשפּרייט אין אַלע דריי ווינקעלאַך. דער געוואוקס הייסט זעלבסטזוכט, און עגאָאיזם רופן אים די מענטשקינדער. איך האָב אַ טייל פון אים אויסגעשניטן און האָב אויף זיין אָרט פאַרזייט אַ נייע זריעה, און דו וועסט פון איצט אָן זיין אַ נייגעבאָרענער מענטש און דו וועסט אין זיך פילן פרישע קרעפטן. און דו וועסט ניט קענען מער ליבן נאָר זיך אליין, און גאָר אין גאַנצן פאַר זיך אליין וועסטו ניט קענען מער לעבן“.

„און דו וועסט גיין צווישן דיינע ברידער און דו וועסט רעדן מיט דיינע שטאַמעס־גענאָסן. און דו וועסט זיי לער־נען רעדן און טאָן, אָבער דו וועסט זיי ניט נאָך מער אָפּזונ־דערן פון די פעלקער, נאָר וועסט זיי, אדרבה, מיט אַלע זייערע ברידער פאַראייניקן, ווייל אין דיין האַרצן האָב איך פאַרזייט אַ הייליקע זריעה, און מענטשנליבע וועט פון איר אַרויסוואַקסן, און איצט הער ווייטער“.

ער האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט. האָט אַריינגענו־מען מיין רעכטע האַנט אין זיינע און האָט צו מיר געזאָגט:

„דו ביזט נאָך יונג, מיין קינד, און דו וועסט נאָך לאַנג, לאַנג וואַנדלען אין דער וועלט. דו טאָרסט צוליב דיינע פרישע געזונטע יוגנט ניט פאַרגעסן אָן דער אַלטער קראַנקער מענטשהייט. שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה!“

און איך האָב געשוואָרן.

„דו וועסט זעען ליבלאַכע יונג־פרויען און דיינע אויגן וועלן פאַרלאָקט ווערן פון שיינע געשטאַלטן. ליב, אָבער דו טאָרסט

ניט פון זייערטוועגן פארגעסן אָן דעם אָרימאַנס טאָכטער, וואָס דינט דעם רייכן צו דער ארבעט און צו זיין פארגעניגן, שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה!"

„דו וועסט ליבן דיין פרוי, און דו מעגסט געניסן איר ליבע, אָבער דו טאָרסט צוליב איר ניט פארגעסן אָן דעם אָרימאַנ'ס ווייב, וועלכע טרינקט גיפט און עסט איר אייגענע האַרץ, וועל־כע ליבט אָן לעבן און לעבט אָן ליבע. שווער אויף דעם אַן איי־ביקע שבועה."

און איך האָב געשוואָרן.

„דו וועסט האָבן אַ קינד און דאָס וועט זיין די פרוכט פון דיין ליבע, דיין טרייסט אויף דער עלטער. דו טאָרסט אָבער ניט פארגעסן צוליב דיין קינד אָן די מיליאָנען קינדער, וועלכע גייען אונטער איידער זיי בליען אויף, וועלכע ראַנגלען זיך מיט'ן טויט אין דער קינדהייט און מיט'ן לעבן ווען זיי ווערן גרעסער. שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה."

און איך האָב געשוואָרן.

דו וועסט דערקוויקן דיין גייסט מיט די ווערק פון פילע גרויסע קעפּ און קונסטזאַכן וועלן דערפרייען דיינע אויגן, דו טאָרסט אָבער ניט פארגעסן צוליב די קונסט און דער ליטע־ראַטור דעם מענטשלאַכן שמערץ און די געצוואונגענע אומוויסנ־הייט פון דיינע ברידער. שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה!"

און איך האָב געשוואָרן.

„דו וועסט זעען דיין פאָלק אין לידן און דיינע שטאַם־גענאָסן אין נויט און פארפאָלגונג. דו וועסט פילן זייער שמערץ, אָבער דו טאָרסט ניט צוליב זיי פארגעסן אָן דער נויט און די לידן פון די איבעריקע מענטשן; דו טאָרסט ניט ווערן אַ נאַציאָנאַל־ענגאָאיסט. שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה!"

און איך האָב געשוואָרן.

„דו וועסט פריידיקן און דו וועסט ניט פארשטאַנען ווערן; דו וועסט געהאַסט און באַשימפּפט ווערן פון דיינע תלמידים, פון דיינע קינדער, דו טאָרסט אָבער צוליב דעם ניט אָפּווענדן

פון זיי דיין הארץ און דו טאָרסט ניט פאַרצווייפלען אין דיין
ארבעט. לאָז דיין גערקרייינקטער „איך" דיר ניט שטערן אין
דיין ליבע צום פאָלק, שווער אויף דעם אַן אייביקע שבועה!"
און איך האָב געשוואָרן.
ער האָט מער ניט גערעדט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.
איך האָב געפילט ווי ביי מיר אין הארצן האָט ביסלאַכווייז
גענומען וואקסן די פרוכט פון דער געטלאַכער זריעה.
און דאַן האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.
דאָס איז געווען אַ חלום, און אַ חלום איז עס געבליבן
אויף שיינע עטלאַכע יאָר.



# דער פרייהייט-גייסט

## די דריי קעסלען *)

די נאכט איז געוועזן זייער א פינסטערע, די לופט געדיכט צום דערשטיקט צו ווערן. פלוצלונג האט עס גענומען דונערן און בליצן און א פירכטלאכער שטורעמווינט האט געבלאזן שעה'ן נאכאנאנד פון מזרח ביז מערב און פון צפון צו דרום, און ווען די זון איז אויפגעגאנגען, האט די גאנצע וועלט געהאט אן אנדער פנים.

און עס זיינען געשטאנען דריי גרויסע קעסלען אויף די גרויסע פייערן, וועלכע האבן לוסטיק געברענט אויף דריי מזבחות, און א וואונדער-שיינע געשטאלט מיט בלישצנדיקע אויגן אין קאפ און מיט פליגלען אויפ'ן קערפער האט ארומגע־שוועבט אויבן פון איין קעסל צום אנדערן. דאס איז געוועזן דער פרייהייטס־גייסט.

לעבן דעם ערשטן קעסל איז געשטאנען א געפליגלטע יונג־פרוי, לעבן דעם צווייטן נאך איינע, און לעבן דעם דריטן ווי־דער איינע. יעדע פון זיי האט עטוואס געווארפן אין קעסל אריין, זאגנדיק:

ברען, פייער, ברען! דערויף האט דער גייסט געענט־פערט פון אויבן:

*שמעלץ, פייער, שמעלץ!*

און דער גייסט האט מיך צוגעפירט צום ערשטן קעסל. ער האט מיך אויפגעהויבן אין דער הויך, און האט מיר געהייסן אריינקוקן אינווייניק.

---

*) „ארבעטער פריינד", לאנדאן, 24טן יאנואר 1890.

„מענטש, וואָס זעסטו דאָרטן?" — האָט ער מיך געפרעגט און איך האָב געענטפערט און האָב געזאָגט: — „איך זע דאָרטן צעשמאָלצענע קרוינען, ווי די קרוינען פון מאָנאַרכן, און איך זע גילדערנע סצעפּטערס פון קעניגע. וואָס באַדייט דאָס?"

און האָט ער האָט, שמייכלענדיק, מיר דערקלערט, ריידנדיק מיט אָט־די ווערטער:

„דאָס זיינען קרוינען און סצעפּטערס, ווי דו האָסט אַליין געזאָגט. איך האָב אָפּגעשאָפּט פון דער וועלט אַלע הערשער, אַלע פירסטן, אַלע קעניגע. פליישׁ־און־בלוט וועט ניט מער וואָיעווען איבער פליישׁ־און־בלוט. פון היינטיגן טאָג אָן און ווייטער וועט דער מענטש נאָר געהאָרכן זיין אייגענעם געוויסן און ער וועט זיין פריי, ווי די לופט — פריי און גליקלאך".

„ברען, פייער, ברען!" — האָט די שיינע געפליגלטע יונג־פרוי אונטן געזאָגט.

„שמעלץ, פייער, שמעלץ!" — האָט דער גייסט צוגערופן —„שמעלץ קרוינען און סצעפּטערס, די פּראַכט פון טיראַנישע קעפּ, די מאַכט פון זייערע הענט!"

***

און דער גייסט האָט מיך צוגעפירט צום צווייטן קעסל. ער האָט מיך אויפגעהויבן פון דאָס ניי אין דער הויך, און האָט מיר ווידער געהייסן אַריינבליקן אינווייניק. איך האָב געטאָן, ווי ער האָט מיר געהייסן; און פאַר גרויס וואונדער האָט מיר אָפּגענומען דער לשון. ער האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט: „זעסט, מענטש? דאָ שמעלץ איך ביקסן און האַרמאַטן, שפּיזן און קינזשאַלן, רעוואָלווערס און שווערדן און אַנדערע מאָרד־געצייג. און, פאַרשטייטס, מענטש, איך האָב אָפּגעשאַפט פעל־קער־האַס און מענטשנמאָרד. פון היינטיגן טאָג אָן און ווייטער וועט ניט מער שלאַכטן איין פאָלק דאָס אַנדערע, און דער מענטש וועט ניט מער מאָרדן זיין ברודער. און אין דער וועלט וועט

הערשן פרידן און ליבע. עס וועט ניט מער ראבעווען א נאציאָן ביי א נאציאָן און מיט מענטשלאכע בלוט וועט מען ניט מער באגיסן פעלדער און לאָנקעס. עס וועט ניט מער זיין קיין קריג צווישן פעלקער, און די מאָרד־געצייג פארוואנדל איך איצט אין אומשולדיקע און נוצלאכע ארבעטס־אינסטרומענטן. קוק, זע, באטראכט, און זאָג דאָס אָן".

און די שיינע יונגפרוי אונטן האָט אויפגעהויבן איר זיסע שטים און האָט געזאָגט:

„ברען, פייער, ברען!"

„שמעלץ, פייער, שמעלץ!" — האָט געענטפערט דער גייסט — „שמעלץ און צעשמעלץ די אינסטרומענטן פון מאָרד, פאר־וויסטונג און בלוט־פארגיסונג. שמעלץ, הייליקער פלאַם, שמעלץ, און צעשמעלץ זיי!"

***

דער גייסט האָט מיך דאָן צוגעפירט צום דריטן קעסל און האָט מיך ווידער אויפגעהויבן אין דער הויך און האָט מיר ווידער געהייסן אריינבליקן אינווייניק.

„וואָס זעסטו דאָרטן, מענטש?" — האָט ער מיך געפרעגט. דארויף האָב איך געענטפערט און האָב געזאָגט:

„מטבעות זע איך דאָרטן; גאָלד, זילבער, פלאטינע, ניקל און קופער. וואָס באדייט דאָס?"

„דאָס באדייט", — האָט ער געזאָגט, — „אז איך האָב אָפּ־געשאפט געלט. די אלע מעטאלן וועלן פון היינט אָן און ווייטער באנוצט ווערן צו ניצלאכע זאכן און ניט צו מטבעות, צו באַרייכערן איינציקע מענטשן, בעת מיליאָנען הונגערן און שמאַכ־טען. דיר דארף איך ניט דערציילן, וואָס די רונדע שטעקלאך גאָלד און זילבער האָבן אָנגעמאכט פאר צרות אין דער וועלט".

„ברען, פייער, ברען!" — האָט אונטן די געטלאכע יונג־פרוי געזאָגט.

„שמעלץ, פייער, שמעלץ!" — האָט געענטפערט דער פריי־הייטס-גייסט.

„פון וואַנען קומט אַזאַ רויך?" — האָב איך אים גע־פרעגט. ער האָט זיך אָפגערופן און האָט געזאָגט:

„קום אַראָפּ און זע מיט דיינע אויגן".

ער האָט מיך שנעל אַרונטערגעטראָגן און איך האָב געזען אין די פלאַמען אונטער'ן קעסל אַש פון שטאַטס־פּאַפּירן, וועקס־לען און אַסיגנאַציעס. און דער גייסט האָט געזאָגט:

„מיט זיי האָבן מיר אָנגעצונדן אָט־דעם פייער און פון היינט אָן און ווייטער וועט ניט מער זיין קיין געלט און קיין זכר פון געלט".

„און ווער זיינען אָט־די געטלאַכע שיינע געפליגלטע יונג־פרויען?" — האָב איך אים געפרעגט. ער האָט מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן און האָט אַזוי געזאָגט:

„יענע ביים ערשטן קעסל איז די עלטסטע, זי הייסט „פריי־הייט"; די אינגערע, וואָס שטייט ביים צווייטן קעסל, הייסט „מענטשנליבע"; די אינגסטע, די, וועלכע דו זעסט פאַר זיך, הייסט: „אַרבעט".

אָט דעם חלום האָב איך געהאַט די נאַכט פון ניי-יאָר.



## דער יאָמערטאָל *)

און דער פרייהייטס-גייסט האָט זיך צו מיר ווידער באוויזן און ער האָט אויפגעהויבן זיין מעכטיקע שטימע און האָט געזאָגט:

„מענטש, ערוואך פון דיין זינדיקן שלומער און קום מיט מיר און איך וועל דיר עטוואָס ווייזן".

און איך האָב אים געפרעגט מיט א שרעק אין הארצן, ציטערנ־דיק אין מיינע לענדן, וואָס ער וויל מיר ווייזן. און ער האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט:

„מענטש, האָב ניט קיין מורא פאר מיר און פאר מיין גע-שטאלט זאָלסטו ניט ציטערן; טו, ווי איך הייס דיר און וואו איך פיר דיך, גיי".

און דער גייסט האָט דערלאַנגט א מאך מיט זיינע מעכטיקע פליגלען און האָט מיך ארויפגעזעצט אויף איינעם פון זיי און מיט דעם אַנדערן האָט ער מיך באַשירעמט.

און מיר זיינען באלד פארשוואונדן געוואָרן אין דער לופט, ווייט פון מענטשלאכע אויגן, און פון דעם ערדנבאוואוינערס בליק ווייט אוועק. און מיר האָבן געשוועבט אין דער לופט, שנעל ווי דער ווינט אויפן ים, און מיר זיינען געפלויגן איבער פעלדער און איבער טאָלן, איבער ימים און איבער וויסטעגנישן.

און מיר זיינען געקומען צו א הויכן בארג, און אויף דעם בארג איז געשטאנען א גרויסער געדיכטער וואלד און אין דעם וואלד זיינען געוועזן הויכע בוימער, הויך ביז די וואָלקנס אין הימל און שטאָלץ, ווי די הערנער אויף דעם קאָפּ פון א הירש. און דער גייסט האָט מיך ארויפגעזעצט אויף א קרעפטיקן צווייג פון דעם העכסטן

*) „ארבעטער פריינד", לאָנדאָן, 7טן פעברואַר, 1890.

דעמב און האָט ערהויבן זיין געטלאכע שטימע און האָט זיך אָפּ־גערופן און האָט מיר געזאָגט:

„מאך אויף דיינע אויגן, מענטש, און בליק ארום זיך, און דיינע אויערן עפן, אום אז דו זאָלסט הערן, וואָס דאָ טוט זיך, און דאָס, וואָס דו וועסט זען, קריץ איין מיט א פעסטע האנט אויף דעם טאָוול פון דיין הארצן“. און ווי ער האָט אויסגערעדט אָט־די ווערטער, האָט ער זיך געשטעלט הינטער מיר, מיך באשירמדיק מיט זיינע פליגלען און האָט צו מיר פון דאָס ניי געזאָגט:

„מענטש, וואָס זעסטו?“ און איך האָב אים געענטפערט, אזוי צו זאָגן:

„איך זע א טיפן, טיפן טאָל און דאָס מוז זיין דער יאָמער־טאָל, ווארום ער זעט אוים שוידערהאפט“. —

„דו האָסט גוט געזען און וואָס דו האָסט געזאָגט, האסטו ריכ־טיק געזאָגט, וואָס נאָך זעסטו?“

„איך זע אונטן אין דעם טיפן יאָמער־טאָל דריי גרויסע אָזע־רעם און פוןביידע זייטן פון דעם טאָל זע איך אויגן פון מענער און ווייבער און קינדער איבער די איין אָזערע, — די וואָס איז נענ־טער צו אונז“.

„וואָס זעסטו נאָך, מענטש?“

„איך זע הינטער אָט־דער אָזערע נאָך איינע און איבער יענער זע איך פון ביידע זייטן יאָמערטאָל מענטשלאכע געזיכטער, געזיכ־טער פון פארהאָרעוועטע מענטשן־קינדער, אַלטע און יונגע, זכרים און נקבות“.

„וואָס נאָך זעסטו?“

„איך זע הינטער יענע א דריטע און איבער איר זע איך פון ביידע זייטן פון דעם טיפן טאָל הערצער פון מיינע ברידער־מענטשן מיט וואונדן אין יעדעם הארץ און מיט אויפגעשניטענע אָדערן“.

„דו האָסט גוט געזען און וואָס דיין אויג האָט באמערקט איז ריכטיק. איצט קום“.

און ער האָט מיך פון דאָס ניי ארויפגענומען אויף זיינע מעכ־טיקע פליגלען און האָט מיט מיר א שוועב געטאָן אין דער לופט.

און ער האָט מיך געבראכט נאָנט צו דעם ערשטן פּלוס און ער האָט זיך צו מיר אָפּגערופן זאָגנדיק:

„מענטש, קוק ניט ווייטער, באטראכט צוערשט אָט־די אָזערע מיט דיינע אויגן און זאָג מיר, וואָס דו זעסט, און אויב דו הערסט וואָס, דערצייל מיר, וואָס דו הערסט". און איך האָב אים געענט־פערט און האָב געזאָגט:

„איך זע א וואסער, קלאָר ווי קריסטאָל, און טראָפּנס פאלן פון ביידע זייטן טאָל און די טראָפּנס פארמערן די פליסיקע מאסע; און איך זע, אז די טראָפּנס קומען פון די אויגן און איך גלויב, אז דאָס זיינען טרערן, — טרערן פון מענער, אָבער ניט פיל, טרערן פון ווייבער, מערן פון יענע, און מער ווי אַלץ טרערן פון קינדער. און איך הער מיליאָנען שטימען אין כאָר זיפצנדיק—הונגער, הונ־גער, הונגער! — דער הונגער פרעסט אויס אָט-די טרערן און דעם הונגער ברייגנגט אויף דער וועלט דער מענטש, דער מענטש, אונזער ברודער; אַ פלוך אויף אים!"

„קום ווייטער, און זאָג מיר, וואָס דו זעסט, און אויב דו הערסט וואָס, דערצייל מיר וואָס דו הערסט„.

און ער האָט מיך געבראכט צו דעם צווייטן פּלוס און איך האָב געעפנט מיינע ליפּן און האָב געזאָגט:

„איך זע אומזויבערע וואסער, און די וואסער גיסט זיך אראָפּ פון די פארהאָרעוועטע געזיכטער און מיר דאכט זיך, אז דאָס איז שווייס. און איך זע ווי דער שווייס גיסט זיך און גיסט זיך און פליסט אריין אין די אָזערע און פארמערט די פליסיקע מאסע, שרעקלאך צו בליקן! און איך הער מיליאָנען שטימען זיפצענדיק אַלע צוזאמען אין כאָר און דאָס איז וואָס זיי זאָגן: — שווערע, איבערנאַטירלאַכע פראַצע פרעסט פון אונזער געזיכט ארויס אָט־דעם אייביקן שווייס; און אָט-די פראַצע און אָט־די שקלאַפעריי ברייגנגט אויף אונז דער מענטש, אונזער ברודער, דער אונערזעטלאַכער האָ־בון; אַ פלוך, אַ בייזער פלוך אויף אים!"

„קום ווייטער, ערדנזון, קום און זאָג מיר, וואָס דו זעסט, האָרך און דערצייל מיר וואָס דו הערסט." און ער האָט מיך געבראכט

אויף זיינע מעכטיקע פליגלען צו דעם דריטן פלוס און איך האָב גע־פילט ווי מיין צונג באַוועגט זיך און פון מיין מויל זיינען ארויסגע־קומען ווערטער, אזוי צו זאָגן:

„איך זע א רויטלאַך שווארצלאַכן פלוס אין אָט־די אָזערע און ער פליסט ארונטער פון די פארוואונדעטע הערצער פון דיביידע זייטן פון דעם שוידערהאפטן יאָמערטאָל; און דאָס, וואָס פליסט אראָפּ אהין, זעט אויס, ווי בלוט און דאָס בלוט פארמערט די רויטע פליסיקע מאַסע. און איך הער א כאָר פון אומגעהויער פיל פיל שטימען, וועלכע זיפצן און קרעכצן און זאָגן אָט־די ווערטער:— לענדער פארוויסטענדע, פעלקער ערמאָרדנדע, שרעקלאַכע קריג — צאַפּן ארויס די מענטשלאַכע בלוט פון אונזערע אָדערן מאָרדענדיק אונזערע לייבער און טויטנדיק אונזערע קערפּערם טויזנטער־ווייז פאר דער צייט. די מלחמות און שלאַכטן ברייננגט אויף דער וועלט דער פעלקער־פאַרניכטנדער בלוט־זויגער, ברייננגט אויף די מענטשן א מענטש, דער מענטש אונזער ברודער; א פלוך, א דרייפאַכער פלוך אויף אים!"

איך הער שטימען פון די צווייטע אָזערע, וואָס ענטפערט: אמן!

און איך הער זיי זאָגן: מיר זיינען די טעכטער און זין פון די פילע ערמאָרדעטע. —

און איך הער ווידער אנדערע שטימען, וועלכע קומען פון די ערשטע אָזערע און ענטפערן אויך: אמן! זאָגנדיק: מיר זיינען זייערע אלמנות, יתומים און אלטע, קראנקע, שוואכע עלטערן.

און דער גייסט האָט צו מיר געזאָגט, ריידנדיק די ווערטער:

„מענטש, דו האָסט ריכטיק געהערט און דו האָסט גוט געזען, איצט פארנעם מיינע רייד און האָרך, וואָס מיין מויל וועט דיר זאָגן: —

„די דריי שרעקלאַכע אזערעס וועלן זיך אימער פארגרעסערן, תמיד פארמערן, ביז זיי וועלן איבערשטייגן זייערע ברעגעס, און זיי וועלן דאַן זיך פאַראייניקן אין דעם אומגעהויערן טאָל, וועלכן

דו האָסט געזען און דריי אָזערעס וועלן ווערן איין איינציקע גע־מישטע מאסע פון טרערן, פון שוויים און פון בלוט — בלוט — א פורכטבארער פלוס. און דער פלוס וועט זיך ערהויבן איבערן יאָ־מערטאָל, איבער די בערג און איבער די בוימער און איבער די גאנצע אויבערפלאך פון דער ערד. און דער פלוס וועט אין זיין פארפליי־צונג אויסוואָרצלען די מעכטיקע שטיצע, פון בייז, פון ליגן און פון מאָרד און די וועלט וועט ער ריינוואשן פון בלוט — און דאן וועט גליקלאך לעבן דער מענטש".

**איך האָב מיך אויפגעכאפט און דאָס איז אויך געווען א חלום.**



# עמק יהושפט *)

„וקבצתי את כל הגוים, והורדתים אל
עמק יהושפט, ונשפטתי עמם שם...“
(יואל, ד' ב').

און דער פרייהייטס-גייסט האָט אויסגעשפּרייט פאַר מיר אַ פּורפּורנעם מאַנטל און האָט זיך צו מיר אָפּגערופן, אַזוי צו זאָגן:

„מענטש, הויב אויף דעם מאַנטל און טו אים אָן אויף זיך, און לאָז דער פּורפּור באַדעקן דיין קערפּער; גיי נאָך מיר, וואו איך וועל דיר פירן, און איך וועל דיר ווייזן וואונדערלאַכע זאַכן; און אַזוי לאַנג ווי דו וואַנדלסט אין מיינע טריט, היט זיך, ניט צו קוקן ניט רעכטס און ניט לינקס, און לאָז זיך ניט אָפּווענדן דיין בליק פון מיר, אום אַז דו זאָלסט ניט פאַרבלאָנדזשען; טאָמער הערסטו זיסע נאַכטיגאַל-שטימען הינטער זיך, קער ניט אָפּ דיין קאָפּ אַהינ־טער און טאָמער הערסטו אַ געהויל פון שרעקלאַכע נאַכט-אוילן, שרעק זיך ניט; דיין אויער וועט פאַרנעמען הערלאַכע מוזיק און די שטראַלן פון די זון וועלן באַגעגענען דיינע אויגן — ווען עס וועט ווערן טאָג, לאָז זיך ניט פאַרבלענדן דורך די שטראַלן און לאָז זיך ניט פאַרפירן דורך די הימלישע האַרמאָניע, זאָנדערן וואַנדעל אין מיינע וועגן און גיי, וואו איך פיר דיך; דו וועסט דאָן זען זאַכן, וואָס קיין מענטש-קינד האָט נאָך ניט געזען, און וואונדער וועל איך דיר ווייזן, וועלכע קיין פרוי געבאָרענער האָט נאָך ניט באַ־טראַכט. קום, לאָמיר גיין!“

איך האָב אָנגעטאָן דעם רויטן מאַנטל, ווי ער האָט מיך באַ־פוילן און פּלוצלונג איז מיך לייכט געוואָרן אין אַלע גלידער און

*) „אַרבעטער פריינד“, לאָנדאָן, 18טן אַפּריל, 1890.

מיינע פיס זיינען ניט מער געווען באהעפט צו דער ערד און איך האָב מיך אָנגעהויבן צו באוועגן פריי אין דער לופט, ווי א פויגל, וואָס פליט. און די ערד האָט גענומען שווינדן אונטער מיינע פיס און איך האָב נאָכגעשוועבט נאָך דעם גייסט, ווי א פעדער, וועלכע ווערט געטראָגן פון ווינט, אָדער ווי דער מענטשלאכער רעיון נאָך די רייד פון א באגייסטערטן רעדנער.

און זיסע שטימען האָבן מיך געלאָקט צוריקצוגיין און שרעקלאכע קולות פון א בת־היענה האָבן מיר געמאכט א מורא און איך האָב קיין זאך ניט געהערט און ניט באטראכט און האָב געטאָן אלץ, ווי מיין הייליקער פירער האָט מיר געהייסן. און דאַן האָט ער פון דאָס נייע ערהויבן זיין קול און האָט זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט: איך האָב דיר געוויזן דעם עמק־הבכה, דעם יאָמערטאָל און איצט וויל איך דיר ווייזן דעם טאָל, וואו עס דארף זיין דאָס וועלט־גע־ריכט, דעם עמק יהושפט. און איך וועל דיך ברייינגען צום טייך קדרון און וועל דיר ווייזן דעם משפט פון די שרעקלאכע באשעפעניש, וועלכע איר, מענטשן, רופט געלט־הערשאַפט, און דו וועסט זען מיט דיינע אויגן און וועסט באנעמען מיט דיין שכל דעם גרונט דערפון, ווארום די מיאוס׳דיקע בריה בלייבט מעכטיק און שטארק צו קנעכטן די שוואכע און צו פארצערן די, וואָס האָרעווען אין דעם שווייס פון זייער פּנים. קום ווייטער".

און מיר האָבן געשוועבט אין דער לופט א לאנגע, לאנגע צייט. און די נאכט איז פארגאנגען און עס איז געוואָרן טאָג, אָבער איך האָב ניט געפילט קיין מידקייט. און ווען עס איז געוואָרן האלבער טאָג און די שטראלן פון די זון האָבן מיך באגעגענט. האָב איך זיך געפילט א שטארקן חשק צו בלייבן שטיין או צו געניסן די ליבע ווארימע לופט, אָבער איך האָב זיך אָנגעטאָן א כח און בין געבליבן נאָענט לעבן מיין פירער. און ווען מיר זיינען געקומען צום מיטל־לענדישן ים, האָב איך געהערט זיסע פרויען־שטימען, וועלכע איך די ליבלאכסטע געשטאלטן האָבן מיך גערופן צו געניסן ליבע און האָב געהאלטן פאר ענגעל־שטימען, קומענדיק פון איטאַליע, און לעבן, אָבער דער פרייהייטס-גייסט, וואָס האָט מיך באשיצט, האָט

זיי אַלעמען באַזינגט און זיין פורפורנער מאַנטל, וואָס האָט מיך באַ־דעקט, האָט מיך באַשירעמט פון פאַרפירונגען.

און מיר האָבן געשוועבט אין דער לופט אַלץ ווייטער און ווײ־טער, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ שטילער טייך אין אזיען, צו דעם לאַנד פון אַלטע פעלקער און ראַסן, פון געטער און אָפּגעטער, פון אמונות און לעגענדען. און איך האָב געזען אַ גרויסן, טיפן טאָל לעבן דעם טייך און אין דעם טאָל האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזן. דער טייך איז געווען דער טייך קדרון און עמק־יהושפט הייסט דער טאָל.

און דער גייסט האָט צו מיר געזאָגט:

„מענטש, וואָס זעסטו?“ און איך האָב געעפנט מיינע ליפּן און האָב אים געענטפערט אַזוי צו זאָגן:

„איך זע דאָרטן אין מזרח פון יענעם ענד טאָל אַ ריזיקן מאַן מיט מעכטיקע גלידער און מוסקול־האַפטע אָרעמס. און מיר דאַכט זיך, אַז דער ריז ליגט געבונדן אויף דער ערד. און ער איז געבונדן... קען דאָס זיין? ער איז געבונדן מיט שפּינוועבס און ער שיינט ניט צו קענען זיך רירן, און איך גלויב, אַז ער האַלט די שפּינוועבס פאַר קייטן און אַז ער ווייס אַליין ניט פון זיין גוואַלטיקע קראַפט“.

„מענטש, וואָס זעסטו נאָך?“

„און איך זע אויף דעם שטערן פון דעם ריז אַ קופּערנע בלעטל מיט די ווערטער: „הילפלאָזער פּראָלעטאַריער“ און אויף זיין גאַנצן קערפּער פון די פיס ביז צום נאַקן זע איך אַ גאַנצן פּולק פון קליינע שרצים און פּאַראַזיטן פון אַלערליי מינים און זיי זויגן זיין בלוט און פאַרצערן די פעט פון זיין לייב און ער בלייבט געדולדיק. ער קרעכצעט און זיפצעט און רירט זיך ניט“.

„זאָג מענטש, וואָס זעסטו נאָך?“

„און איך זע אַן אומגעהויער גרויסן און דיקן שטאַנג, שטייענ־דיק אין מיטן טאָל; און איך זע אַ שלאַנגבוים אריבערגעלייגט איבער אים פון אויבן און פון ביידע ברעגעס זע איך אַראָפּהייגענ־דיק אויף קייטן רונדע שאָלן און איך גלויב, אַז דאָס איז אַ וואָג. און איך זע אויף דער וואָג־שאָל פון דרום־זייט אַ גוואַלטיקן גלעזער־

נעם קובעל פול מיט מוטנע וואסער, אָבער ניט אינגאנצן פול, ווייל דאָס וואסער גרייכט ניט ביזן ראנד פון דעם קובעל. און דאן זע איך ווידער נאָך אזא גלעזערנעם קובל פון דער אַנדערער זייט אויף דער וואָג-שאָל, וואָס קומט אוים צו צפון-זייט, און דער קובל איז אויך פול מיט פליסיגקייט, אָבער ניט וואסער. מיר דאכט זיך, אז איך זע דאָרטן שטיקער פלייש, מיט בלוט, און נערווענזאפט און מארך — געמישט מיט שוויים, טרערן און אָטעם-הויך. און אין דער פליסיג-קייט זע איך ארומשווימענדיק גאנצע סקעלעטן. לויזע ביינער, אָפּ-געהאַקטע קעפּ, הענט, פים, ארויסגעריסענע ריפּן און אינגעווייט פון מענטשלאַכע קערפּערס, און מיר דאכט זיך, אז דאָס אַלעס איז באדעקט מיט קרייצן, טליתים און מיט הייליקע געשיר פון אַלערליי אמונות".

„האלט איין!" האָט דער גייסט א געשריי געטאָן, „נאָך האָסטו אַלץ ניט געזען. לאָמיך דערווייל זאָגן, אז אין דעם גלעזערנעם קו-בעל פון דרום-זייט איז די פאָלקס-דומהייט און אין דעם אנדערן פון צפון-זייט איז די געלט-הערשאפט. איצט קום צו נענטער און דערצייל מיר, וואָס דו זעסט".

און איך האָב אים געפאָלגט און צוגעגאנגען נענטער און האָב מיך אָפּגערופן, ריידנדיק מיט די ווערטער: „איך זע, אז דער גלע-זערנער קובעל פון דרום-זייט וועגט אראָפּ דעם אנדערן, וואָס דערפון פארשטיי איך, אז די פאָלקס-דומהייט איז שווערער און גרעסער, ווי די געלט-הערשאפט. און איך זע ווי עס גיסן זיך אריין אין דעם געלט-קובעל אלע וויילע נייע טרערן, נייע בלוט-טראָפּנס און נייע שוויים-טראָפּנס, אָבער דער אנדערער דערלאנגט זיך נאָר א האָרעלע א הויב און בלייבט שטיין אויף איין אָרט".

„וואָס נאָך זעסטו?"

„איך זע ליכטיקע שטראַלן פון די זון, ארויפשיינענדיק אויף דעם דומהייט-קובעל, נאָר וואָס דאָס באטייט, ווייס איך ניט".

און דער גייסט האָט צו מיר א שמייכל געטאָן און האָט מיר געענטפערט אזוי צו זאָגן:

„דאָס וואָס דו ווייסט ניט, וועל איך דיר זאָגן און וועל דיר

קלאָר מאכן אלץ, וואָס גייט איבער דיין מענטשלאכן שכל; דא־רום העך זיך צו און פארנעם מיינע רייד. דער קובעל, וועלכן דו רופסט דומהייט־קובעל איז אמאָל געווען פול, ווען דער אנדערער איז געווען נאָר אָנגעפילט ביזן העלפט. מיט צוויי־און-פערציק יאָר צוריק *) האָט די זון גענומען אריינשיינען אין דעם ערשטן פון די ביידע קובלען און די פארגליווערטע דומהייט איז צוגאנגען געוואָרן. וואָס מער די שטראלן פון די הימלישע ליכט האָבן אויף אים ארויפ-געשיינט, איז די פליסיגקייט אינעווייניק געוואָרן אלץ ווייניקער און ווייניקער און איצט, זעסטו, איז כמעט שוין א פערטל אויסגעטרי-קענט".

„וועט עס ווען עס איז אינגאנצן אויסגעטריקנט ווערן?"

„ניין, מיין זון, ניט אינגאנצן. אָבער דאָס מאכט ניט אויס, אים דארף דער אנדערער נאָר אריבערוועגן, בכדי אז דער סוף פון די געלט־הערשאפט זאָל קומען און יענער וועט אים אינגיכן דאָך אריבערוועגן מחמת ער ווערט רק פולער און פולער. און דאן וועט דער ריז זיך אויפכאפן און א בת־קול פון אויבן וועט אויסרופן:—

„ריז, טרייסל אָפּ פון זיך די שרצים און אלע פאראזיטן דער דרום־קובער שטייגט אין די לופט און דער צפון-קובעל זינקט, און דער משפט פון עמק יהושפט איז געענדיגט. ריז, באפריי זיך און לעב".

„און עס וועט זיך באפרייען און וועט לעבן".

*) אין 1848.

## די הקדמה צו א בילד*)

און דער גייסט האָט פון דאָס־ניי באַלויכטן מיין וואוינונג מיט די שטראַלן פון זיין הימלישן פּנים און, האָט זיך צו מיר אָפּ־גערופן אזוי צו זאָגן:

„מענטש, גיי און זאָג אָן דיינע ברידער, אז דער גרויסער טאָג איז נאָענט".

און ווי ער האָט אויסגערעדט די ווערטער, האָט מיין האַרץ גענומען קלאַפּן שנעלער און העפטיקער, ווי אימער, פאַר גרויס שמחה, און אַן אומבאַשרייבלאַכע רעגונג איז דורכגעגאַנגען דורך מיינע גלידער. און איך האָב אויפגעטאָן מיינע לעפצן און האָב אַרויסגעשטאַמלט די ווערטער:

„איך בין גרייט צו דערפילן דיין באַפעל און דאָס, וואָס דו הייסט מיר וועל איך טאָן. אָבער פאַרציי, וואָס איך וויל דיר זאָגן, דען איך בין ניט מער ווי פליייש און בלוט. זאָג מיר, גרויסער גייסט, מיט וואָס זאָל איך זיי איבערצייגן, אז דער ערלאַכער טאָג איז נאָענט? דו ווייסט, אז די שרעקלאַכע נויט פון הונדערטער יאָרן האָט זייערע אויגן פאַרקלעפּט, און זייערע אויערן פאַרשטאָפּט, און פאַרדונקלט זייער זינען. ווי אזוי זאָל איך אַריינברייענגען די גליקלאַכע בשורה אין זייערע הערצער, בכדי, אז זיי זאָלן הערן, וואָס איך קינדיג זיי אָן, און אז זיי זאָלן גלויבן, וואָס זיי הערן, און אז זיי זאָלן זיך באַרייט מאַכן צו די נייע צייט, גלויבנדיק אין מיין בשורה?"

און אַ זאַנפטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן, ווי ער האָט מיר געענטפערט, און האָט אזוי געזאָגט:

*) „אַרבעטער פריינד", לאָנדאָן, 27טן יוני, 1890.

„אָ, איר זייט א וואונדערבארע ראסע און אייערע מענטשלאכע וועגן זיינען זעלטזאם און מערקווירדיק. דען איר גלויבט אין אלץ חוץ אין ז י ך א ל י י ן, און איר האַפּט אויף אלץ, חוץ אויף א י י ע ר ק ר א פ ט! און איר גלויבט אין א לעבן נאָכן טויט, אָבער ניט אין א לעבן ביין לעבן, און איר קוקט אזוי לאנג אויפן הימל, ביז איר ווערט געשטרויכלט אויף דער ערד. ווייל איר האָט אזוי לאנג געטראָגן א יאָך, מיינט איר, אז דאָס איז א טייל פון אייער קערפּער; און ווייל אייך איז געווען אזוי פינסטער און בי־טער נעכטן און אייערנעכטן, גלויבט איר ניט אין די ליכט פונם מאָרגנדיקן טאָג און צווייפלט אין דער מעגלאַכקייט פון א זיסן לעבן אין דער צוקונפט. און איר קוקט אויף אייערע צוויי הענט און איר זאָגט: מיר זיינען שוואך, און דאָך ווייסט איר, אז איר באדארפט נאָר צונויפלייגן אייערע הענט מיט די מיליאָנען אנדערע הענט, אום צו געבן די וועלט א נייע געשטאלט. אָ, איך קען אייך, מענטשנ־קינדער! אלטינקער, דו ביזט גערעכט: דיינע ברידער וועלן דיר ניט גלויבן".

ער האָט געקאָנטשעט, איצט האָב איך צו אים געזאָגט, ריי־דענדיק מיט דיזע ווערטער:

„אויב יאָ אזוי, טאָ וואָס וועט העלפן מיין גיין זיי אָנזאָגן, אז דער גרויסער טאָג איז נאָנט? וואָס טויג דער רעגן, ווען ער פאלט אויף א פעלזיקן גרונט, און וואָס איז דער נוץ פון זריעה, ווען מען זייט זי אין א זומפּ? און דאָך זאָגסטו: גיי?"

און דער גייסט האָט מיר געענטפערט אזוי צו זאָגן:

„יאָ, אלטער! און דאָך זאָג איך: גיי! גיי, און זאָג אָן דיי־נע ברידער, אז דער טאָג פון באפרייאונג איז נאָנט. פילע וועלן דיך גאָרניט אויסהערן, און פילע פון די, וואָס וועלן דיך יאָ אויסהערן, וועלן דיך ניט פארשטיין; און פילע פון די וואָס וועלן דיך יאָ פארשטיין, וועלן דיר ניט גלויבן; און פילע פון די, וואָס וועלן דיר יאָ גלויבן, וועלן דיר ניט פאָלגן, ווען דו וועסט זיי זאָגן: מאכט זיך גרייט צום גרויסן טאָג. דאָס ווייס איך, מענטשנקינד, איך ווייס דאָס זייער גוט, און פונדעסטוועגן הייס איך דיר טראָגן צו

זיי מיין בשורה, און דאך הייס איך דיר זיי זאָגן, אז זיי זאָלן זיך פארבערייטן. ווארום צווישן זיי וועלן זיך געפינען אייניקע, וואָס וועלן דיר אי געהאָרכן, אי פארשטיין, אי גלויבן, אי פאָלגן און זיי וועלן פירן דאָס פאָלק, ווען דער טאָג וועט קומען, ווען די שטונדע וועט שלאָגן, ווען דורך די פינסטערע וואָלקנס וועט זיך דורכברעכן דאָס מאָרגנרויט פון דער פרייהייט, און אַלע וועלן דאַן ד אָ ס דער־זען, אין וואָס נאָר ווייניקע גלויבן היינט. צוליב אָט־די אייניקע ווייניקע הויב אויף דיין שטימע און זאָג אָן דיין בשורה, ניט קלייבנ־דיק און ניט ווײלנדיק, מחמת דו קענסט ניט וויסן, ווער און וואו אָט־די ווייניקע זיינען".

און איך האָב דערלאַנגט א טיפן שמערצלאכן זיפץ און האָב צום גייסט געזאָגט:

„איך זע אויף דיין רעכטן ארעם דיין וואונדערבארן פורפור־נעם מאַנטל, וואוהין ווילסטו מיך פירן? איך האָב מורא צו גיין, ווייל איך בין שוואך". און ער האָט מיך געענטפערט און האָט גע־זאָגט: „איך זע, אז דו ביזט קראַנק, אָבער איך וועל דיר געזונט מאכן; און איך וויס, אז דו ביזט שוואך, און איך וועל דיר געבן נייע קרעפטן. און ווען דו וועסט זיך פילן ווידער ביי קרעפטן, וועל איך מיט דיר מאכן א רייזע איבערן גרויסן ים און וועל דיך ארויפברייגנען צו די וואָלקנס און וועל דיר פון אויבן ווייזן א וואונ־דערבארע ערשיינונג, וועלכע דו וועסט נאכער דערציילן דיינע ברי־דער. דערווייל, מענטשן־זון, שלאָף און האָב רו, און איך וועל מאכן א באלזאם צו היילן די וואונדן אין דיין הארצן, צו שטארקן דיינע גלידער און צו קרעפטיקן דיין שטימע. שלאָף!"

איך בין איינגעשלאָפן און מיר איז געוואָרן בעסער און מיינע גלידער האָבן זיך גענומען רעגן און מיין הארץ איז געווען געזונט. „איצט קום, לאָמיר גיין!" האָט דער גייסט געזאָגט. און מיר זיינען אוועק וייט, וייט, — זייער וייט. וואָס ער האָט מיר געוויזן, וועט איר הערן; האָט געדולד.

# די גרויסע פלאָטע *)

און דער גייסט האָט פאר מיר אויסגעשפרייט זיין פורפורנעם מאנטל און האָט מיך געבראכט צו א גרויסן ים, מיך האלטנדיק לעבן זיך און מיט זיין שטארקן ארעם מיך ארומנעמענדיק. און ווען מיר זיינען געקומען איבערן מיטן פונם ים, איז א מורא אריינגע־גאנגען אין מיין הארצן און מיינע גלידער האָב גענומען ציטערן פאר שרעק.

און אַזוי באלד ווי מיין הייליקער פירער איז דאָס געוואָר געוואָרן, האָט ער זיך אָפּגערופן צו מיר און האָט אזוי געזאָגט:

„אַלטינקער, דו ביזט א מענטש, אָבער זיי א מאַן; דער וואָס לעבט ניט אייביק, קען אויך צוויי מאָל ניט שטארבן, און פורכט פארן טויט פאסט ניט פאר דעם, וואָס וויל וואנדלען אין מיינע וועגן; דער וואָס זוכט די ווארהייט, טאָר זיך ניט לאָזן אָפּשרעקן דורך די דערנער, וואָס געפינט זיך אויף איר וועג, מחמת צובלו־טיקטע פיס קענען זיך פארהיילן, און די פרייד איז גרויס. ווען מען קומט צום ציל, און דו זאָלסט ניט האָבן קיין פּחד פארן ים, ווייל ער איז טיף, דען ווארליך זאָג איך דיר, עס איז גלייכער צו געפינען דעם טויט אין דעם אָפּגרונט פון ים, זוכנדיק די ווארהייט, איידער צו בלייבן אין דעם פלאכן זומפּ פון זעלבסט־בעטרוג, לעבנדיק אין שמוץ. האָב ניט קיין מורא און קום מיט מיר“.

און ווי ער האָט געענדיגט ריידן, האָט ער מיך א הויב געטאָן אין דער הויך און האָט מיך ארויפגעבראכט צו א געדיכטן וואָלקן. און ער האָט אויסגעשפרייט זיין מאנטל איבערן וואָלקן און אויפן מאנטל האָט ער מיך אנידערגעזעצט. און ער האָט זיך אָפּגערופן

*) „אַרבעטער פריינד“, לאָנדאָן, 11טן יולי 1890.

צו מיר און האָט מיך געפרעגט, וואָס איך זע אונטן; און איך האָב געענטפערט: „וואסער“.

„וואָס זעסטו נאָך?“ —

„און איך זע דארטן ניט ווייט פון ברעג צווייערליי שיפן, וואונדערבאר געבויט און ערלאך אָנצושויען. די שיף פון די רעכטע זייט איז גרעסער ווי די צווייטע, אָבער די צווייטע גייט שנעלער. אויף די ערשטע זע איך א קאפּיטאַן מיט אָפיצערן, אָבער אויף די צווייטע זע איך ניט קיין קאפּיטאַן און ניט קיין אָפיצער, און די פאָן אויף די גרויסע שיף שיינט מיר צו זיין העל-רויט, בעת די פאָן פון די קליינע איז בלוט-רויט און זיי גייען ביידע צום זעלביקן ברעג מיט א גוואַלטיקע קראַפט“.

„וואָס זעסטו נאָך?“

„גאָר נישט מער“.

„גאָרנישט מער? וואַרט א ווייַלינקע, וועסטו זען“.

און ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האַנט און דער וואָלקן האָט זיך אומגעדרייט אין דער לופט גאַנץ אהינטער. דאַן האָט זיך דער גייסט צו מיר אָפּגערופן אזוי צו זאָגן:

„קוק, מענטשן-קינד, ווייט, ווייט פאר דיר, קוק, און באַטראַכט וואָס דו זעסט און זאָג אָן בכדי אז איך זאָל וויסן, אז דו זעסט ריכ־טיק“. און איך האָב געטאָן, ווי ער האָט מיר געהייסן, ווען איך האָב נעהאַט אַלעם גענוי באַטראַכט, האָב איך אים געענטפערט און האָב געזאָגט:

„מיילן און מיילן אוועק פון די צוויי שיפן זע איך א מעכטיקע פלאָטע פון רודער-שיפן, און זעגל־שיפן, און פאַנצער־שיפן וואָס גייט מיט דאַמף. און מיר דאַכט זיך, אז יעדע פון זיי טראָגט א באַזונ־דערע פאָן מיט דעם נאָמען פון גרויסע און קליינע מדינות, איינ־געקריצט אויף יעדע פון די שיפן. און איבער זיי אַלעמען זע איך א שוואַרצע טוך, וועלכע איז אויסגעשפּרייט הויך אין דער לופט, און אויף די טוך זע איך מיט ווייסע אותיות... אָ, הייליקער גייסט! וואָס זע איך?... די שרעקלאַכע ווערטער: אונגליקלאַכע, פאר־אירטע און בעטראָגענע מענטשהייט“. —

„וואָס נאָך זעסטו?"

„איך זע ווי די מאטראָסן און שיפסלייט פון איין שיף ווארפן פּיקעס און קוילן און באָמבעס אין די שיפסלייט פון דער צווייטער שיף. די קאפּיטאנען טראָגן אלערליי קרוינען, אָבער מאנכע פון זיי זיינען ניט געקרוינט. און די קאפּיטאַנען מיט זייערע אָפיצערן שיינען מיר צו רייצן די מאטראָזן איינע אויף די אנדערע, בכדי אז זיי זאָלן זיך קריגן, ווען זיי שלאָגן זיך ניט, און איצט פארשטיי איך ווארום די פלאָטע איז אזא לאנגע שטיק וועג צוריקגעבליבן: די מחלוקות מאכן, אז זי זאָל זיך לאנגזאם באוועגן. און דאָך שטייט די פלאָטע ניט אויף איין אָרט, און זי באוועגט זיך און מיר דאכט זיך, גרויסער גייסט, אז זי גייט ווען אויך לאנגזאם, אין דעם וועג פון יענע צוויי שיפן".

און דער גייסט האָט צו מיר געזאָגט:

„ערדנזון, דו האָסט ריכטיק געזען און דאָס וואָס דו באַמערקסט, איז קלוג באָמערקט; דען איך שווער ביי מיין גרויסע מוטער — די פרייהייט, אז די מענטשהייט־פלאטע גייט פאָרווערטס, און טאָמער גייט זי אמאָל אזוי לאנגזאם, אז מען קען מיינען, אז זי שטייט שטיל, זאָג איך דיר,. אז זי גייט פאָרט און אז די צייט וועט קומען, ווען זי וועט גיין שנעל און וועט זיך פאראייניקן מיט איינע פון יענע צוויי שיפן, וועלכע זיינען אוועק פאָראויס! דאָס, אלטינקער, זאָג איך דיר — איך, דער גייסט, וואָס רעדט מיט דיר אצינד".

און איך האָב אים געפרעגט, ווער יענע צוויי שיפן זיינען און וואוהין זיי גייען; און ער האָט מיר געהייסן ווידער א ווייליניקע ווארטן און ער האָט פון דאָס ניי א מאך געטאָן מיט זיין קרעפטיקן ארעם און, ווען דער וואלקן האָט זיך צוריק אומגעדרייט, ווי ער איז געוועזן פריער, האָט דער גייסט אויפגעהויבן זיין שטימע און האָט צו מיר געזאָגט:

„די מאטראָזן פון דיביידע שיפן זיינען מיינע קינדער און זיי שטרעבן צו איין ציל. מער נישט די פון די גרויסע שיף ווילן האָבן א קאפּיטאן מיט אפיצערן און די פון די קליינע זעגלען אליין.

הערשאפט ווילן זייביידע ניט, אָבער זיי זיינען ניט מער ווי מענטשן און צווישן זיי איז דאָ א מיינונגס-פארשיידנהייט. זי באשטייט דערין, וואָס די גרויסע שיף שרייט: ברויט און פרייהייט, בעת די קליינע זאָגט: פרייהייט און ברויט".

„איז דאָס די גאנצע נפקא־מינה?"

„ניט די גאנצע, אָבער די הויפט־אורזאכע פון זייער אונאייניגקייט. און די אונאייניגקייט צווישן זייביידן איז אפט אזוי גרויס, אז זיי שטערן זיך איינע די אנדערע גראדע ווי די שיפן פון די גרויסע פלאָטע. און זיי וועלן בלייבן אונאייניק, ביז דער טאָג וועט קומען, ווען דער פלאָט וועט זיך מיט זיי פאראייניקן, און צו וועלכע די פלאָטע וועט זיך אָנשליסן, די וועט ברייננגען די בעדריקטע מענטשהייט צו מיין מוטערס לאנד".

„ווארום איז די איינע פון זיי גרעסער פאר די אנדערע?"

„ווייל די מערסטע מאטראָזן האָב נאָך מורא צו גיין קעגן די וואלן פון דעם שטורמישן ים אן א קאפיטאן, און ווייל די מערסטע טראכטן פריער וועגן ב ר ו י ט או נאָכדעם וועגן פרייהייט".

„דו ליבסט ווארשיינלאך ניט די גרויסע שיף, דו הייליקער פרייהייטס-גייסט?"

„איך זי ניט ליבן? דו ביזט א קינד, אלטינקער. זיינען דען אירע מאטראָזן ניט מיינע קינדער? אויב עס מוז זיין ווי זיי ווילן — גוט, לאָזן זיי האָבן ברויט צוערשט, אָן מיר וועלן זיי ניט קענען לעבן. ז י י ליבן מיך אויך".

„און שמערצט דיך ניט צו זען, אז זיי ביידע לעבן אין אייביקע מחלוקת?"

„עס שמערצט מיך צייטנווייז, אָבער איך געדיינק, אז די פרייהייטס-קינדער האָבן זיך געהאָדעוועט ביי א בייזע ניאנקע, ביי דער קנעכטשאפט, און איך מוז זיי לאָזן גיין, ווי זיי גייען. און דו וועסט זען, אז דעם טאָג, ווען זיי וועלן דארפן קעמפן קעגן זייער בייזע מאמע, וועלן זיי פארגעסן אָן זייערע מחלוקות און דער טאָג איז נאָנט, אזוי וואר, ווי מיין הייליקע מוטער לעבט".

„היים זיי זיך מאכן געגרייט".

## דער מאָנסטער און דאָס קינד *)

(אוים — יאָר 1890)

און דער פרייהייטס־גייסט האָט מיך ארויסגעפירט ווייט, ווייט אויסן שטאָדט און ער האָט מיך געבראכט אויף א הויכן, לאנגן שאָסיי, וועלכער איז געווען באַפּלאַנצט פון ביידע זייטן מיט בוימער, און ער האָט זיך צו מיר אָנגערופן אזוי צו זאָגן:

„מאַך אויף דיינע אויגן, ערדנזון, און קוק ארום זיך, און מעלד מיר אַלעס, וואָס דו זעסט“.

איך האָב קיין זאך ניט געזען און האָב צו אים געזאגט:

„גרויסער גייסט, איך קוק, אָבער איך זע ניט קיין שום זאך“.

און אויף זיינע ליפּן האָט זיך באוויזן א שמייכל און ער האָט צו מיר געזאָגט, ריידנדיק מיט די דאָזיקע ווערטער:

„אָ, מענטשנקינד! ווי שוואך איז אייער קוק און ווי קורצזיכטיק איז דער בליק אייערער! ווי נאריש איז אייער שטאָלץ אויף די באטראכטונגען פון אייערע מענטשלאכע אויגן, דען וואר־ליך זאָג איך אייך: איר קוקט פיל, זעט ווייניק און דערזעט כמעט גאָרנישט ביזן גרונט.

„און ווייל איר האָט ארייגעבליקט אין די פינסטערע פאר־גאנגענהייט, גלויבט איר, אז די צוקונפט ליגט אויף די פלאכע פון אייער האנט; און ווייל איר האָט דערפארשט פיל געהיימנישע פון די אייביקע נאטור, בילדעט איר זיך איין, אז איר האָט אַלעס, אַלעס אויסגעפאָרשט. און דאָך זיינען דאָ זאכן, וועלכע אייער מענטשלאך אויג קען ניט באטראכטן, און אזעלכע געהיימנישן, וואָס

*) „אַרבעטער פריינד“, 2טן יאַנואַר 1891.

זיינען פאַרבאַרגן פאַר אייער בליק. און בכדי, אַז דו זאָלסט דאָס פאַרשטיין, האָב איך דיר געהייסן קוקן, הגם, מענטשן־קינד, איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דאָס וועט זיין אומזיסט. איצט קום נענטער צו מיר און איך וועל דיר עפענען די אויגן".

און דאָס זאָגנדיק האָט ער אויסגעשטרעקט זיין רעכטן אָרעם און האָט מיך צוגעפירט צו זיך. און ער האָט צוזאַמענגעראָלט זיין לינקע האַנט אַזוי ווי אַ פּערספּעקטיוו ראָר און האָט איר צוגעלייגט צו מיין רעכטע אויג. און אַ גרויסע ליכטיקייט, זיבן מאָל אַזוי שטאַרק, ווי די ליכטיקייט פון די זון, איז אויפגעגאַנגען פּלוצלונג פאַר מיר, און איך האָב געזען אונגעהויער וויט פון צפון ביז דרום.

און דאַן האָבן מיינע לעפצן זיך גענומען באַוועגן און פון מיין מויל זיינען, ניט געבעטן און ניט געהייסן ארויסגעקומען אָט די־דאָ־זיקע ווערטער:

„גרויסער גייסט! איך זע אָט דאָרטן ניט וויט פון אונז אַ גרויסן אייזערנעם בריק איבער אַ שמאָלן מוטנעם טייך. און מיר דאַכט זיך, אַז דער טייך איז דער נחל־הנשיה, וועלכער שלינגט אין זיך אַלעס אריין און וואָס אין אים ווערט אַלעס פאַרזונקען און פאַר־געסן.

„און איך זע אויפן בריק ביים פּאַרענץ, שטייענדיק מיטן פּנים צום וואַסער, אַ שרעקלאַכן ריז, וואָס זיין קאָפּ דערגרייכט ביז די וואָלקנס פון הימל. און איך זע אויף זיין פּלייצע אַ לאַנגע שטריק פון וועלכע עס הייננען אראָפּ הונדערטע דינערע שטריקלאַך אויף זיין רוקן. און אויף יעדן שטריקל הייננט אַ בינטל — אַ מורא׳דיקע משא!"

„און — אָ, דו מעכטיקער גייסט! — אָט וואַרפט ער אַריבער אַ בינטל און נעמט אים אריין אין די הענט און עפנט אים אויף און שאָקלט ארויס אַלץ, וואָס אין בינטל געפינט זיך, און וואַרפט עס אריין אין דעם שטראָם פון דעם טייך. וואָס באַדייט דאָס? איך זע, איך זע! אָבער ער וואַרפט נאָך אַ בינטל און נאָך איינעם און ווידער איינעם און אַ פערטן, אַ פינפטן, אַ זעקסטן, נאָך, נאָך, נאָך!

און דער שטראָם פארשלינגט זיי אלעמען אלעמען — וואונדערבאר צו בליקן!"

„און איך וועל דיר זאָגן, וואָס ער האָט אין וואסער אריינגע־ווארפן, הער מיך אויס, און זאָג מיר, צו איך האָב ריכטיק געזען".

„פון דעם ערשטן צענדליק בינטלאך האָבן זיך געשאָטן ליגנס, — רונדע, פלאציקע, לאנגע און קורצע ליגנס. דאָרטן זיינען געווען דיפּלאָמאטישע ליגנס, פּאָליציייסקע ליגנס, פּארלאמענטארישע ליגנס, צייטונג־ליגנס, דיכטער־ליגנס, עדות־ליגנס, קינדערשע קליי־נע ליגנס. מחברים'ס גרויסע ליגנס, רעליגיעזע ליגנס, באוואקסן מיט מאָך, און קעניגלאכע ליגנס, באפלעקט מיט בלוט.

„פון דעם צווייטן צענדליק בינטלאך האָב איך געזען, ווי עס האָבן זיך געשאָטן אין טייך אריין גרויסע און קליינע מענטשלאכע דאגות. דאָרטן זיינען געווען צווישן זיי דאגות פון ארבעטסלאָזע ארבעטער; דאגות פון באטריגער, וועלכע מען האָט אויפגע־הערט צו גלויבן; דאגות פון שטאאטסמענער, וועלכע זיינען אָן שטעלעס; דאגות פון תבואה־הענדלער, מחמת אין אמעריקע וואקסט צו פיל תבואה; דאגות פון פּראָצענטניקעס אין שרעק פאר באנקראָטן; ; דאגות פון דאָקטוירים, דורך דעם, וואָס די אינ־פלוענציע איז איבערגעגאנגען; דאגות פון אפטייקערס וועגן דעם, וואָס מענטשן נעמען זיך דעם לעבן מער דורך פּולווער און בליי ווי דורך סם־המות; דאגות פון מלמדים דורך די קינדערשע שולן; דאגות פון תליונים דורך דעם, וואָס אזוי פיל מערדער ווערן באגנאדיקט; דאגות פון אדוואָקאטן, ווייל פיל מערדער בלייבן ניט ארויסגעפו־נען; דאגות פון קברנים וועגן דעם, וואָס די כאָלערא באווייזט זיך ניט; דאגות פון רייכע פרויען וועגן דעם, וואָס דינסט־מייד־לאך גייען ארבעטן און ווערן פון הויז־שקלאפנס — פאבריק־שקלא־פענס; דאגות פון צייטונג־שרייבער וועגן דער קנאַפקייט (נאָך זייער מיינונג נאָך) פון עקספּלאָזיאָנען אין קוילן־גרובן, פון שיף־אומגליקן אויפן ים, פון שרפות, מגפות, אומגליקן אויף דער אייזנ־באן און טויזנט אנדערע נויטיקע ארטיקלען; דאגות פון קעניגע וועגן דעם, וואָס קינדער ווערן ניט געבאָרן 20 יאָר אלט, אין א מונ־

דיר אויפן לייב, מיט א ביקס אין האנט, פיקס און פארטיקע סאל־דאטן, געגרייט צו מאָרדן און צו קוילענען; דאגות פון הונדערט אנדערע מינים, וועלכע זיינען אלע אריינגעפאלן דירעקט אין וואסער אריין.

„און איך האָב געזען ווי עס האָבן זיך געשאָטן פון דעם פערטן, פינפטן, זעקסטן און זיבעטן צענדליק בינטלאך אונגעהויערע מאסן פון אַלערליי מאָרדטאטן. דאָרטן זיינען געווען רציחות פון שכורים, פון אייפערזיכטיקע, פון ניט־פארגינער, פון פארצווייפלטע, פון יוסטיץ־מענער, פון ניט דערבאקענע דאָקטוירים, פון פארשלאָ־פענע אפטייקערס, פון דעספאָטן גרויסע און קליינע. און די אלע בלוטיקע רציחות זיינען געווען קורצע, שארפע, שפיציקע. אָבער איך האָב געזען אנדערע מאָרדטאטן: — מאָרדטאטן פון מענער, ווייבער און קינדער דורך שלעכטע פארפעסטעטע לופט אין פאַ־בריקן, דורך קנאפקייט פון שפייז נאָך דער ארבעט, דורך ווילגאָץ אין הייזער, דורך לאנגע געפאנגענשאפט אין טורמעס, דורך אונ־נאטירלאכע, שווערע הארעוואניע — דאָס הייסט פאבריקאנטן־מאָרדן. די זיינען געווען לייגלאכע, אויפגעשוואָלענע רציחות און ווי האָבן זיך ארויסגעשאָטן פון די מערסטע בינטלאך.

„און דאן האָב איך געזען, ווי פון הונדערטער אנדערע בינט־לאך, וועלכע דער ריז האָט אריינגעוואָרפן אין נחל־הנשיה, האָבן זיך ארויסגעשאָטן אלערליי שרעקלאכע צרות פון טויזנטערליי פאָר־מאטן פון די גרויס פון א מענטשלאכע פויסט ביז א גוואלטיקן בארג. און זיי זיינען געווען באדעקט מיט וואונדן, באפלעקט מיט בלוט און באגאָסן מיט טרערן.

„און איצט האלט ער אין האנט דעם גרעסטן בינטל און ווארפט אים אין טייך אריין. אָ, וואָס זע איך? ! איז דאָס ניט די פאָלקס־דומהייט פון א לאנגע, לאנגע צייט? יאָ! דאָס איז זי... און איצט.... אָ, איצט שטייגט דער ריז אליין אראָפּ אין וואסער... ער איז אינעווייניק... ער זינקט... עס זעט זיך שוין מער ניט ווי זיין קאָפּ.. איצט ניט מער ווי זיין שטערן... אָ, וויפיל קאָרטשעם זיינען אויף זיין שטערן פאראנען... איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף...

ווארט, איך צייל, איך צייל, איך צייל זיי אַלע איבער... אָט האָב איך איבערגעציילט, הייליקער גייסט! וואָס איז דאָס? 365 קאַר־טשעס! — אַ איך פארשטיי, דאָס איז געווען דער פארגאנגענער יאָר, וואָס פאר אַ שרעקלאכער ריז... ער איז פארזונקען!"

און דער פרייהייט־גייסט האָט מיר זיך געהייסן ארומקוקן און איך האָב געזען אַ ליבפול קינד, צערטלאַך און שיין, ארויפקר־מענדיק אויפן בריק.

און דער גייסט האָט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, צו מיר גע־זאָגט אזוי צו זאָגן:

„דאָס איז דער נייער יאָר. ווען די מענטשן וועלן ניט גיין אין מיינע וועגן, וועט פון אָט־דעם קינד ווערן אין צייט פון צוועלף חדשים אזא שרעקלאכער מאַנסטער מיט אזא משא אויף די פּליי־צעס, ווי דער, וועלכער איז אָקאָרשט דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך פון פארגעסנהייט".



# א צעטומלטער לשון*)

זיידע, ער איז שוין ווידער דאָ!

ער, דאָס איז דער איד, וואָס וויל וויסן מיין מיינונג וועגן זיין שיר... דער איד, וואָס וואַרט אויף מיין גזר־דין פאַר זיין „גזר־דין". **) ער זאָגט—הער איך פון מיין אייניקל—אַז ער וועט ניט אוועקגיין, ביז איך וועל אים ניט זאָגן, וואָס איך דיינק.

ניש-קשה פון א פאַרלאַנג! זאָגן וואָס איך דיינק! אַכצן יאָר אין אַמעריקע, זיבעצן יאָר אין אַ סך אַנדערע ציוויליזירטע מדינות, און גיי זיי זאָגן וואָס מען דיינקט. דאָס קען קיין ציוויליזירטער מענטש אין קיין ציוויליזירטן לאַנד ניט. דאָס קען נאָר אַ ווילדער, און אפילו ער ניט, מחמת ער האָט ניט קיין לשון, און קען ניט זאָגן, וואָס ער קען זאָגן; פאַר אַ געבילדעטן (איין- אָדער אויס-געבילדעטן) מענטשן איז גענוג ווען ער דיינקט וואָס ער זאָגט, נאָטע גענוג... אין ליטא, פוילן און רייסן פלעגט אין די אַלטע צייטן דאָס זיין נאָך צופיל... אין די אַלטע צייטן.. דאָס איז, איידער די מדינה איז געוואָרן אַ פרייע און מענטשן האָבן זיך אוועקגעלאָזט זוכן גאָט, מיט דעקאַדענטן פאַר פירער און אַרציבאַשעוו'ן פאַר אַ באַגלייטער... איידער דער מענטשלאַכער גייסט איז דאָרטן אַריין אין חורבות (ווי גייסטער בכלל) און דער מענטשלאַכער געדאַנק איז פאַרקראָכן צווישן בלוזקעס און ספּאָדניצעס... איידער קופּ־רינ'ס „גרוב" מיט דעם זומפּ אַרום איר איז געוואָרן אַ מוזן־טעמפּל.

---

*) 1906.

**) מאָריס ווינטשעווסקי האָט דעם ערשטן מאָל פאַרעפנטלאַכט זיין הומאָריסטיש ליד „מיין גזר־דין" (באַנד 2, זייט 197) בלומרשט אַלס אַ זאַך, וואָס אַן אומבאַקאַנטע פּערזאָן האָט פאַר אים פאַרגעלייענט.

זאָגן וואָס מען דיינקט! מער פעלט מיר ניט! אונזער גאַנץ לעבן איז נאָר מעגלאַך בתנאי, אַז מיר זאָלן דאָס נ י ט טאָן. איר קענט נאָר האָבן פריינט — (מיט אַ טית, הער זעצער, דווקא מיט אַ טית! פריינד מיט אַ דלת איז לשון יחיד, פריינט מיט אַ טית איז לשון רבים. אַזוי אויך: וואנד—ווענט, האַנד—הענט, פיינד—פיינט. איר קריגט דאָס שטיקל תורה אומזיסט, חנם, אין כסף, און אַזוי ווי די שרייבער זיינען אין אייער האַנד, קען דערפון אַרויס-קומען אַ נוץ פאַר דער אידישער ליטעראַטור. מחשבות'ן! ווי וואויל און ווי גוט איז דעם אידישן שרייבער! יעדער איינציקער — ווי ער פאַרשטייט. איש הישר בעיניו יעשה. יעדער איינצי־קער אַ סאָלאָ אין עניני אויסלייגן, אַ ליקורג אין סינטאַקס, אַ משה אין וואָס די טייטשן רופן שפּראַך־געברויך, און טאָמער גיט איר (דער מזוזה, פאַרשטייט זיך) אַ קוש און איך אַ קוס, איז נאָר נישט — אלה ואלה דברי אלהים חיים. אָבער איך מוז אַרויסקריכן פון די האַלבע לבנות. הער זעצער, זייט מוחל, אָט, אָט...)

בסדר אַזוי. איר קענט נאָר האָבן פריינט בתנאי, אַז איר זאָלט אייערע געדאַנקען האַלטן אונטער אַ דעקעלע, אפשר אונטער אַ שלאָס; בתנאי אַז אייער צונג זאָל ביי אייך זיין אונטער פּאָלי־ציי־השגחה און איבער אייער פעדער זאָל אייער שכל האַלטן אַ שטרענגע צענזור; פּראָבירט זאָגן וואָס איר דיינקט, אפילו — דיינקן וואָס איר זאָגט און...

„זיידע, ער וואַרט דאָך!“

— ווער? דער דיכטער? אַן עולה, כ'לעבן! מען דאַרף קיינעם ניט לאָזן וואַרטן... מענטשן וואַרטן אַזוי אויך געגנוג... איבער־הויפּט אידן. איי, וואַרטן זיי! פון דעם ערשטן חורבן ביז דער פערטער דומע, פון עזרא הסופר ביז זאַנגוויל דעם שרייבער, פון דניאל'ן אין לייבנגרוב ביז חיים-יאַנקל'ען אין דער בערלאָגע, פון הריסת ביתר ביז הריגת אָדעס. אַ קלייניקייט וואַרטן זיי! וואו איז ערגעץ אין גאָט'ס ווייסער וועלט ווען־עס־איז געווען אַן אומה, וואָס האָט דורך טויזנטער יאָרן אַזוי געוואַרט: אויף אליהו הנביא יעדן סדר־נאַכט, אויף משיח-בן־דוד יעדן טאָג, אויף בעסערע צייטן,

מענטשלאכערע פּריצים; אויף טשינאָווניקעס, וואָס נעמען, אויף ווייסע צעטלאך פון אויבן, לאָטעריע-צעטלאך פון ברוינשווייג און אנדערש-וואו, וואָס זיינען אריין אין אַ מזל'דיגער שעה און ארויס מיט אַ געווינס. און, וואָס איז דאָ צו ריידן, לאָזן ווארטן אומזיסט איז געוויס אַן עולה. מען דאַרף קיינעם ניט לאָזן ווארטן, אפילו ניט...

„זיידע ! !"

— גוט, לאָז ער אריינגיין.

— גוט מאָרגן — גוט יאָר ! דאָס קען אויך נאָר אַ איד ! פאַר איין גוט מאָרגן גיט ער אַ גאַנץ יאָר...

„דערפון נעמט זיך טאַקע אַזוי פיל גוטע יאָרן ביי אונז!"— ווארפט אריין מיין איניקל אַ ווערטל.

יע, דער איד גיט פיל. דערפאַר פארלאנגט ער אָבער אויך פיל. פאַר איין תפילין-לייגן וויל ער שכר פאַר אַלע תרי"ג מצוות מיט אַלע זייערע כללים, פּרטים און דקדוקים. פאַר איין ביסל פרומקייט, פאַר לערנען תורה, פארן ניט כאַפּן בייגל פון טישלאך — אפשר פארן ניט עסן די לעכער פון די בייגל — קומען אים 310 וועלטן לאחר מאה שנה. אַ יושר, כ'לעבן !

„זיידע !!!"

— גוט, גוט ! איר זעט גוט אויס, רבי קרוב, קומט משמעות פון דער קאונטרי, איר האָט זיך געמוזט באָקן אויף דער זון, ווייקן אין ים לופטערן צווישן בוימער און גרינס. אייער פנים איז, אָן עין-הרע, רויטלאך עפּעס גאָר ניט מעשה איד... מיר דאָ, אין ניו-יאָרק, דערהויפּט אינם אידישן ניו-יאָרק, באָקן זיך אויף ברענענ-דיקע ברוק-שטיינער, ווייקן זיך אין טייכן שוויים, וואָס גיסן זיך פון אונז, לופטערן זיך מיט צייטונגס-בלעטער און זעען ניט קיין גרינס, סיידן מ'נעמט אראָפּ אַ קאָנוואָי גרינע פון עלים-איילאנד— אידן, פּאַליאַקן און שאר ירקות.

„וואָס מכוח מיין שיר?"

— אייער שיר? וואָס זאָל איך אייך זאָגן... אסור, אויב איך

ווייס. מיט וועמען משפט איר זיך? ווער זיינען די שופטים, מיט וועלכע איר משפט זיך? וואס פארלאנגט איר פון זיי?

נארישער מענטש!? ביי די אומות העולם זיינען דא שרייבער און לעזער. פון שרייבער וואס לעזן, פון לעזער וואס שרייבן — „ארבעטן זיך אויס" קריטיקער... ארבעטן זיך אויס — איז טייטש, מיר האבן אזא ווארט ניט... ניט אין דעם דאזיקן זין... אויף אונזער לשון ארבעטן זיך נאר אויס מענטשן, וואס ארבעטן זיך איבער, און רייסן זיך אונטער, און דערארבעטן זיך צו א פאר־דער־צייטיקן עלטער, בשעת די מענטשן, וואס ארבעטן מ י ט זיי—אמאל סחורה, א מאל מעשים — ארבעטן זיך ארויף און ווערן גאנצע לייט, מיט א דעה אין קהל־שטיבל, און א פערטל אין גאס; מיט אן אויג ביי גאט און א קאנטא אין באנק; מיט א חלק לעולם־הבא און חלקים, פיל חלקים, די חלקים פון א סך מענטשן, פארן עולם־הזה.

אבער וואו האלט איך?

יע, ביי די קריטיקער, וואס ארבעטן זיך אויס פון לעזער וואס שרייבן, פון שרייבער וואס לעזן.

אבער דאס איז ביי די אומות העולם, בלויז ביי זיי, ביניהם.

ביי זיי לייענט איין שרייבער דעם אנדערן ביי זיי לייענט מען, למשל, אנדערע לשונות אויך, אבער זיכער דעם אייגענעם לשון פריער ווי אלץ. זיי האבן, חוץ א מוטער־שפראך און א פאטער־לאנד א חשק צו וויסן וואס אן אנדערער פון זייער אומה האט געשריבן, וואס ער שרייבט.

אבער מיר! מיר שרייבן פאר די לעזער, ניט פאר שרייבער. אין ציוויליזירטע לענדער שרייבט מען אפילו ניט פאר באשטימטע לעזער די ביכער און ארטיקלען, ווי מען נייט ניט פאר געוויסע קונדן קאפאטקעס מיט וועסטלאך. מען שרייבט, ווי מען נייט, פארן מארק; פארן קליידער־מארק ווי פארן ביכער־מארק אדער פארן צייטונגס־מארק. דער עיקר איז אבער, אז אונזער אנדרעיעוו, כאפט אייך אן, ווייסט גאנץ גוט, אז אונזער גארקי לעזט אים ניט, און פארקערט אויך אזוי. ווען אונזער געטהע קומט זיך צונויף מיט

אונזער שילער, היידן זיי ניט וועגן זיך און זייערע שריפטן, מחמת דער אידישער שילער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון „ווערטער'ס ליידן“, און דער אידישער געטהע האָט קיינמאָל ניט געהערט ניט פון דעם „גלאָק“, ניט פון אַנדערע, אפשר ווייניקער קלינגנדיקע זאכן. ביי אונז ריידן זיי ביידע וועגן מאָליער און ראסין, וועגן בייראָן און סקאָט, וועגן דאנטע, סערוואַנטעס, אָמאַר קאַיאַם, אַלהאַר פיז, אמאָל אפשר אפילו, יע... אפילו וועגן יהודה הלוי, בקיצור, וועגן אַלץ און אַלעמען, אין אַלע לשונות, פון אַלע צייטן, חוץ פון זיך.

אידישע ביעלינסקי'ס! אידישע מאַקאָליי'ס! אידישע בער־נע'ס! א גוטער שפּאַס, ב'לעבן!

אונזערע קריטיקער הויבן אָן צו לעזן אונזערע שרייבער ערשט דאַן, ווען זיי ווערן איבערזעצט אין א פרעמדער שפּראַך. זייער משה'לע ווערט פאר זיי א מענטשעלע, ווען ער שלעפּט אויף זיך ארויף א גוי'אישע קאַפּאָטקעלע מיט א טייטש'ישן שפּאַלט און אן ענגלישן שניט. כל־זמן ווי משה'לע האָט אויפן גוף א אידישן מלבוש, אויף דער נשמה א חשד של אפּגלאַנץ פון דעם כסא־הכבוד, אויפן פּנים דעם צלם אלקים און אין זיין לשון א זכר למקדש, שטעלט ער, דער קריטיקער אונזערער, זיך גאָר ניט אָפּ אויף דעם דאָזיקן משה'לען, ווייסט ער פון אים ניט, און וויל ניט וויסן.

ערשט ווען א גוי האָט על־פּי סיבה געקראָגן צו וויסן פון א אידישן שרייבער און איז נתפּעל געוואָרן פון זיין אַנטדעקונג (נוסח פוילן: אַנטפּלעקונג...) און איז נתפּעל געוואָרן, מחמת ביי אים איז א נס בתוך נס, א איד וואָס שרייבט אַנשטאָט צו האַנדלען מיט אַלטע קליידער און געבן געלט אויף פּראָצענט; וואָס מאַכט שירים אַנשטאָט צו מאַכן באַנקראָט, און האָט משא־ומתן מיט די מוזן אַנשטאָט צו זינגען מהיפּית פאר פּריצים; וואָס קלעטערט אויפן פּאַרנאַס אַנשטאָט זיך צו שטופּן צו דער בערזע, און זינגט די „צוויי גרענאַדירע“ אַנשטאָט צו קלאָגן „אנקת מסלדיך“ — דער גוי, זאָג איך, וואָס דערזעט אַזאַ'ן עולם הפוך און ווערט פון אים אַזוי נתפּעל, שרייבט אויף א „דיסקוויזיציע“. בדרך הטבע, איז

ער שרעקלאך מגזם, זעט ער דאָפּעלט, רימט ער מיט כפול־שמונה׳־דיקע שבחים די נייע דערשיינונג, וואָס ער האָט געקראָגן צו זען.

ערשט אָן כאַפּן זיך אויף די אידישע קריטיקער, רייבן זיך אויס די אויגן, קראַצן זיך אויס די פּאַטילניצע, הוסטן זיך אויס, שנייצן אויס דעם שמעק־אָרגאַן און זעצן זיך, מיט דער טיטל אין דער האַנט, לייענען וואָס אַן אייגענער מענטש האָט אָנגעשריבן. דאָן פּאַסירט עס, אַז אַנדערע שרייבער, וואָס „שאַפן" אַליין, אָבער זיינען ניט קיין קריטיקער (חוץ אפשר אין די אייגענע ד׳ אמות), הויבן אָן צו לייענען וואָס אין זייער לשון איז געשריבן געוואָרן אזוינס, אַז גויים האָבן עס אזוי איבער׳זעצט, אַז טייטשן האָבן עס אזוי פאַרטייטשט, אַז רוסן האָבן עס אזוי רוסיפיצירט, אַז עס איז ניט געבליבן קיין סליאַד פון אידישקייט דערויף.

און ס׳איז געווען, אַז, נאָכדעם ווי מ׳האָט אַרויפגעהויבן דעם אייגענעם שרייבער אינם זיבעטן הימל, זאָל מען מיטאמאָל אים אַרונטערוואַרפן, אַרונטערשלעפן אין סאַמע זומפּ אַריין, אויב ערגעץ אַן אַנדער גוי זאָל פאַרקרימען דעם נאָז אַ שטייגער: פון וואָס האָט מען דאָ געמאַכט אזאַ טאַראַראַם? און תוך כדי דיבור עפענען זיך די אויגן ביי טויזנטער „פאַרבלענדעטע" מענטשן און זיי פאַר־שטייען מיטאמאָל, אַז עס איז פאַראַן אזאַ זאַך ווי דאָס, וואָס טאָל־סטאָי (כנגד שעקספּיר) רופט „היפּנאָטישע סוגגעסציע", דאָס הייסט, אַז איינער זאָגט „גאָט!" און אַלע פאַלן כורעים, און עס פאַרשפּרייט זיך אַן אמונה ווייט און ברייט, אַן אמונה, וואָס האָט זיך אפילו, ווי אַלע אמונות, אירע אפיקורסים, אָבער אויך חסידים, הייסע, ברענעדיקע חסידים, חוץ אַ גרויסער מאַסע אומשולדיקע מאמינים, וואָס ווייסן פון קיין קונצן ניט, און גייען מיטן עולם, וועלכער שווימט מיטן שטראָם, ניט קוקנדיק ניט לינקס און ניט רעכטס, ניט קלערנדיק און ניט איבערקלערנדיק.

איז יענע טויזנטער „פאַרבלענדעטע" זעען פּלוצלונג איין, אַז זייער בר־כוכבא איז תמיד געווען אַ בר־כוזבא, אַז מען האָט גע־לעבט אין טעות. איז וואָס איבערצייגט זיי מיטאמאָל? וואָס עפנט דאָס מיטאמאָל זייערע אויגן? נישט מער און נישט ווייני־

קער ווי דאָס, וואָס אַ נייער גוי איז געקומען און האָט אָפּגעלייקנט דאָס, וואָס דער ערשטער גוי האָט געזאָגט.

שרעקלאַך איז דער גלות אונזערער ביים גוי! אָבער שרעקלאַך איז עס דערהויפּט מיט דעם, וואָס מיר פאַרדינען שוין ניט מער פונם גלות אויסגעלייזט צו ווערן.

„זיידע!!! דער מאַן וואַרט דאָך!"

— משמעות, קען ער דאָך וואַרטן. דאָס איז, אגב אורחא וועל איך דיר זאָגן, אויך אַ גלות-דערשיינונג... ווי איך רעד היינט! גלות-דערשיינונגען! „טאָלסטאָי, שעקספּיר, געטהע, שילער, סערוואַנטעס, ראַסין, מאָליער"! מינסק — וואָס פון דיין חקרן איז דאָס אַביסל געוואָרן אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ! אָבער נחזור לענינננו.

איך זאָג, דאָס איז אויך אַ גלות-דערשיינונג. דער, וואָס איז אין גלות, האָט געדולד. פּלאַצן פּלאַצט זי ביים גואל, ביים אויסלייזער. דער עולם מאַכט זיך וואַפּנע, קנעט ליים, קלייבט שטרוי, באַקט ציגל, בויט פּתום און רעמסס און... גאָר נישט. אַמאָל טרעפט זיך, אמת, אַז ער דערפילט דעם דרוק, דעם לחץ פון די נוגשים און די לוחצים, אָבער דאָס טרעפט נאָר ווען־ניט־ווען. געוויינטלאַך, זיצט מען אויף דעם סיר-הבשר פון מצרים, מען רייבט און מען שווייגט, דאָס הייסט, ווען אין סיר איז דאָ בשר. דאָס איז אַזוי אומעטום אין יעדן גלות, פאַר יעדער גאולה, אין אַלע לענדער, צו אַלע צייטן! אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אָט קענגן דיין אַרויספּלאַצן, בעת אונזער גאַסט וואַרט געדולדיק. ווען ער שרייט ניט, וואָס שרייסט דו, ליבער אייניקל?

איך האָב אייך פריער געזאָגט, אַז מיר שרייבן פאַר די לעזער, ניט פאַר די שרייבער. דאָס איז שלעכט געננוג. ערגער, אָבער, איז וואָס מיר שרייבן ניט פאַר זיך. ערגער איז, וואָס מיר אַליין קענען זיך באַגיין אָן אונזער לשון און אין אַן ערך פון דריי פערטל פון אונזער לעבן באַגייען מיר זיך טאַקע אָן אים, און ניט נאָר דאָ, אין אַמעריקאַ, נאָר אויך אין פּוילן, גאַליציע, אין דער ליטא און אין מערב-רוסלאַנד.

— איך ווייס ניט, צו וואָס איר צילט, אָבער איך פיל דאָס, וואָס איך מיין, אַז איר מיינט, נאָך שטאַרקער ווי איר, — האָט זיך דער גאַסט אָפּגערופן.

„זיידע, לאָז אים אויסריידן“, האָט פאַר אים צו מיר תפילה געטאָן זיין גואל, מיין אייניקל, מורא האָבנדיק, אַז איך וועל אים ביים דריטן וואָרט אַריינפאַלן אין די רייד.

איך האָב אים געלאָזן און ער האָט גערעדט:

— דער אמת איז דאָך, — האָט ער געזאָגט, — אַז בשעת מיר האָבן אָנגעהויבן צו שרייבן, האָבן מיר דאָס בלויז געטאָן, ווייל מיר האָבן געהאַט וואָס צו זאָגן דעם פאָלק און האָבן עס געמוזט זאָגן אין דעם פאָלק'ס אייגענעם לשון. מיר האָבן צו אים גערעדט אידיש, ניט ווייל אונז האָט זיך געוואָלט ריידן דוקא אויף דעם לשון, וועלכן מיר האָבן אין גרונד־הארצן אייגנטלאַך גאָר ניט גע-האַלטן פאַר אַ לשון, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל אונזער עולם האָט קיין אַנדערן ניט פאַרשטאַנען.

„מיר זיינען צו אים געקומען“, — כאַפּ איך אים אונטער, — „ווי די מיסיאָנערן קומען צו די ווילדע פעלקער און מוזן צו זיי ריידן אין זייער אייגענעם לשון“.

— דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, — מאַכט ער, — ערגער ווי אַלץ איז, וואָס די ווילדע האָבן אין זייער לשון אַ גאַנץ קליינע צאָל ווערטער, אָפּט גאָר קיין ווערטער ניט פאַר אַלץ, וואָס זיי זעען ניט, הערן ניט און באַגרייפן ניט מיט די אַנדערע דריי חושים.

„איר אַליין“, — שלאָג איך אים ניט ווילנדיק איבער, — „האָט נאָר־וואָס געוויזן מיט אייערע אייגענע ווערטער ווי אַזוי מען רעדט צו אַ פאָלק אָן ווערטער. אַ שרייבער אין ערגעץ אַן אייראָפּייאישן לשון וואָלט, אַנשטאָט צו זאָגן, ווי איר האָט אַקאָרשט געזאָגט: „גאָר קיין ווערטער ניט פאַר אַלץ, וואָס זיי זעען ניט, הערן ניט און באַגרייפן ניט מיט די אַנדערע דריי חושים“, איינפאַך גע-זאָגט, אַז די ווילדע האָבן אין זייער לשון ניט קיין „ווערטער פאַר אַבסטראַקטע באַגריפן“. אָבער רעדט, רעדט“.

— מיר האָבן, בקיצור, זיך צוגעפּאַסט, אָדער געפּרופט זיך צופּאַסן צום פֿאָלק און האָבן אַלץ וואולגאַריזירט, בכדי צו ווערן פֿאַרשטאַנען פֿון „אַלעמען“. אונזער לשון איז אויף דעם אופן געווען דער לשון פֿון דעם אומוויסנדיקסטן, פֿונם גרעבסטן טייל פֿונם פֿאָלק, ווייל „אַלעמען„ טייטשט דער מצודת־דוד: „ועמי־ארצים בכלל“.

— אָבער ,זיידע, איך זע נאָך אַלץ ניט, ווי אַזוי מיר וועלן קור־מען צו אייער מיינונג וועגן מיין שיר“.

„געדעכט, גערעכט!“ — האָט מיין אייניקל אונטערגעכאַפּט.

איך האָב גענומען אַ גרויסן שמעק טאַבאַק פֿון מיין אַלטער הילצערנער פּושקע... זי שטאַמט פֿון סטויבץ און איז, צווישן פּוש־קעס, אַ גרויסע יחסנ׳טע. אירע בעלי־בתים ביז מיר זיינען געווען — האָב איך מיין פּאָעטישן גאַסט דערקלערט — דורות פֿון רבנים, איינער גרעסער פֿאַרן אַנדערן, און זי האָט אין איר לעבן אין זיך געהאַט פֿודן טאַבאַק. אייך וואונדערט אפשר, וואָס איך גיי אַריין אין איר יחוס. טאַקע צו־וואָס? זאָל איך אַזוי פֿון קיין צער ניט וויסן, ווי איך ווייס אַליין ניט. אויף די עלטערע יאָרן טומלען זיך די רעיונות און... נאָר אַזוי ווי מיר האַלטן שוין דערביי, זאָגט זיך די גמרא, נימא בה מלתא, לאָמיר וועגן דעם אַ וואָרט זאָגן... איר איילט זיך דאָך ניט, ניין? „פֿון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס“, איז דאָ אַ ווערטל. איך גלויב אין דעם. אויב ערגעץ־וואו איז ריכטיק, וואָס די אַלטע האָבן געזאָגט: פֿאָלקס־שטים איז גאָט׳ס שטים“.

„וואָקס פּאָפּולי — וואָקס דעי“, — האָט מיין אייניקל אונ־טערגעכאַפּט.

„דאָס איז ניט נויטיק געווען“ — האָב איך צו אים אַ האָ־רעלע אין כעס געזאָגט — „מען וועט מיינען, אַז דו פֿאַרשטייסט ניט קיין לייטיין: מענטשן, וואָס פֿאַרשטייען אַ פֿרעמדן לשון (פֿון די חשוב׳ע) וואַרפֿן זיך ניט אַרום מיט פֿראַזן, דערהויפּט מיט אַזעלכע, וואָס די גרעסטע עמי־הארצים, אפילו גאַזעטשיקעס, האָבן זיי כסדר אויפֿן שפּיץ פֿעדער; פֿראַזן, וואָס געפֿינען זיך אין אַלע

ווערטער-ביכער אין פיר-הויז, אדער אין געהעפט הינטן... האסט מיר שוין גאר צעטומלט די רעיונות. וואס האב איך געוואלט זאגן?"

— איר האט גערעדט וועגן אייער טאבאקערקע׳ס יחוס, — האט דער גאסט אונטערגעכאפט.

„יע, יע!" — האב איך זיך אפגערופן — וואס איך מיין ארויסצוברייננגען איז, אז נאך אלע מעשות איז דער יחוס בכלל— איך מיין ביי ניט-טאבאקערקעס אויך — א זאך, וואס שטיצט זיך ניט מער ווי אויף איר אפשטאמונג, אויף דעם וואס דער שלשלת-היוחסין איז באקאנט; מען איז צופרידן עס צו וויסן, און דאן מאכט שוין ניט אוים וואס דער יחסן גופא איז פוסט. וואס איז די נפקא-מינה? איז ער אליין פוסט, האט מען אים שטענדיק גע-האלטן אנגעפילט, זיינען די פיינסטע פינגער צו אים געקראכן, איז ער אויף די הענט ארומגעטראגן געווארן דורך דורות און דורות...

— הערט די היינטיקע אידישיסטן, — האט ער מיך אונ-טערגעבראכן, — איז לשון קודש אזא מיוחס... ביי זיי קומט אוים, אז העברעאיש, דאס הייסט לשון קודש, איז שוין לאנג ניט מער ווי א פוסטער יחסן, וואס געוויסע אלטמאדישע טאבאק-שמע-קער פילן אן מיט עפעס פון צייט צו צייט, מיט עפעס אזוינס וואס מער ווי בטלנים דארפן עס ניט.. זיי האלטן, אז די העברעאישע שפראך איז ניט מער ווי א מיוחסת, א טאבאק-פושקע מימות עולם ושנים קדמוניות.

— דאס הייסט, — שטעל איך ווידער אריין א ווארט, — אז צום היינטיקן לעבן טויגן ניט פארצייטיקע חפצים, סיי אין דעם פרט פון לשונות, סיי אין אנדערע זאכן. אבער די, וואס זאגן עס, זיינען אין טעות. נאך וועגן דעם איז היינט ניט די צייט צו ריידן.

— און מכח מיין שיר?

„וועגן דעם וועלן מיר אויך שפעטער ריידן... שפעטער.. אן אנ-דערש מאל. עס איז צו היים צום ארבעטן היינט, און מיר מוזן אייער שיר גוט באטראכטן.

ער איז אוועק. מיין אייניקל האט אויף אים שטארק רחמנות געהאט. פאר וואס — ווייס איך ניט. וואס איז די איילעניש!

## פּרץ און זרח*)

„זיידע, מען שפּילט...“

איך האָב אים ניט געלאָזט אויסריידן. ניט מחמת איך בין א שטיקל רעדנער, אָדער, חלילה, א רוסישער צענזאָר, אָדער א ציוסקער אידענע, אָדער א טשערמאַן, ביי וועלכן דער לענדלאָרד איז שוין געווען דריי מאָל נאָך רענט, אָדער אזוי גלאַט א שליח-צבור פאַר אַלע, וואָס האָבן א צונג אין מויל, א מענטש, וואָס האַלט, אז וואָס איינער זאָל ניט האָבן צו זאָגן קען ער, דער מענטש, דאָס אויסדריקן בעסער, דייטלאַכער, געהויבלטער. ניין. אין האָב אים איבערגעהאַקט אין מיטן, דאָס הייסט, אין אָנהויב, איינפאַך דערפאַר ווייל ער איז אריינגעלאָפן צו מיר מיט אזא האַסט, אזוי ווי די הויז וואָלט געברענט, אָדער ער וואָלט פּלוצלונג דערהערט שופר-משיח.

אין מיינע יאָרן האָט אפילו א געוויינטלאַכער מענטש פיינט איילעניש, א פּשיטא שוין א פילאָזאָף און דערצו נאָך א מינסקער, און דערצו נאָך א מענטש, וואָס איז גרוי און אַלט געוואָרן ארום אידישע ארבעטער, געדולדיקע אידישע ארבעטער, וועלכע לעבן אויף דעם פּרינציפּ, אז דעם שלים-מזל פאַרזאַמט מען ניט און נאָך גליקן יאָגט זיך א סוחר. איבערהויפּט הערט מען זיך אויף צו איילן אויף דער עלטער, ווען צום לויפן פעלן געזונטע פיס, און צום עסן גיך — אַלע ציינער, און צום צונויפברייינגען א בארג מיט א בארג — די איינבילדונגס-קראַפט פון דעם תרגום שני, אָדער פון אן אַמעריקאַנישן רעפּאָרטער, אָדער פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, אָדער פון שלומיאל דעם ליגנער, אָדער פון קעלמער מגיד; בקיצור,

*) 1906.

מען איילט זיך ניט מער, און מען דערלעבט די לעצטע עטלאכע יאָר לאנגזאם ווי אַן אָרים בחור דערעסט דאָס לעצטע שטיקל פיינקוכן, ווי מען דערלייענט די לעצטע ציילן פון אַ בריוו, וועלכן מען קריגט פון אַ געליבטער, ווי מען לייענט דעם לעצטן קאַפּיטל פון אַן אמת גוט ראָמאַן, בשעת מען פילט, אַז באַלד קומט דער סוף פון דער מעשה, פון דעם בריוו, פון דעם פיינקוכן, פון דעם לעבן, פון אַלץ. און מען לעבט לאנגזאם און מען שלאָפט ווייניקער, ווייל עס ווילט זיך וואָס מער פילן דאָס לעבן, די וועלט, די באַוועגונג אַרום און אַרום, און מען לעבט ציילנדיק די סעקונדן, ציילנדיק יעדן האַרץ־שלאָג און די סעקונדן מיט דעם קליפּ־קלאַפּ פון דעם האַרצן. זיי זיינען פיל אין צאָל, זייער פיל, און די טעג זעען אויס לענגער, און די עטלאכע איבערגעבליבענע יאָרן שטעלן פאַר אַ גרויסע לאנגע צוקונפט אויף דער וועלט און דער מלאך־המות איז נאָך זייער, זייער ווייט, און לאנגזאם געניסט מען דאָס לעבן און, לעבנ־דיק, לאכט מען פון טויט.

אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? יאָ, קעגן דעם, וואָס מיין איי־ניקל איז אריינגעלאָפן אין אַזאַ איילעניש, וואָס דערפאַר האָב איך אים אָפּגעשטעלט איידער ער האָט געהאַט צייט צו ענדיקן זיין מאמר.

מיר זיינען אין קאָפּ אַרומגעגאַנגען אַלערליי רעיונות. צייטנ־ווייז האָב איך צופיל געדאַנקען אין מוח, און איך קען זיי קיינמאָל ניט האַלטן אין אָרדענונג; זיי שפּרינגען אַרום ווי חסידים ביים דאַווענען, שטויסנדיק איינער דעם אַנדערן, און איין געדאַנק פאַלט אַריבער דעם צווייטן ווי די כוואַליעס אין אַ שטורמישן ים, וועל־כע פאַרפּלייצן איינע די צווייטע, אַזוי ווי קעמפנדיק פאַרן פּלאַץ, פונקט ווי פּושקאַרט־לייטע אין העסטער סטריט. אָ, ווי אָפט האָט זיך מיר געוואָלט מאַכן מיינע געדאַנקען פאַר פּרייסישע אונ־טערטאַנען, און זיי אָפּגעבן אויף דריי יאָר פאַר סאָלדאַטן, און זיי לאָזן דיסציפּלינירן אין סלוזשבע, און זיי אויסלערנען צו מאַרשירן מיט אַ טאַקט, און זיי איינגעוואוינען אַרויסצוקומען אויף קאָמאַנ־דע פון אַ געדרילטן פעלדפעבל־שכל און צוריקגיין אין קאַזאַרמע,

ווען מען דארף זיי, די געדאנקען, ניט מער: ווען עס קומט, א שטייגער, די צייט צו דאווענען אָדער צו לעזען א שונד-ראָמאַן, אָדער צו זען „בלימעלע" אין אידישן טעאטער — אלץ זאכן, צו וועלכע מען דארף וואָס ווייניקער דיינקען און וואָס מער זיין א דראגון, אָדער א דעמב, אָדער אַזוי גלאַט א נאַר.

„זיידע, מען שפּילט..."

ווער שפּילט? וואָס שפּילט? ווער האָט געטראכט פון שפּילן? מיר האָט געדרייט דער מוח וועגן אן אנדער זאך.

איך האָב פילאָזאָפירט. דאָס וואָלט געווען א נאטירלאכע זאך: א בארבער בארבירט, א ראבי ראבירט און א פילאָזאָף פי־לאָזאָפירט. ארום דעם וואָלט ניט געווען וואָס צו ריידן. דאָס איז פון די זאכן, אויף וועלכע דער טייטש זאָגט „זעלבסטפארשטענד־לאכע" און דער איד—פטור־נו. וואונדערבאר איז נאָר דערביי געווען, וואָס איך האָב גע.פּשט'עלט ווי אן איינוואוינער פון ראַ־מאַילע'ס ישיבה אין ווילנא, וועלכער האָט צו ווייניק טעג צום עסן און צו פיל נעכט צום שלאָפן; וועלכער קלערט מיט א ניגון און דערזינגט וואָס ער קלערט ניט; וועלכער הרג'עט פּסוקים, כדי זיי ווידער צו מאכן לעבעדיק, און מאטערט ווערטער, כדי זיי נאכהער פריש און געזונט צו מאכן.

איך האָב פילאָזאָפירט. מיך האָט געקוועלט א שטיקעלע חומש. מיר איז געווען קשה די מעשה מיט יהודה און תמר און זייער זיווג און זייער צווילינג. מיר איז די מעשה געוועזן הארב אפילו אינגלווייז, ווען איך האָב דעם ערשטן מאָל וועגן איר גע־הערט אין חדר. בשעת דער רבי האָט וועגן דעם געקווענקלט, זיך ווערגנדיק מיט די ווערטער און ארבעטנדיק מיט אלע קרעפטן, אז איך זאָל דעם עסק וואָס דייטלאכער ניט פארשטיין. וואָס איז דאָס פאר א מין כאנדריאָנע? האָב איך ביי זיך געפרעגט, און וואָלט ווארשיינלאך געפרעגט דעם רבי'ן אויך, ווען זיין ראפּניק וואָלט ניט געלעגן אויפן טיש און זיין האנט נאָנט צום ראפּניק, און מיין רוקן נאָנט צו זיין האנט, און מיין מויל א גוטער פריינט פון מיין רוקן. וואָס האָט דאָס צו באטייטן? א איד א בעל-הבית,

מיט א פערטל אין גאס, מיט דערוואקסענע קינדער, מיט א טאטן, וועלכער האט אפגענארט א שווער און גובר געווען א מלאך, מיט א ברודער אין מצרים אין דער הויכער נאטשאלסטווא זאל חתונה האבן (אן א רב און אן א מסדר קדושין) מיט א שנור און זאל מיט איר האבן א צווילינג. וואו איז דאס געהערט געווארן? און דאס זאל פארקומען ניט אין א פראנצויזישן ראמאן (אי, איך האב דע־מאלט פון אזא קלאנג ניט געוואוסט? נו, אויף א מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט: דאס איז דער פונדאמענט פון יעדער אמונה,— אלזא, ניט אין א פראנצויזישן ראמאן), נאר אין דער הייליקער תורה! ניין, דאס שיקט זיך ניט.

מיט יארן שפעטער האב איך געפונען שיינע עטלאכע אנדערע זאכן, וועלכע האבן זיך ניט געשיקט, אבער ארום דעם וועל איך איצט ניט ריידן. וואס איך בין דא אויסן, איז צו זאגן, אז אין דער צייט ווען מיין אייניקל איז ארייגנעקומען, איז מיר יענעם שטיקל חומש ארומגעגאנגען אין מוח און ביי מיר האט זיך אויפ־געלייגט אזא פלאן:

אפשר איז די מעשה מיט יהודה'ן און זיין שנור־ווייב תמר און זיינע צווילינגס־קינדער פרץ און זרח אינגאנצן א משל ? אזוי ווי איוב, וועלכער, לויט ווי אימיצער אין דער גמרא וויל האבן, האט גאר ניט עקזיסטירט (איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה).

אפשר איז דאס געווען א משל קעגן דעם, וואס מען רופט היינטיקע צייטן דעם נייעם גייסט, דעם גייסט פון רעוואלוציע און אויפקלערונג, וועלכער איז א צווילינגס־דערשיינונג פון **פרץ**, דעם פורץ־גדר, דעם רעוואלוציאנער, דעם באהנברעכער, ווי די טייטשן זאגן, און **זרח**, דעם שיין, דאס אויפגייענדיקע ליכט, דעם מזרח־השמש, דער אויפקלערונג?

אפשר... אפשר איז יהודה גאר ניט יהודה, זאנדערן דער יהודי, דער איד; און תמר ניט קיין קיין יונגע ווייבל, נאר די יוגנט, די פרישע, די בליענדיקע יוגנט, און זייער אומגעזעצלאכער זיווג א מין אלעגארישע פארשטעלונג פון דעם אלטן אידנטום (אלעגארישע... אידנטום — מינסק לאז מיך ריידן! גם עליך

יעבער כוס, דו וועסט אמאָל אויך פּאַרטייטשט ווערן, אלזאָ, פון דעם אלטן אידנטום), וועלכער ווערט „איין פלייש" מיט דער נייער צייט, און פון דעם זיווג קומט ארויס אַ צווילינג... א. א. וו.

געמאַטערט, זאָגט מיין אייניקל.

אפשר איז ער גערעכט. אָבער וואָס איז דאָס גאַנצע אידישע לעבן ווען ניט איין לאַנגער, געמאַטערטער פּשט'ל? וואָס איז דאָס לעבן פון אַ אידישן שרייבער ווען ניט אַ „בתמיה", וועלכער זינגט זיך אויס אַט-אַזוי:

אין פלוג איז דאָך אַ קשיא, צו וואָס טויג אים דאָס שרייבן? ז ע ל ט - ע ם אַנדערש זיין, אַז וואָס? אַז ער וויל געלט? אַז ער וויל ג-ע-עלט? טו פאַרוואָס מאַכט ער ניט אַ קרעמל פון ביי־נער און קאָדרעס? פון ביי-איי-איי-נער א־ון קאָ־אָ־דרעס? אלא וואָס־זשע דען? אים גלוסט זיך צו האָבן כבוד? כ־אָ־אָבוד? טו קען ער דאָך ווערן אַ גבאי אין אַ שול, אין אַ שו־ו-ו-ל! מיז איך דאָך זאָגן.... אַז וואָס? אַז ער וויל האָבן עולם-הבא? טו וואָס־זשע שרייבט ער ניט ספרים, שאלות־ותשובות, פלפולים, הדרנ'ס, דרוש און פטפוטי דאורייתא אנשטאָט זיך צו ברעכן דעם מוח איבער ביכלאָך און צייטונגען, וואָס אין זיי איז ניטאָ ניט קיין עולם־הזה און ניט קיין עולם-הבא?

דאָ וואָלט אַ גוי, להבדיל, גענומען אַ שטריק, וואָלט אים ארומגעדרייט ארום האַלז, וואָלט ארויסגעשטעקט די צונג און וואָלט געשטאָרבן אָן ווידוי. אַ איד אָבער נעמט דעם גראָבן פינ־גער, דרייט אים אויס ווי אַ כפרה־הינדל, פאַרקאַרטשעט דעם שטערן און ענדיקט מיט דער נחמה, אַז ו י ש ל י ש ב ב ד ו ח ק; דאָס הייסט, מען קען געפינען אַ ג ע מ א ט ע ר ט ן תירוץ.

און טו אים וואָס!

אַ אידישער שרייבער! פרעגט דעם מלאך דומה, ווי אַזוינער קומט אריין אין קבר; פרעגט די ווערים וואָס פאַר אַ מאָלצייט זיי האָבן פון זיין גוף; פרעגט די חברה קדישא וואָס פאַר אַ שנאַפּס זיי טרינקען נאָך זיין לויה; פרעגט די קברנים ווי ברייט זיי מאַכן זיין אייביקע בעט; פרעגט דעם רובל, דעם שילינג, דעם דאָלאַר

ווי לאַנג האָט געוויינטלאַך אָנגעהאַלטן זייער אינטימע באַקאַנט־שאַפט מיט אים; פרעגט דעם גביר ווי ער האָט אים אויפגענומען, און דעם אָרימאַן ווי ער האָט אים אָנגעזען; פרעגט זיין אלמנה, צי ער איז געווען פיל בעסער ווי א האָלץ-האַקער; פרעגט זיינע יתומים, צי פאַר זיי וואָלט ניט געווען גלייכער, ווען דער טאַטע וואָלט געהיט פלוצערן; פרעגט וועמען איר ווילט, און מען וועט אייך אויסלאַכן.

פרעגט אָבער אים אַליין, וועט ער זיך א קראַץ טאָן הינטער דער לינקער פאה און וועט זאָגן: קשה, אמת עס איז טאַקע א הארבע קשיא, א קלאָץ־קשיא, אָבער... ויש לישב בדוחק.

וואָס זאָגסטו, מיין איניקל, געמאַטערט? נו, יע, און דאָ פאַלט מיר איין, אז... קאָפּ, גיב שכל. מען דאַרף דאָ ריידן מיט א טאָלק!

אין וואַרשע, וואו מען מאַכט אָפט א שיינעם לחיים, ווען אימיצער שטאַרבט, און עפּטער א זויערע מינע, ווען אימיצער ווערט געבוירן; וואו דער אָרימער איד איז אין גלות ביים רייכן, און דער רייכער ביים פּאַלאַק, און דער פּאַלאַק ביים פּאָניע, און דער פּאָניע ביי נאַטשאַלסטווא; וואו די מיידלאַך זיינען שיין און די חסידים האָבן אויגן און דער רבונו של עולם איז ניט אזא מקפּיד ווי אין דער ליטאַ; וואו... וואו א שרייבער, וועלכער קריכט אראָפּ פון וועג, דערלאַנגט א קירעווע צוריק און הויבט אָן פון דאָס־ניי און זאָגט:

אין וואַרשע האָבן זיך מענטשן דאָ ניט לאַנג דערמאָנט, אז צווישן זיי געפינט זיך א מענטשלאַכער שפּרודל־ברונעם, א אידי־שער היינע, א מכשף וואָס קען מאַכן גאָלד פון זאַמד און פּערל פון שטיינדלאַך, און מוזיק פון ווערטער, און בילדער פון אַלץ, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין אויג.

זיי האָבן זיך דערמאָנט, אז צווישן זיי לעבט און שרייבט שוין א פערטל יאָרהונדערט א מאַן, וועלכער לאַכט פון זיי מיט טרערן אין די אויגן און וויינט פאַר זיי מיט האָפענונג אין האַרצן; וועלכער פאַרשטייט זייער זיפץ, און דיסטילירט זייערע טרערן,

און פאַרעדלט זייער שפּראַך, און דריקט אויס זייערע געדאַנקען א מאַן, וועלכער איז זייער שפּיגל אין זיינע סקיצן, זייער טרייסט אין זיינע געדיכטן, זייער געוויסן, זייער מוח און זייער האַרץ, זייער צירונג אין דערהיים און זייער ערע אין דער פרעמד.

זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן די טויזנטער גליקלאַכע מינוטן, וועלכע דער מאַן האָט זיי פאַרשאַפט. ער, דער מחבר פון „באַנ־טשע שווייג", דער דיכטער פון „מאָניש", דער פאַרפאַסער פון אַזעלכע קונציקע און דאָך אומגעקינסטלטע פּאָעזיען ווי „פעטער עשו", פּאָעזיען, וועלכע זיינען אַזוי פּראָסט, אַזוי ווייניק פּאָלירט, אַזוי משה-חיימ'דיק, אַז יעדער מיינט אַז ער וואָלט דאָס אויך גע־קענט, אפשר זאָגאַר בעסער געקענט, אָבער וועלכע מען קען אַזוי ווייניק נאָכמאַכן ווי מען קען מיט דער העכסטער קונסט אין דער וועלט ניט נאָכמאַכן דער איינפאַכער מענטשלאַכער שטימע אָדער דעם פּראָסטן, אָבער נאַטירלאַכן גראָז אויף דער ערד.

זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן אים און זיי פייערן זיין זילבערנע האָכצייט, דאָס הייסט, דעם טאָג, ווען זיין טאַלאַנט האָט חתונה געהאַט מיט דער אידישער ליטעראַטור, דער אָרימער, פאַראַכטע־טער פאַרוואָרלאָזטער אידישער ליטעראַטור.

זיי האָבן זיך דערמאָנט און זיי פייערן דעם 25-יאָריקן יובי־ליי פון י. ל. פּרץ...

פּרץ... פּרץ... פּרץ! אָה, איצט ווערט מיר דער גאַנצער עסק קלאָר. איצט פאַרשטיי איך, וואָרום מיר האָט זיך אַרומגע־דרייט אין מוח די גאַנצע וואָך די מעשה מיט יהודה'ס צווילינג.

פּרץ דאָס איז פּרץ, און זרח איז אויך פּרץ, און דער צווילינג איז א צוויי־אייניקייט (ווי א צוויי־דריטלדיקער קריסט וואָלט גע־זאָגט), ווייל פּרץ און זרח איז א י י ן מענטש, — איין מענטש מיט א דאָפּלטער עובדא פאַר זיך: דורכצוברעכן א נייעם וועג און צו ברייננגען ליכט און שיין אין דער וועלט.

און פיליכט אַליין ניט ריכטיק פאַרשטייענדיק וואָס זיי טוען; פיליכט ניט פאַרשטייענדיק, אַז די זריעה, וואָס ער האָט געזייט, וועט טראָגן פיל פיינערע, פיל עדלערע פרוכט ווי די, אויף וועלכע

זיי האָבן ווען־עס־איז געמאַכט שחיתנו; פילייכט ניט באַגרייפנ־דיק פול און גאַנץ, וואָס פאַר אַ באַדייטונג דער מאַן האָט פאַר דער צוקונפט פון דעם אידישן פאָלק — פייערן זיי זיין יובילייע, זיי, וועלכע וואָלטן גאָרניט געמערקט, אַז ער איז אַוועק פון דער וועלט, ווען ער וואָלט אונטער זייערע נעזער געשטאָרבן פאַר הונגער מיט 10 יאָר צוריק.

כמעט ווי דער וועלט אויף להכעיס האָט ער דערלעבט צו האָבן אַ זילבערנע האָכצייט, און איצט קומען אַלע צום מזל־טוב.

ווייסט איר, קינדער, ווען איך וואָלט געווען אין וואַרשע, וואָלט איך דאַרטן אויך געווען, אַלט ווי איך בין.

„זיידע, מען שפּילט אין אידישן טעאַ—...“

— אַן אַנדערס מאָל, מיין קינד.



# דער דייטשע אחר*)

## 1846 — 5 פעברואר — 1906.

זיי האָבן געוואָלט שפּילן אלישע בן אבויה.

עס איז געווען צו-ענד דער צווייטער אקט. אויף דער בינע איז געוואָרן טונקלער, אין דעם אוידיטאָריום — ליכטיקער...

האַלט! פאַלט אייך ניט איין, אַז אין די טעאַטערע, פונקט אַזוי ווי אין קירכן (אונטערן צלם אָדער אונטערן מגן־דוד, דאָס איז גאַנץ גלייך, אין אַמעריקאַ גאַנצער און גלייכער ווי אומעטום...) דאַרף מען, ווייזט אויס, טונקלקייט ביים פּובליקום אַזוי לאַנג ווי די פאָרשטעלונג גייט אָן אויף דער סצענע, אָדער אויף דער קאַנצל, אָדער אויף דער בימה? פאַלט אייך ניט איין, אַז די געוויינטלאַכע קאָמעדיאַנטן, אַזוי ווי די וואָס טראָגן די שוואַרצע קיטלען מיט ווייסע האַלזקעס, שיינען אַלץ מער און ווערן געהערט אַלץ בעסער, און פאַרשטעלן זיך אַלץ קונציקער און ברייינגען אַרויס וואָס מען רופט די „אילוזיע" אַלץ פאָלקאָמענער—וואָס מער דער עולם איז אין דער פינסטער? פאַלט אייך דאָס ווען־עס־איז איין? אויב ניט, לייענט דאָס וואָס איר האָט נאָר־וואָס געלייענט, נאָר מיט מער קאָפּ, נאָך אַמאָל; אויב יאָ, האָט אויף מיר קיין פאַראיבל ניט; איך בין אַלט, מיין ראיה איז אַביסעלע מטושטש און מיר ווערט וואָס אַ יאָר אַלץ שווערער און שווערער צו זען אייער שכל, אייער כוח-השגה, אפילו אייער אַמעריקאַנישע סמאַרטקייט...

לאָמיר גיין ווייטער.

עס איז געווען צו־ענד דער צווייטער אַקט. אויף דער בינע,

---

*) „צוקונפט", פעברואַר 1906.

מחשבות'ן! בינע און בימה כמעט דער זעלביקער וואָרט... אלזאָ, אויף דער בינע איז געוואָרן טונקלער, אין דעם אודיטאָריום — ליכטיקער, מען האָט אפּלאָדירט — מאַנכע אויפריכטיק; אנדערע, ווייל דאָס בעט זיך עפּעס אזוי; ווידער אנדערע, ווייל זיי זיינען ניט קיין אריסטאָקראַטן. אריסטאָקראַטן אפּלאָדירן זעלטן, מחמת זיי זיינען געווען אין פּאַריז, — אלזאָ, דער עולם האָט אפּלאָדירט; די אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך געמאַטערט צו שפּילן אלישע בן אבויה, האָבן „עמפּפאַנגען" די אפּלאָדיסמענטן, ווי דער ליטוויש-שער פּויער „עמפּפאַנגט" ערם פּסח דעם אָפּגעקויפטן חמץ, האָבנדיק אין הארצן אַ חשד, אז דער איד מולירט אים, מחמת ער, דער גוי, זעט ניט איין פּאַר וואָסערע מעשים טובים אים קומט אזא ווילדע מציאה, אלא-וואָס־דען, אז דער איד גיט — נעמט מען...

נאָך אמאָל: עס איז געווען צו־ענד דער צווייטער אַקט.

איך האָב געטראַכט: נו, מאי בהאי! אידישע אַקטיאָרן לערנען זיך אויס שפּילן זייערע ראָלען אין דער צייט, וואָס זיי שפּילן, דאָס הייסט, אין דער ערשטער צייט, ווי מגידים לערנען זיך אויס זייערע דרשות דרשנ'דיק, און מיידלאַך לערנען זיך אויס טאַנצן טאַנצנדיג, און געוועזענע יוניאָן-לייט לערנען זיך אויס סוועטן סוועטנדיק, וואָס דאָס קען מען זיך אַלץ דערלויבן, ווייל ארבעטער צאָלן גערן פאַר זייערע סוועטינג לעסאָנס, און יונגע־לייט צאָלן די כלי-זמרים פאַר די טענץ, און דער עולם איז ניט קיין מפונק אין דעם פּרט פון דרשות. און ביי אַקטיאָרן איז שפּילן גוט נים קיין חיוב, נים קיין מ ו ז. ניט קיין תנאי קודם למעשה, ווען דער טיקעט ווערט אייך אָנגעבאָטן.

הייסט עס, נעדולד! — האָב איך ביי זיך געטראַכט — זיי וועלן עס פּיליינכט נאָך גוט שפּילן, איבערהויפּט די ראָלע פון אלישע בן אבויה, ווייל.... אינגאַנצן האָבן זיי עס ביז יענעם אָוונט געהאַט געשפּילט אַ פּאָר מאָל...

און דאָ איז געשטאַנען דער מחבר אליין אין אַ ווינקעלע אין דער לאָזשע, אין באָקס (ווי מען רופט אויף ענגליש — דאָס און צוויי שאַק אנדערע זאַכן: פון אַ דייטשער אָהרפּייגע ביז אַן ענג־

לישן ווייהנאַכטסגעשענק). איז ער, הייסט עס, געשטאַנען לעבן מיר, שטאָלץ אויף זיין ווערק — און ער האָט געמעגט זיין שטאָלץ — אָבער אומצופרידן מיט דער אַרט און ווייזע, ווי אַזוי מען האָט עס דעם פּובליקום פאַרגעשטעלט. אַ שטייגער, ווי אַ שטאָלצער פאָטער פון אַ געראָטן קינד פילט זיך, ווען די ניאַנקע פירט דעם דאָזיקן געראָטענעם קינד אריין אין שטוב פול מיט געסט ניט אַרומ־געוואשן, ניט פארקעמט, אין צו קורצע מייטקעס, מיט לעכער אין די עלענבויגנס פון זיין רעקעלע, מיט שטויב אַרום די לעכער.

„פאַר וועמען האָסטו געמאַכט אָט־די פּיעסע?" — האָב איך אים געפרעגט, ווייל איך האָב פארשטאַנען זיין, שטאָלץ און זיין שמערץ און האָב געזען, אַז דאָס פּובליקום האָט זיך גענומען צו אַנדערע זאַכן — צווישן די אַקטן רעדט מען ביי אונז ניט וועגן דער פּיעסע, ווייל דאָס טוט מען די גאַנצע צייט בעת מען שפּילט; אַפילו די קינדער ווייגען וועגן אַנדערע ענינים צווישן די אַקטן — אַז דאָס פּובליקום, אַלזאָ, האָט זיך פארטאָן מיט אַנדערע זאַכן און האָט פּילייכט ניט פארשטאַנען די וואונדערבאַרע שטיקל אַרבעט, פון וועלכע זיי האָבן געזען די ערשטע העלפט. ניט ווילנ־דיק האָט מען אויף דעם אופן געפרעגט: פאַר וועמען האָט ער דידאָזיקע פּיעסע געמאַכט.

— „פאַר זיך" — האָט ער געענטפערט.

**
*

הערסטו? פאַר זיך! אַזוי וואָלט געענטפערט אַלישע אַליין!; און אַזוי וואָלט געענטפערט יעדער איינציקער פון די גרויסע פיגורן אין דער וועלט־געשיכטע, וואָס האָבן ניט באַלאַנגט צו די מאַסן נ אָ כ ש ל ע פּ ע ר ס, נאָר צו די ווייניקע פאָר־גייערס; אַזוי וואָלט געענטפערט יעדער באַקאַנטער רעבעל אין דער וועלט, יעדער מיאַטעזשניק געגן די אָפּגעשטאָרבענע, אָבער נאָך ניט־באַגראָבענע אַלטע אמונות, אידייען און אינסטיטוציעס, וואָס זייערע נבלות, זייערע זעלבלאָזע טויטע קערפּערס ליגן אין

וועג, שטערן דעם פּראָגרעס, גיבן פון זיך אָפּ אַ פּאַרפּעסטנדיקן גערוך און — וואָס איז שרעקלאַכער, ערגער פון אַלץ געפינען פאַר זיך פילע מאמינים, אָנהענגער און אונטערשטיצער, ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס זיי זיינען ניט מער ווי טויטע ניט־באַגראָבענע נבלות...

פאַר זיך ! אָבער ניט אויף טרייטל'ס שטיינער, ניט מחמת אים קימערט ניט פאַר אַלע אַנדערע מענטשן, ניט מחמת ער לעבט פאַר זיך, פאַר זיין בויך, פאַר זיין מאָגן אַליין. אָ, ניין ! זיין פאַר זיך האָט צו באַטייטן, די זונ'ס פאַר־זיך, ווען זי גייט אויף און הויבט אָן צו לייכטן ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס אַלע מענטשן שלאָפן נאָך, און ניט געגוג, וואָס זייערע פאַרמאַכטע אויגן באַדאַרפן דאָן ניט קיין ליכט, איז דער זונענשיין זאָגאַר אַ שטער פאַר זיי ; ער לאָזט זיי ניט שלאָפן און וואָלט זיי אינגאַנצן אויפגעוועקט ווען ניט די שווערע רעליגיעזע גאַרדינען, די שוואַרצע, די פיין-געוועבטע גאַרדינען ; ווען ניט די געזעצ־לאַכע גראָבע לאָדנס מיט'ן אייזערנעם שטאַנג אויף זייערע רוקנס מיט דער לאָך, וואָס זעט אויס ווי אַ האַרץ — אין דעם פעקל קאַרטן — אין מיטן, אַריינצולאָזן אין דער פרי אַזוי פיל ליכט וויפיל דער הייליקער שלאָף קען פאַרטראָגן.

פאַר זיך ! קאָלאָמבוס קלערט אַז עס איז דאָ ערגעץ אַ נייע וועלט, ער לאָזט זיך אַוועק אָט-די וועלט צו געפינען, ער טוט דאָס געגן די „עטאַבלירטע" עפנטלאַכע מיינונג, ער טוט דאָס פאַר זיך אַליין, ווייל ער פילט אין זיין מוח און אין זיין האַרצן איז פאַראַן אַ דראַנג דערצו, ווייל דאָס פאַרלאַנגט זיין געפיל פון זעלבסט־באַפרידיגונג, ווייל ער האָט ניט די געדולד צו וואַרטן ביז טעמעני־האַל וועט אַמאָל נאָך אים שיקן אַ שיף קיין שפּאַניע...

און איך אַלטער בין אוועק אהיים און האָב געטראַכט, פיל געטראַכט, דאַנקענדיק גאָט, וואָס עס איז שוין זייער שפּעט און אַ פאַרטראַכטער אַלטער מאַן, מיט אַ ראיה, וואָס איז שוין מטושטש, דאַרף זיך ניט מער היטן פאַר קאַרס, פאַר אויטאָמאָ־

בילס, פּאר פערד, פּאר בייסיקלס, פּאר קינדער אויף רעדלאך; קען גיין און ניט ניזק ווערן אין גאַס.

און שלאָפן האָב איך זיך געלייגט מיט אָט־די געדאַנקען:

אלישע בן אבויה, דאָס איז דער אמת'ער, דער גרויסער, דער אייביקער רעבעל, דאָס איז ער, וואָס רעבעלירט ניט נאָר געגן אַלץ, וואָס האָט זיך איבערגעלעבט און דאַרף צוריק ווערן שטויב, נאָר אויך געגן דאָס ניי־געבאָרענע, ווען אים דוכט זיך, אַז דאָס קינד איז געראָטן אין זיינע עלטערן, אַז דאָס, וואָס קומט, זעט אויס כמעט פּונקט ווי דאָס, וואָס עס גייט אוועק צו זיין אייביקער רו; אַז דער מאָרגן איז ניט בעסער ווי דער נעכטן.

אלישע מעג זיך זיין אין טעות, אָבער ער ווערט זיך געגן דער אַלטער אידישקייט און געגן דעם נייעם קריסטנטום; געגן יע־נער, ווייל זי זאָגט צום שכל, ווי אַמאָל יהושע צו דער זון: שטעל זיך אָפּ און בלייב שטיין דאָ אין גבעון; און ער ווערט זיך אויך געגן דער גוי'אישקייט, ווייל אים שיינט, אַז ווען זי וועט אויסוואקסן, וועט זי ניט זיין בעסער ווי די מאַמע; וועט אויך וועלן אָפּשטעלן דעם פרייען לויף פון דעם פרייען גייסט, דעם פרייען געדאַנק, די פרייע מענטשנווירדיקע שפּראַך.

און מיט אָט־די געדאַנקען האָב איך איינגעדרעמלט.



און פאַר מיינע אויגן איז פאָרגעגאַנגען אַ וואונדערבאַרע זאַך.

גאָרדין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אלישע בן אבויה און אלישע בן אבויה איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

און ווי פון דער ערד האָט זיך אויפגעהויבן אַ באַקאַנטע אַלטע פיגור, מיט שניי־ווייסע האָר, אין שווארצע קליידער.

שטאָלץ, בקומה זקופה, איז ער געשטאַנען אין מיין צימער, קיין זאַך ניט בעטנדיק, גאָרנישט זאָגנדיק, אָבער מיט טראָץ אין זיין פּנים, מיט אַ בליק אין די אויגן, וועלכער פאַראַכטעט

די פורכט; וועלכער קימערט זיך ניט וועגן די צאָל און מאכט פון דער גאנצער פארשקלאפטער, פארדומטער, פארפירטער מענטשהייט — ער איינער געגן א וועלט.

און אין דעם פינסטערן צימער איז מיט אמאָל ליכטיק גע־וואָרן אין איין אָרט, דאָרטן וואו ער איז געשטאנען.

און איבער מיין קאָפּ האָט זיך עמיצער איינגעבויגן און האָט געזאָגט:

זעסטו דעם גרייז-גרויען יונגנמאן?

דאָס איז די רעבעליאָן מגולגל געוואָרן אין א מאנספּיל א טייטש.

דו האָסט געהערט פון פארשיידענע פּערזאָנען, וועלכע די נייע גאולה האָט אין צייט פון הונדערט יאָר ארויסגעבראכט. ער איז עטוואָס פון זיי אלעמען, אָבער ניט ווי קיינער פון זיי. ער איז אן אנדערער. פאר פילע איז ער א נייער א ח ר.

סען סימאָן איז געווען א נביא, ראָבערט אָוען איז געווען א „באהנברעכער", קארל מארקס איז געווען א גרויסער לערער, לאסאל דער גרויסער אגיטאטאָר און פילע אנדערע לעבן נאָך און קעמפן פאר פרייהייט און ליכט.

ער איז ניט ווי זיי: ער איז אן אנדערער.

ער איז א רעבעליאָן בצורת אדם, אָבער ניט דאָס אליין.

ער איז אויך מסירת נפש בצורת אדם, ער איז דער העלדנ-מוט, וועלכער איז ווי די רעבעליאָן, מגולגל געוואָרן אָט אין דעם זעלביקן שניי־ווייסן יונגן מאן.

הער וואָס איך וועל דיר זאָגן:

פילע האָבן פאר דער פרייהייט מקריב געווען זייער לעבן אין די לעצטע פופציק יאָר.

פילע — מענער און פרויען, ערטערווייז זאָגאר קינדער — האָבן אוועקגעגעבן זייער פרייהייט, זייער וואוילטאָג, זייער פא-מיליע, זייער קאריערע, זייער ליבע און זייער לעבן פאר זייער אידעאל.

מענטשן וועלן ערן זייער אנדענקען אזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירן אַ מענטשהייט.

אָבער די וועגן, וועלכע פירן צו דער לויה, צום עשאַפאָט, צום לעבעדיקן קבר אין דעם קאַזעמאַט, אין סיביר — אָט־די וועגן זיינען פאַרשיידן.

דער אַרויסגאַנג פון דעם גרעסטן העלד האָט געקענט זיין אַמביציע, פרויענליבע, אַ היציקע מינוט, לייכטזיניקייט, זאָגאַר שוואַכקייט, וואָס צוליב איר ווערט מען אַמאָל מיטגעשלעפּט אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם און אַרויפגעשלעפּט אויף די באַריקאַדן, אַליין ניט וויסנדיק ווי אַזוי מען איז אַהין געקומען. אויף די אַלע אופנים האָט זיך געקענט אָנהויבן די גלאָררייכסטע העלדנ־ראָלע אין דער וועלט־געשיכטע.

וואָלט דערדאָזיקער העלד, וואָלט יענער העלד אַרויסגעגאַנ־גען אויף זיין רעוואָלוציאָנערן וועג, ווען ער וואָלט געקענט פאַר־אויסזען דעם סוף? ווען אים וואָלט גלייך ביים ערשטן אַרויספאָר מענגלאך געווען צו זען — באספקלריה המאירה*) — דעם סוף און די תליה צום סוף? וואָלט ער געגאַנגען צו דער תליה אַ צווייטן מאָל?

אין פילע פאַלן ווייסט מען אויף זיכער, אַז דאָס וואָלט אַזוי געווען. אין די מערסטע ווייסט מען דאָס ניט.

אָבער וואָלט דער, וואָס איז געשטאָרבן אַ העלדישן טויט, געהאַט דעם מוט צו שטאַרבן ביסלאַכווייז?

וואָלט ער געהאַט דעם מוט אַרויסצוגיין פון איין טורמע און, גלייך שטעלנדיק זיין פרייהייט, זיין קאָמפאָרט, זיין געזונט אין סאַך, נעמען אַזוי אַרבעטן, אַז ער זאָל באַלד פון דאָס ניי גיין אין געפענגנים?

און אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל ביז אין די צענדליקע אַריין, ביז אַ טייל פון זיין לעבן ווערט אָפּגעלעבט אין טורמעס הינטערן שלאָס און ריגל; ביז ער און די ליכטיקע זון ווערן

---

*) אינם ליכטיקן שפיגל.

ווייטע באַקאַנטע ; ביז ער און זײַן פֿאַמיליע ווערן פֿרעמדע ; ביז ער הערט אויף אונטערשיידן די ענגע צעלע פֿון דער ווייטער וועלט ; ביז ער ווערט צואַגעוואוינט צו זײַן ביי דער פֿרייהייט עפעס נאָר אַזוי ווי אויף אָפּגעלעגער, ווייל זײַן אמת'ע דירה איז אין אַסטראָג.

אָט דאָס איז אַ טייל פֿון דער לעבנס־געשיכטע פֿון דעם שטאָלצן, שניי־ווייסן, גרייז־גרויליכן יונגלינג לעבן דיר.

אָבער ניט דער וויכטיקסטער טייל.

ער איז די רעבעליאָן.

ער האָט רעבעלירט ניט אַליין געגן זײַנע אונטערדריקער, געגן די מאַכטהאָבער, געגן די פֿיינט פֿון ליכט און פֿרייהייט, פֿון בילדונג און גערעכטיגקייט.

ער האָט אויך רעבעלירט געגן זײַנע חברים, ווייל אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיי גייען אין פֿאַלשע וועגן.

האָט מען אים אַרײַנגעלייגט אין חרם, האָט מען אים אַרויס־געוואָרפֿן פֿונ'ם כּלל, האָט מען זיך פֿון אים אָפּגעזאָגט, האָט מען פֿון אים אַוועקגענומען דעם טיטל „רבי“, איז ער געוואָרן פֿאַר אַלעמען א ח ר, אַן אַנדערער, אַן אָפּטריניקער, אַ כּופֿר בעיקר, אַ פֿאַרשאָלטענער.

און דער רעבעלגייסט איז פֿאָרט געבליבן דער פֿירערדיקער.

האָט ער פֿאָרטגעזעצט דעם קרוישקען זיך פֿון טורמע צו טורמע, פֿון איין מדינה צו דער אַנדערער, ביז אַרום אים האָט זיך געבילדעט אַ נײַע פּאַרטיי, אַ נײַע גרופּע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר פֿרייע, פֿאַראַורטיילס־פֿרייע, פֿריידענ־קענדיקע מענטשן.

האָבן אַפֿילו פֿילע פֿון זיי אים ניט פֿאַרשטאַנען.

***

אחר אין זײַן פֿאָטערלאַנד, אחר אין זײַן אַמאָליקער פּאַרטיי, אחר אַפֿילו ביי פֿילע פֿון זײַנע איצטיקע.

און אַזוי, אין פֿאַרלויף פֿון פֿערציק יאָר, איז ער זיך צוועלף

יאָר אָפּגעזעסן אין אַלערליי טורמעס; האָט מען אים פאַרפאָלגט און געטריבן; האָט מען אויף אים גערייצט אַלערליי הינט; האָט מען אים געזידלט אין אַלע שפּראַכן; האָט מען אים באַליידיגט דער מיט נידערטרעכטיקע באַשולדיקונגען, יענער מיט נאָך נידערטרעכטיקערע ענטשולדיקונגען — אַ שטייגער, ער, נעבאַך, איר ווייסט דאָך... פון צרות, נו, פּאַסירט עס... מען דאַרף האָבן איינזעעניש...

יעדער לומפּיקער זשורנאַליסט האָט געהאַלטן זיין נאָמען פאַר אַ הפקר־נאָמען, זיין כאַראַקטער פאַר אַ געזעצלאַכן ציל פון שמוץ־קוילן, זיין האַרץ פאַר דעם האַרץ פון אַ בעסטיע, וועלכע מען מעג דורכלעכערן אויף טויט, פאַרוואונדן מיט גיפטיקע פיילן.

און ער האָט זיך ניט אַרומגעקוקט ניט רעכטס, ניט לינקס; ער איז געגאַנגען זיין וועג, — ער, דער רעבעל, דער אייביקער רעבעל!

און אַזוי איז ער היינט אַלט געוואָרן זעכציק יאָר, דער אָרימער — רייכער; געפאַלענער — שטאָלצער — אַלטער — יונגער; אומפאַרשטאַנענער — פּאָפּולערער; שניי־ווייסער — בלוט־רויטער; דייטשער — אינטערנאַציאָנאַלער; שוואַכלאַכער — מעכטיקער מאַן!

*****

די שטים איז שטיל געוואָרן.

איך האָב אים געוואָלט דערלאַנגען די האַנט. ער איז געוועזן פאַרשוואונדן.

אויף זיין אָרט איז פאַר מיר ווידער געוועזן אלישע בן אבויה, דער אַנדער אַנדערער.

אָבער הייליק בלייבט דער פּלאַץ, וואו עס איז געשטאַנען דער ד י י ט ש ע ר א ח ר — יאָהאַן מאָסט.

# איבסן, לעבן און טויט *)

„זיידע, ער איז טויט!"

מיט די דאָזיקע ווערטער; פּראָסט, ניט געהובלט און ניט לאַקירט; אַרויסגערעדט האַסטיק, אָן אַ היימיש-אידישע הקדמה, אָן אַ מרה־שחורה'דיקער מינע ווי עס פּירט זיך, ניט אַראָפּלאָזנדיק אַביסעלע דאָס קול, אָן אַ שום קלער צו טאָן, אַז דער זיידע אַליין איז שוין פיל־פיל ווייטער פון דער וויגעלע ווי פונם קבר, פונם וויקל-שנור ווי פון די אייביקע קליידער, פון דעם אָנגעשלאָגענעם שיר-המעלות ווי פונם געזאָגטן גאַנצן תהילים, — מיט די דאָזיקע ווערטער, הייסט עס, קומט אייערנעכטן מיין אייניקל צו מיר. ביי אונז אין דער ליטא, זאָגט מען אָן אייִדעלער אפילו די בשורה ווענן אַ פאַרבלאָנזשעטער ציג, אָדער ווענן דעם מגיד'ס שבת'דיקן קאַפּעלוש, וועלכן אַ ווינט האָט אַוועקגעטראָגן (אַ ווינט מעג טראָגן אום שבת), אָדער ווענן אַ פּסול-געוואָרענעם עירוב.

„זיידע", זאָגט ער, „ער איז טויט!"

„טויט?"—פרעג איך—„ווער איז טויט?"

„ער", מאַכט ער, „איבסען, הענריך איבסען".

איך רוף זיך אָפּ און זאָג צו אים:

„קינד, דו רעדסט ווי די אינגלאַך, וועלכע פאַרקויפן די ציי־טונגען... אַ שטייגער: הענדיק איבסען טויט! עקסטראַ־אַ־אַ!! וועלכע... וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?"

„זיידע, קיינער האָט ניט געשריען, קיין שום אינגל ניט, קיינער ניט".

„גערעכט, מיין קינד, דו ביסט גערעכט... האָב פאַרגעסן,

---

*) „וואָרהייהט", 26טן מאַי 1926

דאָ מאכט מען פון איבסענ'ס טויט ניט פיל מער וועזן ווי פון זיין לעבן, דאָ איז מען איצט צו שטארק פארטאָן מיט וויכטיקערע זאכן: אן איטאַליענישער מאָרד-פראָצעס, אן אמעריקאנער בייזבאָל-שפּיל וכדומה. הייסט עס, דו ביסט גערעכט... אָבער ווען דו קומסט און זאָגסט: איבסען איז טויט, רעדסטו נארישקייטן, מחמת...

„איך ווייס, מחמת ער איז אומשטערבלאך, וועסטו זאָגן..."

„אפשר אויך, אָבער ניט איצט. ווי גיט מען דיר דאָס צו פארשטיין? אָט הער:

„איבסען, וואָס הייסט איבסען? וואָס האָט ער צו באטייטן פאר אונז? וואָס שטעלן מיר זיך פאָר, ווען מיר דערמאָנען זיין נאָמען? ניט, דאכט זיך, גלאט א בשר־ודם, וועלכער עסט און טרינקט און שלאָפט, און טוט זיך אָן, און טוט זיך איבער, און טוט זיך אויס, און גייט און שטייט, און רעדט און ענטפערט, און האָט דעם ליב און יענעם פיינט און אזוי ווייטער?

„אין דעם פרט איז ער א מענטש מיט אַלעמען צוגלייך און אלס פראָסטער בשר־ודם אינטערעסירט ער זיינע קרובים, זיין פאַמיליע, זיין קצב, זיין שניידער, זיינע משרתים, אַלעמען מער ווי אונז. האָט ער געלעבט—האָבן זיי פון אים וואָס געהאט, איז ער געשטאָרבן—באוויינען זיי ווער א גוטן בעל־הבית, ווער א גוטן קונד, ווער א גוטן קרוב, א טאטן, א ברודער, א שוואָגער, א פעטער, א זיידן...

„פאר אונז האָט ער אין דעם פרט קיינמאָל ניט געלעבט; פאר אונז איז ער דערפאר איצט ניט געשטאָרבן.

„פאר אונז האָט אָבער יאָ געלעבט א מאן מיט דעם נאָמען איבסען, וועלכער האָט רייכער געמאכט דעם אוצר פון גרויסע, אייביקע ווערק מיט א צענדליק נייע פיעסן. דער דאָזיקער איבסען איז ניט געבוירן געוואָרן, ווי מען זאָגט, מיט אכט-און-זיבציק יאָר צוריק און איז ניט איצט ערשט געשטאָרבן...

„האָב געדולד, ווער איך מיך פארשטיין.

„איידער ער איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז הייַנט אין אונזערע געדאנקען, אזוי ווי ער שטייט פאר אונזערע אויגן, אזוי ווי

מיר זעען אים אין זיינע שריפטן — איידער ער איז דאָס געוואָרן איז פאַרגאַנגען אַ לאַנגע צייט. דער מענטש איבסען, וועלכער האָט פאַר אונז קיינמאָל ניט געלעבט, איז זיך געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 1828. דער שרייבער איבסען, דער וואָס האָט יאָ געלעבט אַ פּאָר אונז, אַ פּאָר פיל קומנדיקע דורות, אפשר אויף אימער און אייביק, — דער איבסען איז געבוירן געוואָרן לאַנגזאַם אין צייט פון פיר צענדליק יאָר, איז דערשינען אויף דער ליטעראַרישער וועלט-בינע ערשט אין די 70־ער יאָרן, בעת ער האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשטע גרויסע סאָציאַלע דראַמע. ער איז ערשט דאַן ענדלאַך געבוירן געוואָרן, ערשט דאַן האָט די וועלט (און דאָס אויך ניט די גאַנצע!) געקראָגן צו וויסן, אַז אַ נייער ליכטיקער שטערן האָט זיך באַוויזן אויפן הימל; ערשט דאַן האָט פון ווייטן דער 27טער יאָר־הונדערט צוגעווינקט צום נייצענטן אַ דאַנקבאַרן מזל־טוב און — לאָמיך דאָ גלייך ניט פאַרגעסן צו זאָגן — און דער נייצנטער האָט גראַטולירט דעם זיבן-און-צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דערמיט, וואָס ער וועט בעסער און אַלגעמיינער פאַרשיין די גרויסע נאַר־וואָס גע־בוירענע קראַפט ווי ער, דער נייצנטער.

„און גענוי אַזוי, מיין ליבער אייניקל, ווי איבסען, אונזער איבסען, דער וועלט-מענטש איבסען, איז ערשט געבוירן געוואָרן, ענדלאַך און פאָלקאָמען, אין די 70־ער יאָרן, אַזוי איז ער אויך גע־שטאָרבן שוין מיט אַ יאָר זיבן צוריק, דעם טאָג, ווען זיין לעצט ווערק איז געענדיקט געוואָרן.

„און ריכטיק האָט ער זיין לעצטע דראַמע גערופן „ווען מיר טויטע שטייען אויף תחית-המתים", מחמת איבסען דער טוער, דער שרייבער, דער לערער, דער נביא און דער פּאָעט איז געשטאָרבן פאַר דער וועלט דעם אויגנבליק, ווען פון זיין פעדער איז אַרויס דער לעצטער בוכשטאַב פון דעם לעצטן וואָרט, פון דער לעצטער סצענע פון זיין לעצטער פּיעסע.

„פון דאַן אָן האָט ער נאָר עקזיסטירט, אָבער ניט געלעבט, און דערפאַר האָט ער אין זיין לעצטן ווערק נאָר געקענט ריידן וועגן דעם לעבן ענטוועדער אַלס אַ פאַרגאַנגענע זאַך, אָדער אַלס אַ צו־

קינפּטיקע זאַך, ענטוועדער אַלס איינער וואָס האָט אויפגהערט צו לעבן, אָדער אַלס אַזעלכער וואָס וואַרט אויף אַ תחית־המתים.

„ווען מיר טויטע דערוואַכן", האָט ער געזאָגט און האָט אוועק־געלייגט די פעדער. דאַן האָט ער אַרויסגעבלאָזן דעם גייסט, דעם באַלעבנדיקן און באַשאַפנדיקן גייסט, און האָט אָנגעהויבן צו שטאַרבן. דאָס האָט געדויערט אַ יאָר זיבן און איצט איז ער אינ־גאַנצן אויסגעגאַנגען.

„הייסט עס, פון די 78 יאָר, וואָס ער האָט צוגעבראַכט אויף דער וועלט, האָט אים גענומען 30 ביז 40 יאָר געבוירן צו ווערן, אַ יאָר 7 צו שטאַרבן און דאָס איבעריקע האָט ער געלעבט.

„דאָס ביסל יאָרן, אָבער, האָט ער אמת געלעבט!

„אין דעם ביסל יאָרן האָט ער, מיט זיין גרויסן מוח, מיט זיין שאַרפער פעדער, מיט זיין ליבפול האַרץ געווירקט און געקעמפט אויף אַזאַ מין אופן, אַז זיינע ווערק און זיינע קאַמפן האָבן געמאַכט אַ רושם אויף דער וועלט־געשיכטע.

„ער האָט צעגלידערט אונזער פאַמיליען־לעבן, ער האָט אויפ־געוויזן אַלע מומים, אַלע פאַרפוילטע שטעלן, יעדע נגע־צרעת אויף דעם געזעלשאַפטלאַכן קערפּער. ער האָט נאָכאַנאַנד געקעמפט פאַר פרייהייט און רעכט, ער האָט דאָס געטאָן אויפווייזנדיק טיראַניי און אומרעכט דאָרטן, וואו געוויינטלאַך זוכט זיי קיינער ניט: אין דער פאַמיליע, זאָגאַר אין דער „ליבע", זאָגאַר אין ערטער, וואו זיי, די טיראַניי און דאָס אומרעכט, ווערן פּראַקטיצירט לשם שמים, וועגן טובת־הכלל, צוליב געוויסע פּרינציפּן.

„ער האָט באַקעמפט דעם ליגן, באַווייזנדיק ווי שעדלאַך דער ליגן איז ניט נאָר פאַר דעם, וועלכער ליידט דורך אים, נאָר אויך פאַר דעם, וועמען עס נוצט אים אויס; ער האָט געוויזן, ווי געפער־לאַך עס איז צו וואוינען אין אַ בנין, וועלכער איז געבויט געוואָרן אויף אַ ליגן אַלס זיין פונדאַמענט.

„און ווי ער האָט דאָס געוויזן, אַזוי האָט ער אויך געוויזן, אַז יעדער פאַרברעכן קעגן דער נאַטור, קעגן די אייביקע נאַטור־געזעצן רופט זיך אָפּ אויף קינדער און קינדס־קינדער, „על שלשים ועל

רבעים", און האָט אונז געלאָזט דערפון לערנען דעם מוסר השכל, אז פרייהייט גלאַט אין דער וועלט אריין, ניט אכטנדיק ווי זי באַרירט אנדערע, קען ווערן א שעדלאכע זאך, ווי דער האמער, וועלכער איז נוצלאך ביים בויען און פאבריצירן, ווערט שעדלאך ביים ברעכן מוחות אין די הענט פון א מטורף.

„אָבער פאר דער אמת'ער פרייהייט האָט ער דערפאר געקעמפט מיט זיין גאנצן זשעניע.

„און ער איז געוואָרן דער שליח־צבור פון דער פרוי פאר דעם כסא־הכבוד פון איר מאיעסטעט די גערעכטיקייט. שארפער, קלאָרער, דייטלאכער, העכער ווי אנדערע, האָט ער פראָקלאמירט די איינפאכע ווארהייט, אז די פרוי איז טאקע א מאמע, א טאָכטער, א ווייב, א ברויט־פארדינערקע אָדער א ברויט־צעטיילערקע און נאָך אנדערע אזעלכע זאכן, אָבר אז זי, די פרוי, איז פריער פאר אלץ א מענטש!

„איך וואָלט קענען ריידן וועגן דעם... וואָס בורבלסטו דאָרטן אונטערן נאָז? איך רייד עפעס גאָר סקלאדנע היינט? וואָרט, דו שיינעט, איך וועל זיך מיט דיר אָפרעכענען, אבער לאָמיך ענדיקן, ווייל איך ווער שוין מיד.

„נאָך איין וואָרט און גענוג:

„זיי זאָגן, ער איז טויט, די נארן! זיי פארשטייען ניט, וואָס ביי אזא ווי ער הייסט לעבן און טויט.

„געטהע, דער אומשטערבלאכער געטהע, כאָפ דיר אָן, איז געשטאָרבן א געלעבטער, ווייל ער האָט ביים לעבן געזען די פולע פרוכט פון זיין ארבעט, ווייל די, פאר וועלכע ער האָט געווירקט, האָבן אים פארשטאנען; די גרויסע מאסן, דער המון, דאגעגן, האָבן אים ניט אינטערעסירט. געטהע איז אין זיין צייט געווען ניט

ווייניקער, פּילייכט מער, געלעזן און פאַרשטאַנען ווי היינט.

„איבסען אָבער האָט אין דעם פּרט כמעט נאָך גאָר ניט גע־לעבט. ער הויבט ערשט אָן צו לעבן.

„דערפאַר איז אומזיסט צו זאָגן, ווי דו, מיין ליבער איייניקל, זאָגסט, אַז ער איז טויט. צי אַזוי צי אַנדערש, איז ער ניט איצט טויט, איז טויט ניט ע ר, נאָר א ו נ ז ע ר איבסען".



## נאַטור-געשיכטע : אַ דרשה פאַר פערד *)

אין מיין פעליעטאָן „זייגערל-פילאָזאָפיע" (4טער באנד, זייט 57) האָב איך געזאָגט, אַז יאָזש הייסט אויף דייטש אַ מויל־וואורף. דאָס איז ניט אמת. יאָזש הייסט גאָר אַן איגל, און וואָס די דייטשן רופן מוילוואורף איז אַ קראָט. איצט פאַרשטיי איך, ווי ליכט עס איז צו באַטריגן אידישע לעזער, און איך רעכן, אַז מיט אביסעלע חוצפה און מיט אַ פעדער אין האַנט וואָלט איך נאָך אפשר אמאָל קענען ווערן אַ שרייבער פון אַ פולק לעזער אַרום זיך, וואָס...

ווער ווייסט, צי דער קראָט האָט זיך ניט געפונען באַליידיקט דורך דעם, וואָס איך האָב אים גערופן יאָזש. איר דאַרפט וויסן, אַז דער קראָט איז דער דערפינדער פון אונטער-דער־ערדיקע סטראַ־יעניעס. ער האָט געמאַכט קליינע טונעלן אין דער ערד, ווען מען האָט נאָך אַרום אייזנבאַנען גאָר ניט געטראַכט און ווען די פערד (אין מאַנכע לענדער—די אָקסן און עזלען) האָבן נאָך געמיינט, אַז די וועלט קען זיך אָן זיי ניט רירן פון דאַנע אַהין... דער קראָט האָט פיינט דאָס ליכט, ער האָט פיינט די זון, און ער מיינט, אַז עס איז פינסטער און וועט אימער בלייבן פינסטער, ווייל ער ליגט אימער באַהאַלטן אין זיין נאָרע.

וואַרום איז אייגנטלאַך דער פערד אַזאַ יחסן ביי זיך? עזלען זעט מען אָפט אויך, וואָס האַלטן זיך גרויס, הגם זיי גייען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. ביי זיי אָבער איז דאָס ניט קיין אייגענע גאוה. אַזעלכע עזלען האַלטן זיך פאַר מיוחסים: איינער, ווייל שמשון האָט באַנוצט זיינעם אַן אור-אור-אור־אור־אור־אור עלטער זיידע'ס אַ

*) „אַרבעטער פריינד", לאָנדאָן, 11טן אָקטאָבער 1889.

באָק צו באַקעמפן די פּלשתים; און אַנדערער—ווייל זיינע אַ אור־אור־אור־אור־אור־אור עלטער־באָבע האָט, טראָגנדיק אויף זיך בלעמ'ען, גערעדט לשון־קודש ווידער און אַנדערער, מחמת ער קומט ארויס פון דעם עזל, וואָס דער קריסטלאַכער משיח איז אויף אים געריטן און וואָס אונזער משיח ו ו ע ט אויף אים קומען (איך גלויב, נעמלאָך, אַז דאָס איז דער זעלביקער עזל ביי זיי ביניהם און ביי אונז); אַנדערע עזלען קענט איר געפינען, וואָס האָבן און אַנדער מין יחוס, איבערהויפּט צווישן די צוויי־פיסיקע חמורים... דאָס איז אָבער אַלץ ניט קיין אייגענע גאוה. ביים פערד אָבער איז די מעשה אַנדערש. ער איז טאַקע שטאָלץ מיט זיך אַליין. איך פרעג נאָך אַמאָל: וואָרום איז דער פערד אַזאַ יחסן ביי זיך?

עס קען זיין, אַז דער פערדישער שטאָלץ איז אַזוי ווי דער מענטשלאַכער. מיט וואָס, למשל, שטאָלצירן די פעלקער? מערסטנס מיט דעם, וואָס זיי האַלטן זיך פאַר גרויסע קריגער; מיט דעם, וואָס זיי האָבן באַזיגט אַנדערע פעלקער, פאַרגיסנדיק טייכן בלוט, האָפנדיק, אַז זיי וועלן דאָס זעלביקע ווידער טאָן אין דער צוקונפט. אַזוי ווי דער פערד ווייסט, אַז ער שפּילט אין אַ מלחמה זייער אַ גרויסע ראָלע, האַלט ער זיך דערמיט אַזוי גרויס, ווי דער מענטש. איז דאָס אַ וואונדער? אָט גייען פאַרביי טויזנטער אָרימע אַרבעטער, פעק־טרעגער, הונגער־לײַדער, מכות־האָבער, זיי גייען פאַרביי אַ מאָנומענט פון גענעראַל וועלינגטאָן. ביטר ווי זיי איז, שטאָלצירן זיי דאָך דערמיט, וואָס דער גרויסער בלוט־פאַרגיסער, דער באַרימטער מענטשן־שוחט איז געווען זייערער אַ לאַנדסמאַן. קען איך דען פאַרדענקען דעם אָרימען פערד, וואָס גייט אויך פאַרביי, שלעפּנדיק אַ וואָגן מיט משא, — ווען ער קוקט אויף זיין לאַנדסמאַן (וועלינגטאָנ'ס פערד) און פילט זיך אויך שטאָלץ? אַ פערד איז אַ פערד, און אַ מענטש איז צייטנווייז אויך נישט מער...

און דאָך, ווען מען זאָל די זאַך גענוי איבערלייגן, איז די פערד, ווייניקסטנס די אַרבעטער־פערד, גאָר ניט אַזוי גוט, אַז זיי זאָלן, אַנשטאָט צו זוכן אַ פאַרבעסערונג אין זייער לאַגע, זיך איבערנעמען מיט זייערע ברידער'ס זיגן אין דער מלחמה. ווען איך

זע די פערד, וואָס זיינען משא־פירער (ליבער זעצער, מאַכט ניט קיין טעות־הדפוס אין דעם וואָרט; דרוקט „משא־פירער" און ניט „מאַסן-פירער", ווייל די דאָזיקע זיינען ניט קיין פערד, זיי זיינען געוויינטלאַך פוקסן). אַלזאָ, נאָך אַמאָל, ווען איך זע פערד, וואָס זיינען משא־פירער, וועלכע ווערן — ווי די ענגלאַנדער דריקן זיך אויס — איבערגעאַרבעט און אונטערגעפיטערט, וואונדער איך מיך: וואָרום זיי טוען ניט נאָך די מענטשן אין דעם פּרט פון סטרייקס, ווי זיי טוען זיי נאָך אין נאַציאָנאַל-שטאָלץ. אָה, ווי אינטערעסאַנט עס וואָלט געווען צו זען אַזאַ סטרייק! איך וואָלט זיי גערן געהאַלטן אַזאַ דרשה, ווי די פאָלגנדיקע, גלייך ביים ערשטן מיטינג. איך וואָלט געזאָגט:

„געערטע פערד און קליאַטשעס!

„אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך אונטערשטעל זיך צו קומען אייך „האַלטן אַ רעדע, זייענדיק אַ פרעמדער. איך ווייס, אַז ביי מענטשן, „למשל, איז אַ פרעמדער לעסטיק, אפילו ווען ער איז פריינטלאַך, „און אַזוי ווי איך בין ניט פון אייער נאַציאָנאַליטעט (ווער הירזשעט „דאָרטן?), קען זיין, אַז איר וועט אויף מיר קוקן קרום. איך זאָג „אייך, איך מיין אייער טובה. באַטראַכט, וואָס דאָ טוט זיך. איר, „ענגלישע פערד, האַלט זיך פאַר אַ גרויסער נאַציע. איר האָט „אַרויסגעגעבן אַזעלכע באַרימטהייטן, ווי דאָנאָוואַן, דעם צעסאַ-„רעוויטש, יושאַנט און הונדערט אַנדערע, וועלכע האָבן זיך דער־„וואָרבן אומשטערבלאַכן רום אויף די רייסעס. פון אייער ראַסע „שטאַמען די גרעסטע קריגס־העלדן, און איר זענט שטאָלץ דערמיט. „איך פרעג אייך אָבער: איז דאָס ריכטיק, אַז צוליב דעם, וואָס „איין דאָנאָוואַן זאָל זיך מאַכן אַ נאָמען און שטיין אין די צייטונגען „און לעבן אַ גוטן טאָג, אָדער צוליב אַן אַנדערן, וואָס ער ווערט באַ-„רימט אין דער וועלט-געשיכטע, אַלס אַ גרויסער שלאַכט־פערד — „אַז צוליב דעם, זאָג איך, זאָלט איר, איר, דער גרעסטער טייל פון „דער נאַציע, לעבן איינגעשפּאַנט אין יאָך אונטער אַ בייטש, אין „שמוציקע שטאַלן, אויף קנאַפּ האָבער און פאַרפוילטן היי? וואו „איז דער דאָקטאָר, וועלכער היילט אייך, ווען איר זענט קראַנק?

„וואו איז דער שטאַל-קנעכט, וואָס פוצט אייך? געערטע פערד
„און קליאַטשעס — איך זאָג אייך, איר זענט שקלאַפן! יאָ, שקלאַפן!
„צי איר זענט רייט-פערד אָדער לאַסט־פערד, שקלאַפן זענט איר
„אימער, איר, אייערע קליאַטשעס און אייערע זשערעבצעס! און
„ווער האַלט אייך אין יאָך? ניט דער מענטש: איר זענט שטאַר־
„קער פאַר אים—אייערע ווירקלאַכע אונטערדריקער זיינען אייערע
„אייגענע אריסטאָקראַטישע ברידער, די זעלביקע באַרימטע רייט-
„פערד און שלאַכט־פערד, מיט וועלכע איר נעמט זיך איבער. זיי
„פאַרבלענדן אייך די אויגן מיט זייער רום און איר זעט ניט אייער
„שלעכטע לאַגע און דאַדורך העלפן זיי דעם שוואַכן מענטשן אייך
„האַלטן אין יאָך. ביי די מענטשן איז אויך דאָס נעמלאַכע, אָבער
„זייערע לאַסט-טרעגער הויבן זיך אָן צו פאַראייניקן, זיי קומען
„צום שכל. זייט-זשע איר אויך קיין פערד ניט. אָמן“.



## קלאָר און דייטלאך *)

איך האָב געוואָלט זאָגן:

אַ פאַרדולטער אירלאַנדער איז אַמאָל, רייטנדיק אויף אַ פערד איבער דער מדינה, אַריינגעקראָכן אין אַ זומפּ און האָט בשום אופן ניט געקענט אַרויסקריכן. דער זומפּ איז געווען זייער טיף און די בלאָטע זייער ווייך און וואָס אַ מינוט לענגער, איז דער רייטער אַריין אַלץ טיפער און טיפער אין בלאָטע. צום גליק איז ווער עס איז פאַרבייגעפאָרן אויף דעם פעסטן שטיק לאַנד לעבן דעם זומפּ. זעענדיק, אַז אַ מענטש שטעקט ביז'ן דריטן קנעפּל פון זיין וועסט אין דעם זומפּ, האָט ער צו אים צוגעשריען, ער זאָל אָננעמען זיין האַנד, אום אים אַרויסצושלעפּן פון אומגליקלאַכער לאַגע. דער פאַרדולטער, אָבער, האָט יענעם אָנגעקוקט ווי משוגע און האָט, האַלב אין כעס, געענטפערט:

„איך באַדאַרף ניט אייער הילף — איך האָב אונטער זיך איינעם פון די בעסטע פערד אין אירלאַנד".

און ער איז געבליבן אין זומפּ.

***

דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן און נאָך עטוואָס דערצו. ווי איר זעט, האָב איך דעם „דאָס" געזאָגט און דער „נאָך עטוואָס דערצו" וועט וואַרשיינלאַך אויך קומען. פאָרלויפיג מוז איך זיך אָבער אויף אַ ווייַלע אָפּשטעלן, ווייל איך מוז דייטלאַכער און קלערער און פאַרשטענדלאַכער דערציילן די זעלביקע מעשה מיט'ן

---

*) „אַרבעטער פריינד", לאָנדאָן, 10טער אָקטאָבער, 1890.

אירלאַנדער.

וואָס זאָגט איר ? די מעשה איז קלאָר גענוג? געווים, זי האָט זאָגאַר געקענט זיין נאָך קירצער און האָבן מער טעם. איך האָב, למשל, געקענט זיך אַזוי אויסדריקן:

„אַ פאַרדולטן אירלאַנדער האָט אמאָל איינער אַ פאַרביי־פאָרער געזען שטעקנדיק ביז'ן דריטן קנעפּל פון וועסט אין בלאָטע. „גיב אַ האַנט, איך וועל דיר אַרויסשלעפּן פון זומפּ" — האָט ער צו אים געזאָגט. — „איך באַדאַרף ניט אייער הילף", — האָט יענער געענטפערט, — „איך האָב אונטער זיך אַ פערד, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין אירלאַנד".

דאָס איז קירצער און בעסער, ווייל דאָס וואָס איך האָב אין דעם ערשטן נוסח דערציילט, אַז ער איז געריטן אויף אַ פערד און אַז איינער איז צוגעפאָרן און האָט אים דערזען און האָט צו אים געזאָגט א. אז. וו. — דאָס אַלץ קומט אין דעם צווייטן נוסח אַזוי, אַז דער לעזער פאַרשטייט דאָס, כאָטש דערצו זיי־נען גענוצט געוואָרן זייער ווייניק ווערטער. פונדעסטוועגן דאַרפט איר, ליבער לעזער, וויסן, אַז בעת איר זייט אַ חכם און פאַרשטייט פון אַ וואונק אַ וואָרט און פון אַ וואָרט אַן ענין, זיינען דאָ אַזעלכע לעזער (אַזוי הער איך), וואָס זיי מוז מען די ווערטער גוט צעקייען, פאַנאַנדערקוואַטשען און אַריינלייגן אין מויל. פון זייערטוועגן מוז מען זיך אַזוי אויסדריקן:

אַ פאַרדולטער (דאָס הייסט אַ צעטראָגענער, האַלב־צעמיש־טער) אירלאַנדער (אַ מענטש פון אירלאַנד, אַ מדינה, וועלכע איז אַן אינזל, וואָס געהערט צו ענגלאַנד, אָדער ריכטיקער, צו גרויס־בריטאַניען, דאָס הייסט צו ענגלאַנד, שאָטלאַנד און וויילס צו־זאַמען, אַלזאָ, אַ מענטש פון יענער מדינה) איז אמאָל (אמאָל, דאָס הייסט — ניט היינט) געריטן אויף אַ פערד (אַ פערד איז אַ בהמה אויף פיר פים און פים זיינען ניט הענט) און איז אַריינ־געקראָכן (מיט'ן פערד מיט אַלעמען) אין אַ זומפּ (וואָס דאָס איז אַ טיפע בלאָטע, אָפּטמאָל אַ ליימענע בלאָטע) בשעת ער איז געפאָרן (געפאָרן רייטנדיק, נאַטירלאַך) איבער דער מדינה (אי־

בער'ן לאַנד, איבער די קאַנטרי, וואָס דערמיט מיינט מען אין דער מדינה, מחמת אונטער דער מדינה פאַרט סאַי ווי סאַי קיי-נער ניט, ווייל די מתים, וועלכע געפינען זיך אונטער דער מדינה, זיי פאָרן ניט). און האָט בשום אופן ניט געקענט אַרויסקריכן (וועלכעס באַדייט, אַז ער האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט אַרויסקריכן; וואָס דאָס ליגן מיר צו פאַר יענע לעזער, וועלכע פאַרשטייען ניט קיין לשון־קודש און ווייסן ניט דעם טייטש פון די ווערטער בשום אופן).

כסדר אַזוי: אַ פאַרדולטער אירלאַנדער איז אַמאָל געריטן אויף אַ פערד און איז אַריינגעקראָכן אין אַ זומפּ, בשעת ער איז געפאָרן איבער דער מדינה, און האָט בשום אופן ניט געקענט אַרויסקריכן. — פאַרשטייען אַלע? אַלע! די קריטיקער אויך? אויך! נו, לאָמיר דערציילן ווייטער:

דער זומפּ (דאָס הייסט, די בלאָטע) איז געווען (פּיליי‏כט, דאָס הייסט, אפשר איז זי נאָך היינט אויך טיף און די בלאָטע (דאָס הייסט דער זומפּ) איז געווען זייער ווייך (וואָס דערמיט מיינט מען, אַז זי איז ניט געווען האַרט, ווייל האַרט איז דער היפּוך, דאָס הייסט, דער געגנטייל פון ווייך) און וואָס אַ מינוט לענגער (אַלע ווייסן, דאַכט זיך, וואָס אַ מינוט איז — זעכציק סעקונדן, רגעים; ווייניקסנטס זיינען אַזוי אַלע מענטשלאַכע מינוטן, ווייל דעם אויבערשטנס אַ מינוט איז 365 טויזנט מאָל אַזוי פיל, ווי ביי אונז, מחמת זיינער אַ טאָג איז אונזערע טויזנט יאָר, — אַלזאָ, וואָס אַ מינוט לענגער) איז ער (דער פאַר-דולטער אירלאַנדער) אַריין (דאָס הייסט, אַריינגעקראָכן) אַלץ טיפער און טיפער אין בלאָטע אַריין, אָדער ווי מען זאָגט אין זעזמער: אַריינגעט.

איבערגע'חזר'ט : — דער זומפּ איז געווען טיף און די בלאָטע איז געווען זייער ווייך און וואָס אַ מינוט לענגער, איז ער אַריינגעקראָכן אַלץ טיפער און טיפער אין בלאָטע אַריין (נוסח זעזמער: אַריינגעט). — פאַרשטייען איצט אַלע? אַלע!

דאָקטאָר אדלער אויך? אויך! דו, מיין אייניקל, אויך? פּטור, נו! גוט, איצט גייען מיר ווייטער.

גייען מיר? ניין, ברודער. איר מעגט זיך גייען אליין, איך האָב מער קיין כוח ניט. שרייבן קלאָר און דייטלאך און פאַר־שטענדלאך מעג זיין גוט פאַר געוויסע לעזער, אָבער דאָס קען אַ שרייבער אריינברייננגען פאַר דער צייט אין ד'רערד אריין. איך וויים (אָ, איך ווייס דאָס גאַנץ גוט!!), אַז געוויסע לעזער (און דאָס זיינען געוויינלאָך די שפּראַך־קריטיקער, די איבערגע־שפּיצטע) פאַרשטייען ניט, וואָס איינער, סיידן דער איינער איז איינער פון זיי אליין, שרייבט, אוואו ער טייטשט ניט אויס יעדעס וואָרט און חזר'ט עס ניט איבער וויניקסטנס צען מאָל (כנגד די עשר מכות פון מצרים — משמעות), אָבער, ליבע לעזער, מיינע עטלאָכע יאָר לעבן זיינען מיר טייער און איך זע ניט איין וואָ־רום איך זאָל מיך מוסר נפש זיין פון זייערטוועגן.

פונדעסטוועגן וועל איך דערציילן די מעשה מיט'ן אירלענ־דער נאָך אמאָל, ווען אויך אין קורצן, ווייל די מעשה האָט אין זיך אַ טיפן מוסר־השכל.

***

אין דער זעלביקער מדינה, נעמלאך אין אירלאַנד, איז דער עולם זיך מכין אויף אַ הונגער־יאָר. ארום דעם איז שוין פיל גע־רעדט און געשריבן געוואָרן. אייגנטלאך האָב איך זיך דעראינערט אָן דער מעשה מיטן פאַרדולטן טאַקע דורך דעם, וואָס איך האָב אין דער לעצטער צייט געהערט און געזעען. דער פויער זעט מיט זיינע אויגן, אַז עס ווערט פון טאָג צו טאָג רק פינסטערער און בי־טערער. עס קומט איצט צו אים אַ מענטש און זאָגט:

„פּעדדי, די ערד איז דיינע און די פּרוכט פון דער ערד איז דיינע. איך זע דיך פון יאָרן, זינקענדיק און זינקענדיק אלץ טיפער און טיפער אין דלות און אין נויט. הער־צו, פּעדדי, איך בין אַ פאַבריק־אַרבעטער; איך טראָג נאָך דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך אויף די שולטערן, אָבער איך האָב מיך באַפרייט פון זיין לערע,

פון זיין אמונה; בקיצור, איך בין ארויסגעקראָכן פון זיין זומפּ, וואו איך בין געווען פיליייכט אזוי טיף פארזונקען, ווי דו אין דעם לענדלאָרד'ס בלאָטע. נאָך האָב איך ניט קיין שטיוול אויף די פיס, אָבער שטיין שטיי איך גראד און גיי בקומה־זקופה; פעדדי, גיב מיר דיין האנט, איך וועל דיך ארויסשלעפּן, און דאן וועלן מיר גיין צוזאמען, און מיר וועלן באפרייען די וועלט פון לענדלאָרדס און פון געלט־לאָרדס, און דער גרינער אינזל וועט ניט מער מורא האָבן פאר פארפוילטע בולבעס, ווייל די וועלט איז גרויס און, ווען אלע מענטשן זיינען ברידער, הונגערן ניט מער איינצלנע פעלקער.

די האנט אהער! שנעל! א־ניט, פארזינקסטו אינגאנצן!

„איך באדארף ניט דיין הילף", שרייט דער פויער מיט כעס, „איך זיץ אויף דעם בעסטן פערד פון פארנעל'ס *) סטאדאָלע. גלעדסטאָן **) האָט אים געלויבט און דער פאבסט האָט אים גע־בענטשט און ער וועט מיך ארויסטראָגן!"

און ער פארגעסט, דער נאר, אז זיין פערד איז נאָך טיפער אין זומפּ, ווי ער אליין... און בלייבט שטעקן, וואו ער איז...

*
**

לאָמיר אוועקוואַרפן די אירלענדער. די צייטונגען שרייבן (און זייערע בייזע בשורות זיינען געוויינטלאך אמת), אז פאָניע האָט זיך שטארק פאנאנדערגעראזשעט. ווען איך זאָג „פאָניע", מיין איך ניקאָלאי'ס ליבן אייניקל ***). ער דריקט דעם אידן וואָס א טאָג מער, אלץ ערגער, אלץ אומבארמהערציקער. אָבער איז דעם אידן אליין אין רוסלאנד שלעכט? ניין. האָט מען דעם אידן אליין דאָרט פיינט? ניין. ווארום? ווייל ער האָט געלט. ער? ווער איז ער? ער טראָגט צווייערליי נעמען און צווייערליי געשטאלטן: צום מקנא זיין, צום האסן דערשיינט ער אלס הערר

*) אירלענדישער נאַציאָנאַלער פירער.

**) ענגלישער פרעמיער.

***) צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער.

מיליאָנער איזראַיל איסאַאַקאָוויטש אַבראַמאָוו; צום פאַרפאָלגן אָבער און צום שלאָגן איז ער דער אָרימאַן, דער בעל־מלאכה, דער זאַק־טרעגער — ישראל'קע זשיד, און טאַקע ניט אין רוסלאַנד אליין, נאָר אומעטום. מען איז אומעטום מקנא דעם הערן אַבראַמאָוו, אומעטום פאַרפאָלגט מען ישראל'עקן.

איצט קומט צו אים אַ מאַן און זאָגט:

ישראל'יק ברודער, דיין לאַגע איז אַ שרעקלאַכע. דו האָסט דאָפּלטע ליידן, אַלס אַרבעטער און אַלס איד'ל. אַלס אַרבעטער ווערסטו פאַרמוטשעט, און אַלס איד'ל ביסטו פאַרהאַסט. איזראַיל איסאַאַקאָוויטש האָט געזינדיקט און דו ווערפּט באַשטראָפט, ער ווערט רייך און דו ליידסט דערפון; ער באַנוצט צום האַבעוועץ זיין שווינדל־מוח, און קריגן קלעפּ קריגט דיין בוקל, ישראל'יק. יאָ, ברודער! ווען יענער עסט זיך איבער, טוט דיר ווי דער בויך, און דיינע ציינער ווערן אייליק, ווייל ער שטאָפּט אָן זיין מויל מיט זיסקייטן. ניט נאָר דו אַרבעטסט, כדי ער זאָל אַלץ האָבן; דו אַר־בעטסט, ברודער'ל, כדי ער זאָל אַלץ האָבן און מען זאָל נאָך דיך אַליין דערפאַר שלאָגן. פאַרשטייסטו דאָס אַליין ניט? און דאָך זע איך דיך, זינקענדיק טיפער און טיפער אין דעם נאַציאָנאַלן זומפּ, אין דער הייליקער ארץ־ישראל בלאָטע, און דו מערקסט ניט, אַז דו קענסט איינגיכן זיין איבער די אויערן אין קויט. ישראל'יק, גיב מיר דיין האַנט!

איך בין דיין ברודער, ווייל איך געהער צו דיין ראַסע!

איך בין דיין ברודער, ווייל איך בין דיין ליידנס־גענאָסע!

איך בין דיין ברודער, ווייל איך בין אַ ברודער צו אַלע מענטשן פון אַלע ראַסן, ישראל'יק!

הער־צו! עס קומט אַ נייע צייט. די מענטשן האַלטן ביים ווערןווירקלאַך פאַראייניקטע פאַמיליען; די פאַמיליען פאַראיי־ניקן זיך אין ווירקלאַכע פעלקער; די פעלקער גיבן זיך די הענט און זיי ווערן אַ פאַראייניקטע מענטשהייט. מען הויבט אָן צו פאַר־שטיין, אַז דער גרונד פון אַלע קנאות־שנאות צווישן מענטשן, פאַ־

מיליעס און פעלקער איז דאָס געלט, און די ארבעטער פון אלע לענדער נעמען זיך אָפּשאַפן דאָס, וואָס מען רופט אייגנטום.

ישראל'יק, גיב מיר דיין האנט, איך וועל דיך ארויסשלעפּן פון דעם דאָזיקן זומפּ, ווייל דו וועסט אין אים דערשטיקט ווערן.

„איך באַדאַרף ניט דיין הילף", זאָגט דער פאַרדולטער איד'ל, „איך זיץ אויף א פערד, וועלכער איז גרויס און שטארק, א פערד, וואָס קיין אַראַבער האָט אזעלכן ניט, און מיין פערד הייסט פּאַלעסטיניזם, און ער וועט מיך ארויסטראָגן".

— אָבער, — זאָגט דער מאַן צו אים, — דיין פערד ליגט נאָך מיט א קלאַפּטער טיפער אין שמוץ, ווי דו אליין. דיין פערד איז אויסערדעם א גלגול פון יענעם אכצן-הונדערט-יאָריקן אייזל, וועלכער ברייננגט רק משיח'ן, דיין דערלייזער, און משיח איז פונדעסטוועגן רק ניטאָ און ניטאָ. דיין געבילדעטער פערד איז ניט בעסער, ווי דיין עלטער-זיידנ'ס פרומער אייזל, און ווי יענער האָט ניט געבראַכט דעם גואל, אזוי וועט דער דאָזיקער ניט ברייננגען די גאולה. גיב מיר די האנט, ישראל'יק! ארויס פון זומפּ!

ער הערט ניט און בלייבט אין זומפּ, אָבער בלייבן טאָר ער דאָרטן ניט, אזוי ווי פעדדי טאָר דאָרטן ניט בלייבן.

מען מוז זיי ארויסשלעפּן איבערגוואַלד,—זיי און אלע אומגליקלאַכע, וועלכע האָבן, חוץ די ארבעטער-ליידן, ספּעציעלע ראַסן-ליידן.

## רעפאָרמירטע נעזער *)

מיין אייניקל איז היינט נעקומען פון שול מיט א וויכטיס שטיקל נייס. ווי זיינער א חבר האָט איס נעזאָנט, האָט יענעמס א פריינט נעהערט, אז זיין פאָטער האָט נעלעזן אין א צייטונג, אז אין אמעריקא האָט זיך נעפונען א מענטש, א חכם, וועלכער זאָנט, אז ער קען איבערמאַכן נעזער. א וואונדערבארע מדינה, אמעריקא! זי, די מוזינקע פון דער וועלט, (ניט רעכנענדיק די „בייבי" אויסטראַליע) ווערט פון טאָג צו טאָג קליגער איידער פרוי אייראָפּא—איר מאַמע, איידער פרוי אזיא—איר באָבע, און וואַקסט ווי אויף הייוון. זי טראַכט אויס יעדן ליבן טאָג אַן אַנדער שטיקל נייס! א נערעטעניש, ווי איר זעט מיך א אידן!

איין טאָג האָט זי זיך נעכאַפּט, אז דעם מענטשנ'ס אויערן טויגן ניט. „לאַנגע אויערן", האָט זי נעזאָנט, „זיינען דאָ פיל, אָבער פון ווייטן קענען זיי ניט הערן. זי האָט זיך נענומען צו דער אַרבעט און האָט אויסנעטראַכט א טעלעפאָן. דערמיט איז זי נאָך אָבער ניט צופרידן נעווען. „דער מענטש", האָט זי נעזאָנט, „האָט אפילו זייער א לאַנגן צונג, צייטנווייז, און זייער א גרויסן מויל, אָבער דאָס, וואָס ער רעדט, הערט זיך נאָר בשעת ער רעדט און ניט מער". זי האָט זיך ווידער נענומען צו דער אַרבעט און עס איז נעוואָרן א פאָנאָגראַף.

היינט נעמט זי זיך צו די נעזער.

***

ווי מיין אייניקל זאָנט, איז דער פּלאַן ניט צו מאַכן, אז נעזער

---

*) „אַרבעטער פריינד", לאָנדאָן, 31טן אָקטאָבער, 1890.

זאָלן קענען בעסער דערשמעקן (אין דעם פּרט דאַרף יענקי־גנב קיין בעסערן נאָז ניט, ווי ער האָט), זאָנדערן אַז נעזער זאָלן האָבן מער חן. דער נאָז־רעפאָרמער זאָגט, אַז ער קען מאַכן פּלאַטשיקע נעזער בולט און צו־אַרויסגעשטאַרטשעטע — פלאַכער; אַז ער קען לאַנגע נעזער מאַכן קורץ און קורצע לענגלאַך; אַז ער קען מאַכן שפּיציקע נעזער פאַררונדעט און נעזער, וועלכע זעען אויס ווי געשאָבענע בולבעס, אַביסל צונעשפּיצט; אַז ער קען מאַכן ברייטע נעזער שמעלער און שמאָלע — ברייטלאַך; אַז ער קען מאַכן חלב־בלייכע נעזער רויטלאַך און רויטע נעזער בלאַסער. בקיצור, ער קען מאַכן פון אייער נאָז, וואָס איר ווילט אַליין, אַזאַ מין מכשף איז ער אייך.

***

איך ווייס ניט, צי איר האָט געהערט פון קלעאָפּאַטרע'ס נאָז און פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטנ'ס נאָז און פון פיל אַנדערע באַרימטע היסטאָרישע נעזער, אָבער איך האָב אין דעם אויגנבליק וועגן זיי געטראַכט. נאַפּאָלעאָן, למשל, האָט איבער געקליבן מענטשן מיט גרויסע, לאַנגע נעזער פאַר גענעראַלן, און האָט איבערהויפּט ליב געהאַט אַ מענטשן מיט אַ לאַנגן נאָז. פון הערצאָג אַלבאַ'ס נאָז האָט איר געוויס געהערט — נו, אָט־אַזאַ נאָז איז ביי אים געווען אַ גרויסער נושא־חן: עס קען זיין, אַז ער, נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט געוואָלט פירן די מענטשהייט פאַרן נאָז, האָט דערפאַר ליב געהאַט אַזעלכע נעזער, וועלכע מען קען באַקוועמער אָננעמען מיט דער האַנט.

***

דאָן זיינען מיר אַרויפגעקומען אויף די געדאַנקען פיל פון מיינע באַקאַנטע ענגלישע אידן, — אידן, וואָס יאָ מענטש, ניט מענטש איז ביי זיי אַ קליינקייט, די הויפּטזאַך איז אויסזען ווי ענגלענדער, און וואָס דערצו שטערט זיי זייער אומגליקלאַכער נאָז. וואָס פאַר אַן אייגנס מיט געלט דער אַמעריקאַנישער נאָז־רעפאָרמער וואָלט געמאַכט אין דער איינער מזרח־וואַנט פון בייזוואָטער־סינאַגאָגע! דען איר מוזט וויסן, אַז כאָטש די אידישע אַריסטאָ־

קראַטן זיינען אין שול אידן, ווילן זיי אין אַלע אַנדערע ערטער זיין ריינע דזשאָן-בולסקע ענגלענדער, און זייער הויקערדיקער לאַנגער נאָז מאַכט זיי נעבאַך אָן גרויסע ענוים. די באַקנבאַרדן, די שפּיציר-סע, געשנירעוועטע שטיוול, די קליידער, די רייד — אַלץ איז ענג-ליש, חוץ דעם נאָז, אַ קאַטער אויף אים!

ווי איר זעט, האָב איך זיך דורך מיין אייניקל׳ס שטיק נייס שטאַרק פאַרטראַכט אַרום נעזער. איר וועט מיר פּילייכט ניט גלויבן, אָבער איך זאָג אייך, איך האָב אָנגעהויבן צו קלערן, אַז ווען דער נאָז־פאַבריקאַנט וואָלט קומען אהער קיין לאָנדאָן, וואָלט איך אפשר בשותפות מיט אים מאַכן אַ שטיקעלע עסק. מיר וואָלטן גע-קענט אַרויסגעבן צוזאַמען אַ צייטונג. איך וואָלט געשריבן דעם פּאָליטישן טייל און ער — דעם וויסנשאַפטלאַכן. ווייל אַ מענטש, וואָס קען מאַכן פון אַ הויקערדיקן שנאָבל אַ שיינעם גריכישן נאָז, מוז זיין זייער געבילדעט. ביי מיר איז אין פינף מינוט צייט אויס-געוואַקסן אַ גאַנצער פּלאַן. אָט, פאַרשטייט איר, מאַך איך אַ צייּ-טונג, וועלכער איך גיב אַ נאָמען: „דער נאָז“, און שרייב אַ שיינעם לייט-אַרטיקל, אין וועלכן איך דערקלער, נאַטירלאַך, אַז דאָס וואָס דאָס בלאַט הייסט „נאָז“ איז דאָס ניט מחמת זי איז אַ אידיש-נאַציאָנאַלע צייטונג, נאָר ווייל זי אַגיטירט פאַר דער אַלגעמיינער רעפאָרם פון נעזער. ביי מיר איז זאָגאָר אין די געדאַנקען גע-ווירן געוואָרן אַ קליין געדיכטעלע, וועלכעס איר מעגט זען גלייך דאָ אין דרוק:

ברייננגט די נעזער,
ליבע לעזער,
און מיין שותף וועט זיי רעפאָרמירן;
קורצע — לענגער,
ברייטע — ענגער
מאַכט ער, ברידער, לאָזט אים נאָר פּרובירן.
גרויסע — קלענער,
גראָבע — שענער,
שטאַרק פאַרלייגטע נעזער מאַכט ער שמעקן;

בלאָסער — רויטע
גלייך — פאַרדרייטע
מאַכט ער, ווען איר זאָלט זיך גאָר ניט שרעקן.
אין ענינים
פון מנינים
און פון חברות, ווען איר ווילט זיך מישן,
ברייננט די נעזער,
ליבע לעזער,
נאָר צוערשט מוזט איר זיי....

ווישן? דאָס איז עפּעס ניט פּאָעטיש. וואו נעמט מען דעם מאַן?



## תחית־המתים *)

ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַרשטיין?

איך זאָג אייך, למשל, אַז איך בין געוועזן עטלאַכע חדשים טויט. דאָס קענט איר אָבער גיט באַגרייפן. מען פאַרשטייט וואָס נאַכט איז, ווען מען ווייסט וואָס טאָג הייסט; מען פאַרשטייט מרור, ווען מען האָט טועם געוועזן דעם טעם פון האָניק; מען פאַר־שטייט דעם קאַפּיטאַליסטישן הר־עיבל, ווען מען קען זיך פאַר־שטעלן דעם סאָציאַליסטישן הר־גריזים; מען פאַרשטייט די אַמע־ריקאַנישע מיליאָנערן און זייערע אייראָפּייאישע ברידער, ווען מען האָט אַ באַגריף דערפון וואָס ערלאַכע פּראַצע הייסט; מען פאַר־שטייט די גאַנצע גערדאַנקען־מערדעריי אין אונזערע געגראַמטע, גרעמלאַכע און אומגראַמאַטיקאַלישע פּיוטים, ווען מען ווייסט וואָס אמת'ע פּאָעזיע איז; מען פאַרשטייט לעבאָוויץ, ווען מען האָט גע־זעען פּאַריז, — בקיצור, מען פאַרשטייט ריכטיק אַ זאַך, ווען מען האָט אַ באַגריף פון איר היפּך (פון איר קעגנזאַץ—בלע"ז), און אויף דעם אופן קען מען פאַרשטיין וואָס טויט־זיין הייסט, ווען מען ווייסט וואָס לעבן באַטייט. איר אָבער, וועלכע לעבט ניט, ווי קענט איר זיך פאָרשטעלן וואָס דער טויט איז?

וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? כ'לעבן, איך בין דערווייל נאָך ניט משוגע. נו, יאָ! איך בין געוועזן טויט, און איר לעבט ניט— ביידעס קען איך אייך באַווייזן. אַן אומגליק אביסל צו האָבן אַ נאָמען פאַר אַ מטורף! האָט איר, איר אַלע געוועזענע, איצטיקע און קינפטיקע פּרומאַקעס, גערופן משוגע דעם, וועלכער האָט אייך דערציילט ווי אַזוי אליהו איז אַרויפגעגאַנגען לעבעדיקערהייד אין

---

*) 1894.

הימל און ווי קורח איז אַרונטערגעגאַנגען ניט־געשטאָרבענערהייד אין דר'ערד? האָט איר אָנגעקוקט ווילד די, וועלכע האָבן אייך דערציילט די אַלע טויזנטער נסים ונפלאות פון בראשית ביז כל ישראל; פון דעם ערשטן נביא ביזן גולם פון דעם ווילנער גאון פון די קליידער, וועלכע זיינען געוואַקסן אין מדבר אויף מענטש־לאַכע קערפּערס, ביז די שניידער־סוועטערס, וועלכע ווערן רייך דורך נעדונגענע הענט; פון קין דעם ברודער־מערדער ביז גורקא *) דעם מענטשן־מערדער, בעת דער אויבערשטער האָט געלאָזן צוגע־זען, ווי זיי פאַרגיסן זיינע קינדר'ס בלוט; פון בלעמ'ס עזל, וועל־כער האָט גערעדט, ביז דעם צאַרישן עזל, וועלכער אונטערדריקט די רעדע־פרייהייט?

וואָרום שטעלט איר אויס אַזאַ נאַרישע פּאָר אויגן, ווען א י ך זאָג אייך דאָס וואָס איך זאָג? מאַלע וואָס מען רופט איינעם? איך זאָג אייך, איר קענט ניט פאַרשטיין מיין טויט, ווייל איר ווייסט ניט פון אייער לעבן.

ווען איר גייט צו דער אַרבעט, ווי דער אָקס אין סאָכע אריין; ווען איר פילט אָן דעם מאָגן ווי דער קאַלבאַסניק די קישקע; ווען איר העלפט דעם פויער ק ר י י ץ אַריבערטרומפּירן די טויז ה א ר ץ; ווען איר לייענט אויסטראַליער נייס און ווייסט ניט ווי אַזוי מען כאַפּט דאַ אייך אַרויס דעם ביסן פון מויל; ווען איר זאָגט תהלים אום ניט צו פאַרשטיין די שיינע פּאָעזיע דערפון; ווען איר גייט צו א טראַגעדיע אין טעאַטער אום צו זען א מיידל און נעמט דאַן א מיידל פאַר א ווייב אום צו מאַכן א טרויער־שפּיל אין דער היים; ווען איר נעמט אריין א גרויסן אידעאַל אין הארצן און מאַכט פון אייער ברוסט פאַר אים אַ מקום קבורה, דעם נאָך פאַר א מצבה, טראָגנדיק א שיינעם נאָמען, וועלכער קליידט אייך פונקט ווי די קאָקאַרדע דעם ראשי־ישיבה פון וואָלאָזשין; ווען איר האָט א פּלוניתטע צום שילטן, קינדער איבער וועלכע צו טיראַנעווען, שכנים צו באַדערן, עלטערן צום פאַרגעסן, א הויז צום פאַרשמוצן,

---

*) צאַרישער גענעראַל.

א נאָמען צו דעם זעלבן צוועק, א גאט פאר די אלטע פּאָר תפילין און א פּאָליציייסקען צום געהאָרכן; ווען איר זינגט א קלעגלאכע איכה מיטן ניגון פון שיר־השירים און דערטרינקט דעם שלים־מזל ווען איר גייט אין טעמפּל אריין אום צו בעטלען ברויט, אין מארק אין א גלאָז ביר, און וואנדעלט דורך די ביסל יאָרן פער שנעל־צוג אריין אום צו קויפן ליבע און אין קלוב אום צו העלפן זידלען דעם סטיוארד; ווען איר באוועגט זיך אָן פּאָרטשרים, און לויפט איי־דער איר קענט גיין, און כאפּט די פיש פארן נעץ, און גלויבט אז ובא לציון גואל וועט „לייזן די סאָציאַלע פראַגע״ — ווי די טייטשן זאָגן, און... געגנוג. ווען, אלזאָ, איר טוט דאָס אלץ, מיינט איר, אז איר לעבט, רופט איר דאָס לעבן. היינט, וואָס רופט איר טויט? און ווען איך זאָג אייך, אז איך בין געווען טויט, וואָס, מיינט איר, האָט דאָס צו באַטייטן?

ווי גיט מען אייך דאָס צו פארשטיין?

לאָמיך אייך, נאָר דערציילן ווי אזוי איך בין אויפגעשטאַנען תחית המתים.

איין פרימאָרגן האָב איך געהערט א, קלאפּעריי אויף מיין קבר. איך האָב געמיינט, אז דאָס טראַמפּעלט דאָרטן ארום איינער פון די יונגאַטשעס, וועלכע האָבן מיך אביסל פיינט געהאַט, ווייל איך בין געווען זייער געוויסנביסן, זייער בייז אין האלז, כל זמן איך האָב געלעבט. מיט אמאָל הער איך מיין אייניקל'ס קול, שרייענדיק אין גרוים האַסט:

— זיידע, שטיי אויף! דער צייט־גייסט האָט באַזיגט און איינגענומען די קרעפּאָסט פון ענגלאַנד... געפאַנגען לעבעדיק אַנדערט־האַלבן מיליאָן קעמפער... די גאולה קומט! שטיי אויף, זיידע!

און איך, בין אויפגעשטאַנען.

## דער הונדערטסטער געבורטס־יאָר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע *)

ווידער אַ יאָר אוועק! און וואָס פאר א יאָר! דער הונדערט־סטער געבורטס-יאָר פון די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע, וועלכע האָט מיט איין קלאפּ אראָפּגענומען דעם שטאָלץ פון דעם אדעל און די קדושה פון דעם פריסטער און דעם גלאנץ פון דעם קיניגלאכן קרוין... מיטן קאָפּ מיט אַלעמען.

איך געדיינק, ווען דער ניין־און־אכציקסטער יאָר איז אָנגעקור־מען, האָט מיין הארץ געקלאפּט שנעלער, ווי געוויינטלאך — עפּעס אזוי ווי דער פּערפּענדיקל פון א זייגער, ווען ער ווערט פריי פון די שווערע היינג־געוויכט און נעמט נאָך זיין אייגענער פאנטאזיע נאָך אזוי שנעל, ווי זיין הארץ גלוסט... קורץ דער דופק אין מיין הארצן האָט געקלאפּט שנעלער, ווי אימער, און איך האָב געזאָגט, ווי דער בעל-הגדה (מחשבות'ן)! ווער איז געוועזן דער בעל-הגדה? קיינער וויים ניט. צו איז ער ניט געוועזן א שטיף-ברודער פון ר' מאיר בעל-הנס, וואָס פון אים ווייסט די וועלט אויך קנאַפּ-וואָס? אַ מזל א ביסל! א מענטש, וואָס קיינער קען אים ניט און וויים אים ניט, מאכט א הגדה און קריגט א גרויסן נאָמען, זייענדיק א געלם...) אַלזאָ, איך האָב דאן, יענעם ניי־יאָר געזאָגט מיט די ווער־טער פון דעם בעל-הגדה:

השתא עבדי, לשנה הבאה בני-חורין, וואָס אויף דערויף מאכט דער טייטש (מחשבות'ן נאָך א געלם! ווי האָט געהייסן דער טייטש? ער, דער וואָס האָט אויף אלצדינג געמאכט פּירושים און איז גע-

---

*) „ארבעטער פריינט“, לאָנדאָן, דעצעמבער 1889.

ווען א דייטש, וועלכער האָט געווים ניט געוואוסט ניט פון בייערי־שע ביר און ניט פון קארטאָפל זאלאט? פאָדערט אים אימיצער ארוים צו ערקלערן עפּנטלאך, ווער ער איז געווען...) אלזאָ, וואָס דער טייטש מאכט אויף דערויף: היינט זיינען מיר קנעכט, איבער א יאָר וועלן מיר זיין פרייע מענטשן. אזוי האָב איך געטראכט פאר־א־יאָרן און ביי די נעדאנקען האָט מיין הארץ... נאָר דאָס האָב איך אייך שוין געזאָגט.

דאָס יאָר איז אוועקגעגאנגען און וואָס איז היינט? די אלטע קנעכטשאפט, דער אלטער הונגער, די אלטע פינסטערניש, די אל־טע אונאָרדנונג אין אלע ארבע פינות העולם! וואָס האָט דער ניין-און-אכציקסטער יאָר אונז איבערגעלאָזן? דעם אייפל טורעם אין פאריז, וועלכן דער קאפיטאליסט האָט אויסגעבויט, אום פון די וואָלקנס ארונטערצושפייען אויף די „הענט", וועלכע קליידן אים און פיטערן אים און באשיצן אים פון היץ און פון קעלט און פון די בייזע זאקאָנעס, וואָס ער אליין מאכט און וויל זיי ניט געהאָרכן. מער ווי איין פרייהייטס-קעמפער האָט געהאָפט מיט א יאָר צוריק פון דעם זעלביקן הויכן טורעם צו באטראכטן די איינגעפאלענע געלט־חורבה, וואָס מען לאָטעט איר שטענדיק און מען שפּארט איר שטענדיק מיט נייע שפּאָרעס און זי האלט זיך דאָך קאָם־קאָם, אזוי ווי אויף הינערשע פיסלאך. „איין רעוואָלוציאָנערער ווינט בלאָזט איר אוועק" — האָב איך אליין געטראכט מיט צוועלף חדשים צוריק, אָבער דאָס יאָר איז אוועקגעגאנגען און דער ווינט איז ניט געקומען און די חורבה שטייט אויף איר אָרט, שטאָלץ, ווי א גע־שטאָפּטער אינדיק פאר פסח, וואס לעט די קאָנאָפּלעס און ניט דעם שוחט'ס חלף, און האָלדערט, אזוי ווי די וועלט וואָלט געווען זיינע. און דער טורעם, אים האָט דאָס יובל־יאָר אונז איבערגע־לאָזן און וואָס נאָך?

יאָ, דעם אָנדיינקען פון דעם מבול אין דזשאָנסטוין אין אמע־ריקע, וועלכער האָט באוויזן מיט וויפיל א דאלאר איז טייערער, ווי א מענטשלאכער לעבן אין די אויגן פון די קאפיטאליסטישע אונטערנעמער און די פּאָליטישע ארונטער נעמער... דאן האָבן מיר

בירושה פון דעם יאָר „די פאראייניקטע שטאַטן פון בראזיליע“, און אויסבייט — זאָגט מען אין מינסק — פון א שלורע אויף א לאפטשע, פון א ניט-שלעכטן אלטן קייזער אויף א ניט־גוטע נייע רעפובליק. וואָס נאָך? יאָ, דעם לאָנדאָנער דאָק־סטרייק (א באַווייז פון פאָלקס-מאכט), און די פאריזער אויסשטעלונג (א באוויין פון קאפיטאל־מאכט), און דעם נייעם בערלינער סאָציאַליסטן-געזעץ (א באוויין פון מיליטער-מאכט) און די נייע פעטערבורגער אידן־אונטערדריקונג (א באוויין פון אָנמאַכט), און בולאנזשעס*) מפלה, און מיינע צושלאָגענע גערדאנקען מיט אלע זייערע נאטירלאכע פעלערן, דרוק-פעלערן און די פעלערן, וואָס מאנכע מיידלאך מאכן אין זיי ביים לעזן, וואָס איך פארגיב זיי אזוי לאנג, ווי זיי לעזן נאָר, איבערהויפט ווען איך באַרעכן, אז זיי — די מיידלאך — זיינען די מוטערס פונם קומענדן דור... און דאָס לעזן איז פאר זיי גוט, אפילו ווען זיי לעזן נאָר וואָס איך שרייב.

און דא פאלט מיר איין אז איך האָב זייער פיל געשריבן אין דעם יאָר, וועלכער נעמט איצט אָפשייד פון אונז. איך האָב געטונקט מיין פעדער אין טינט וואָס איר קריגט אזעלכע ניט אין קיין שום קראָם אין ענגלאנד. מיינע טינט איז געמישט פון גאָלעס־בלוט, מארך און טרערן און אין די דאָזיקע טינט האָב איך צענדליקע וואָכן נאָכאנאנד געטונקט מיין פעדער און האָב געשריבן פאר... וועמען? פארן אידישן אָרימאַן, מיין לייבלאכן ברודער. איך האָב אים אויסדערציילט מיין גאנץ הארץ — האָט דאָס אים גערירט? איך וויים נאָר פון איין איינציקן לעזער וועלכער האָט מיט מיר מיט-געלאכט און מיט־געוויינט, אזוי ווייט, ווי ער האָט פארשטאנען מיינע רייד. דער איינער איז געווען — מיין אייניקל.

און ווען איך וועל זיין אין מיין קבר און ער וועט זיין א מאן אין די בעסטע יאָרן וועט ער פילייכט דערלעבן צו זען, וואָס איך

*) פראנצויזישער גענעראל, וואָס האָט געפּלאַנט צו ווערן קעניג פון פראנקרייך.

האָב געהאָפט און געווינשט בשעת דער יאָר 1889 איז אָנגעקומען: א באפרייטע מענטשהיים, געבילדעט, זאט און פערגניגט. אויב ער וועט דאן חשק האָבן מיר צו שטעלן א מצבה, וואָלט איך וועלן ער זאָל אויף איר לאָזן איינקריצן די ווערטער:

„דאָ רוט
אין זיין אייביקן שלאָף
א ווייניק־באקאנטער,
ביים לעבן געגאנטער
משוגענער פילאָזאָף“.



## אַן אלף־בית פאַר אַרבעטער־קינדער *)

ווער איז היינט זיין גלייכן? איך מיין מיין אייניקלס, נאטיר־לאך. ער האָט געקראָגן א נאגראדע פון שול — א בוך מיט ביל־דער — און ער מיינט, אז די וועלט איז זיינע. אָרעם קינד, ער האָט א טעות! ער וועט מיט דער צייט ארויסגעפינען, אז די וועלט איז ניט זיינע, ווי אלכסנדר מוקדן, יוליוס צעזאר, נאפּאָלעאָן דער ערשטער און טרייטעל דער מינסקער מלוה האָבן אלע ארויסגעפונען פאר אים. נאָר ווי די מעשה איז, דערוויי׳ל איז ער גליקלאך.

איך האָב אָנגעטאָן מיינע שפּאקולן און האָב אריינגעקוקט אין זיין בוך. דאָרטן איז מיר געפעלן געוואָרן דער A. B. C. אַן אלף בית מיט בילדער, צוזאמענגעזעצט ווי „אשרי״, און חרוזים מיט די אותיות פון דעם A. B. C. אין אָנהויב פון יעדער שורה. ביי זיי ביניהם איז דאָס א חידוש, מיר אידן האָבן אזעלכע קונצן פולע מחזורים.

קוקנדיק אויף דעם גוי׳אישקן אלף־בית, האָב איך גענומען טראכטן, אז עס וואָלט כדאי געווען צו מאכן אזא מין מאכערייי פאר אידישע קינדער. לאָמיך דאָס מאכן — האָב איך צו זיך גע־זאָגט, האָב גענומען א ברוינשווייגער לאָטעריע צעטל פון דעם ערשטן קלאס און האָב אויף זיין רוקן גענומען שרייבן. צום אונ־גליק איז דאָס ארויסגעקומען אָן גראמען. דאָ איז דער אלף־בית:

אַרבעטער בלייבן גערויבטע דלפנים,
האָבן ווייטאָק, זוכנדיק חיונה,
טראָגן יאָכן, כלאפּאָטשען, לויפן.

*) „ארבעטער פריינט״, לאָנדאָן, 8טער אויגוסט, 1890.

מאכנדיק ניכטסווירדיקע סוועטערס עסן,
פארן צופער קלייבנדיק רייכטימער,
שעצע, תכשיטין.

..

וואָס זאָגט איר? דאכט זיך נישקשה, אַ? אבער אזעלכע אלף
בית'ן פאַרגעסט מען לייכט. מענטשן און איבערהויפּט קינדער
האָבן ליב אַ גראם. חוץ דעם קלינגט דאס ווי „אשמנו" און ביי יעדן
וואָרט ווילט זיך עפּעס געבן אַ קלאפּ אין הארצן.

ניין — האָב איך צו זיך געזאָגט — געטאָן. אט איז דער
אָנהויב:

ארבעטער האָרעוועז בלייבן אָן קרעפטן,
בלוטזויגערס שווינדלען און מאכן געשעפטן;
גרויסע גנבים שפּאצירן אום פריי,
דיבע דורך נויט כאַפּן אויף די פּאָליציי;
הונגער טרייבט מענטשן ביי רייכע צו דינען,
וועלכע מיליאָנען אָן ארבעט פארדינען
זיידענע...

דאָ בין איך געבליבן שטיין. ווייטער איז ניט געגאנגען.
כאָטש נעם און טו זיך אָן אַ מעשה! משמעות אַ דיכטער, אַ שנאָ-
רער און אַ נאר מוז אַ מענטש זיין פון דער נאטור — ווערן ווערט
מען דאָס ניט, מען מעג וועלן וויפיל מען וויל.

וואָס טוט מען? אנאנדערער וואָלט איינפאך געזאָגט: האָב
דעם אלף־בית אַ גוט־יאָר! זיך צו ברעכן דעריבער דעם מוח בין
איך ניט מחויב. אָבער אנאנדערער איז אנאנדערער און איך בין
איך. ווען איך וויל וואָס עס איז, מוז דאָס ווערן. אמת, איך אליין
קען ניט דיכטן, אָבער ווי זאָגט ירמיה? לא אלמן ישראל, דעם
אידן פעלט ניט קיין דיכטער, און זשארגאָן דיכטער האָט ער זאָגאר
צו פיל. איך האָב פון דאָס ניי אָנגעטאָן די שפּאַסולן, האָב אויפ-

געשריבן א בריוועלע צו מאָריס ווינטשעווסקי און אין צייט פון צוויי טעג האָב איך געקראָגן פון אים דעם געדיכט:

א ל ף, איז דער
אויסבייטער, וואָס לעבט פון אונזער מי,
ב י ת, דאָס איז דער
בלוטזויגער, וואָס זויגט אונז שפּעט און פרי,
ג י מ ל, איז דער
נאָרגעל־שניידער, וועלכער אונז באַטריגט;
ד ל י ת, איז דער
דלות, וועלכער אייביק ביי אונז ליגט;
ה א, דאָס איז דער
הונגער־טויט, וואָס קומט פון לאַנגע סלעק;
ו אָ ו, דאָס איז דער
וועלט־בעטרוג וואָס רירט זיך ניט פון פלעק;
ז י ן, איז דער
זויפער, וועלכער טרינקט רק אונזער בלוט;
ח י ת, דאָס איז דער
חונף וואָס באַזינגט דעם, וואָס איז גוט;
ט י ת, דאָס איז דער
טעלער־לעקער ביי דעם רייכן מאַן;
י ו ד, דאָס איז דער
יאָלעווער בעל־דרש'ער, דער גראָביאַן;
כ ף, דאָס איז דער
כלב, וועלכער פאַלט דעם פריי־גייסט אָן;
ל מ ד, דאָס איז דער
ליגן־וועבער וועלכער היצט אים אָן;
מ ם, דאָס איז דער
מוסר, וואָס פאַרקויפט זיך צו דעספּאָט;
נ ו ן, דאָס איז דער
נאַרן־פאַנגער, וועלכער רעדט מיט גאָט;
ס מ ך, דאָס איז דער

סוועטער, וועלכער נוצט אוים אונזער שוויים;
ע י ן איז דער
עוכר, וועלכער מאכט אָן אלעם בייז;
פ א, דאָס איז דער
פוסט־און-פאסניק מיט זיין גרויסע מויל;
צ ד י איז דער
צייטונג-שרייבער, כיטרע, פאלש און פויל;
ק ו ף, דאָס איז דער
קאפיטאל מיט זיינע לאנגע הענט;
ר י ש, דאָס איז דער
ריכטער, וועלכער אורטיילט, בראָט און ברענט;
ש י ן, דאָס איז דער
שורקע, וואָס באַ'גזל'ט גרויס און קליין;
ת י ו, דאָס איז דער
תם, דער נאר, דער ארבעטער אליין.

עד כן לשונו. מיין מיינונג איבער דעם אלף-בית וועל איך אייך זאָגן אנאנדערש מאָל, דערווייל פריי איך מיך, וואָס עס איז געוואָרן אן אלף-בית פאר אידישע ארבעטער־קינדער.



# ר׳ פנחס׳ל דער מטורף*)

זואָס זאָגט איר, איר האָט קיינמאָל ניט געהערט פון ר׳ פנחס׳ל דעם מטורף-געוואָרענעם מגיד? גייט, גייט, איר מאכט פון מיר חוזק! ווי? טאקע ניט? גאָרניט געהערט? זיכער? נו, טאָ הערט-זשע, וועל איך אייך דערציילן, הערט אָבער מיט קאָפּ.

ר׳ פנחס׳ל איז כל ימיו געוועזן א פרומער איד, א גרויסער למדן און אויף דער עלטער איז ער געוואָרן א דרשן. שיינע עטלאכע יאָר האָט ער ארומגערייזט איבער דער מדינה און האָט געזאָגט דרשות כמעט אין יעדע שטאָט אין גאנץ פוילן, ליטא און זאמוט. פאָרנדיק פון שטאָט צו שטאָט איז ער א פּאָר וואָכן פאר יומים־נוראים (אין דעם יאָר תרכ״ט) אָנגעקומען אין סטויפּץ און האָט דאָרטן גע׳דרשנט אין בית־המדרש א שבת נאָך האלבן טאָג. די סטויפּצער, דארפט איר וויסן, זיינען אין מינסקער גובערניע די גרעסטע מבינים אויף דרשות און ווען ר׳ פנחס׳ל האָט געהאט אָפּ־געזאָגט זיין דרוש, איז צוזאמענגערופן געוואָרן אן אסיפה ביים רב און מען האָט באשלאָסן, אז ר׳ פנחס זאָל בלייבן דער שטאָט מגיד אין סטויפּץ.

אין אָנהויב האָט ער ניט געוואָלט, אָבער ער איז מרוצה גע־וואָרן און איז געבליבן. דריי שבתים נאָכאנאנד האָט ער גע׳דרשנ׳ט מיט אזעלכע חריפות, מיט אזוי פיל יראת־שמים און מיט אזא מויל, אז דער בית-המדרש איז געוועזן געפּאקט פון מענטשן און יעדער האָט גערעדט ארום ר׳ פנחס׳לס דרשות. דעם פערטן שבת האָט זיך געטראָפן א סיבה.

---

*) „ארבעטער פריינד״, לאָנדאָן, 7טער נאָוועמבער, 1890.

ר' פנחס'ל איז ארויפגעגאנגען אויפן בימה, האָט גענומען א שמעק טאַבאַק און האָט געזאָגט:

„רבותי! איך גלויב באמונה שלמה, אז עס איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט, וועלכער איז א ליבער פאָטער צו אלע זיינע קינ־דער. דערפאר, רבותי, גלויב איך ניט, אז ער פארלאנגט פון זיי־נע קינדער, אז זיי זאָלן אים דינען, ווי קנעכט דינען א בעל־הבית, אז זיי זאָלן פאר אים מורא האָבן און ציטערן פאר זיין דוך. וואָס דאָס פארלאנגט אפילו צווישן מענטשן קיין פאָטער ניט".

— „וואָ...?" — „טפו זאָל דאָס ווערן!!" — „ר' פנחס! שטייט! גאָט איז מיט אים!" — „דער מגיד איז משוגע!" — די קולות האָבן זיך גענומען הערן און פילע האָבן גענומען זיך רוקן צום טיר, פריער דערלאנגנדיק — איינער א קלאפּ אין שטענ־דער, דער אנדערער א צי מיט די פּלייצעס, דער דריטער א טיכ־טיקן שפּיי. ר' פנחס, ווי ניט אים מיינט מען דאָס, האָט ווייטער גערעדט:

„רבותי! איך גלויב באמונה שלמה, אז דער רבונו־של־עולם איז ניט א טאטע, ווי אנדערע מענטשלאכע טאטעס, וועלכע קוקן ניט אויף זייערע קינדער; ער באדארף ניט אז מיר זאָלן בעטן ביי אים עסן און, ווען ער גיט, באדארף ער ניט, אז מיר זאָלן אים דערפאר דאנקען. דער קיצור דערפון איז, אז דאווענען און בענטשן איז ניט נויטיק, און די וואָס טוען דאָס, לעסטערן גאָט, ווייל זיי ווייזן דערמיט, אז ער, כביכול, איז ערגער, ווי א טאטע, א בשר־ודם".

— „מטורף! בינדט אים, בינדט אים!" — האָט זיך ווידער־דערהערט איין קול נאָך דעם אנדערן אין בית־המדרש. נאָך א סך מענטשן זיינען ארויסגעלאָפן און מיט אזא אימפּעט, אז פילע האָבן זאָגאר פארגעסן צו קושן די מזוזה. ר' פנחס'ל האָט דערווייל־ע גאנץ געלאסן פאָרטגעזעצט:

„רבותי! ווען א טאטע שלאָגט זיין קינד, טוט ער דאָס, מחמת ער וויל אים מאכן בעסער. ווען א טאטע גיט א קינד א מתנה, איז דאָס, ווייל ער וויל אים באלוינען פאר זיינע מעשים־טובים.

קיין שום טאטע שטראפט ניט און באלוינט ניט א קינד, וואס איז שוין ארויסגעגאנגען פון זיין רשות. דערפאר, רבותי, גלויב איך ניט אין שכר ועונש, אין באשטראפונג אין באלוינונג נאכן טויט, ווייל דאן קען שוין דער מענטש ניט ווערן ניט בעסער און ניט ערגער. די, וועלכע זאגן, אז ער, כביכול, באשטראפט און באלוינט נאכן טויט — זיי לעסטערן זיין הייליקן נאמען״.

— „בינדט אים, ברעכט אים רוק און לענד! פינקע איז אן אפיקורס, אן עוכר ישראל! שטריק, שטריק, שטריק!״ — אזוי האבן נאך עטלאכע אויסגעשריען און זיינען ארויסגעלאפן האסטיק פון בית־המדרש. ר׳ פנחס׳ל האט זיך דערפון אויך ניט געלאזט שטערן און האט ווייטער גערעדט:

„רבותי! איך גלויב באמונה שלמה, אז אלע מענטשלאכע באשעפענישן טראגן אויף זיך דעם צלם־אלהים און אז דער אויבערשטער (יתברך הוא!) איז א טאטע צו אלע זיינע קינדער. היינט פרעג איך אייך, רבותי, היתכן, צי קען דאס געמאלט זיין, אז דער, וואס האט א סך קינדער, וועט אויפציען נאר איינעם אין זיין וועג און וועט לאזן אלע איבעריקע ווערן הולטאיעס, וואס זאלן ניט פארשטיין זיין רצון און זאל זיין ווילן ניט טאן? און ניט דאס אליין, אז ער זאל נאך באשטראפן די וועלכע ער האט פארלאזן און פארווארפן, דערפאר, וואס זיי טוען ניט דאס, וואס ער האט זיי קיינמאל ניט געהייסן טאן. איך זאג אייך, רבותי, אז די, וואס דערציילן אייך, אז דער בורא ברוך־הוא האט געגעבן א תורה צו אונז אידן און די גוים זיינע איבריקע קינדער, גארנישט אויף דער וועלט און זיינען עתיד צו האבן יסורים אויף יענער וועלט — זיי לעסטערן און פארשמוצן זיין הייליקן נאמען״.

— „א רוח אין אים, דעם משומד!״ האט איינער געזאגט און איז ארויסגעגאנגען. דער מטורף־געווארענער מגיד האט פארטגעזעצט:

„מורי ורבותי! איך גלויב באמונה שלמה, אז דער רבונו־של־עולם באדארף ניט, אז מענטשן זאלן אין אים גלויבן און די וואס זאגן, אז ער באשטראפט דעם אונגלויביקן — זיי לעסטערן זיין

הייליקן נאָמען און זינדיקן אנטקעגן אים פיל מער, ווי די, וואָס גלויבן ניט. ווען נאפשיקלאד, איינער זאָגט, אז דער סטאָליער שמעון האָט ניט געמאכט דעם און דעם טיש, האָט ער נאָך מיט זיינע דייד קיין בייז ניט געמיינט; ווען אָבער דער איינער גייט ארום און שרייט, אז שמעון פאַטשט און שלאָגט יעדן, וועלכער זאגט, אז דער טיש איז ניט זיינע (שמעון'ס) ארבעט, דאן הייסט דאָס, אז ער טראכט אויף אים אוים א שם־רע".

„רבותי! איך גלויב באמונה שלמה, אז די וואָס מיינען, אז זיי קענען גאָט אָפנאַרן מיט אזעלכע נארישע אָפמאַנעס, ווי עירוב־תבשילין, עירוב־תחום, קנין־שביתה און הונדערט אנדערע אזעלכע זאכן — זיי, זאָג איך אייך, רבותי, לעסטערן גאָט. נאָך מער, רבותי, אפילו די תורה אליין מאכט פון דעם אויבערשטן חוזק, ווען זי וויל אייך איינריידן, אז ער (דער רבונו־של־עולם) האָט גע־דארפט אדמ'ן פרעגן: וואו ביזטו? בשעת אָדם האָט זיך באהאלטן א שטיינגער ווי ער, כביכול, האָט דאָס געקענט ניט ווייסן דאָס זעל־בע אין הונדערט אנדערע פרטים".

„רבותי! איך... רבותי, וואו זייט איר? איר זייט אלע פאַר־נאנדערגעגאנגען... נו, פארפאלן... וועלן מיר אם ירצה השם, מסיים זיין איבער אכט־טאָג שבת... אהא! איר קומט צוריק? וואָס איז דאָס?

*
**

וואָס פון ר' פנחס'לען איז געוואָרן, ווייס איך ניט, אָבער אין מינסק האָט מען געזאָגט, אז די ערד האָט אים אריינגעשלונגען לעבעדיקערהייט. ליגט זיך עפּעס ניט אויפן שכל.

## דער סמאַרגאָנער בעל גימטריא*)

איך פרײ זיך ניט שטאַרק מיט דעם וואָס איך בין געבאָרן געוואָרן (אַ פּונקט אין וועלכע מײנע געװעזענע תלמידים זײנען מיט מיר בדעה אחת, און טאָקע דער אײנציקער פּונקט, זאָל זײ צו קײן גנאַי ניט זײן) און דערפאַר מאַך איך ניט קײן גרויסן יום טוב פון מײן געבורטס טאָג.

װען איך בין, אַלזאָ, אַלט געװאָרן 68 יאָר, האָב איך אַרום דעם אַ לאַנגע צײט אַפילו ניט געטראַכט. פאַר אַ פּאָר חדשים האָט אָבער פּאַסירט אַזאַ מעשה. דאָ אין לאָנדאָן איז אָנגעקומען פון סמאַרגאָן אַ געװיסער ברוך בעל־גימטריא. דער מאַן האָט פון מיר געהערט און איז צו מיר געקומען. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט. פּלוצלונג זאָגט ער צו מיר: הערט ר' קרוב, איר זײט, דאַכט זיך 68 יאָר אַלט? — איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָב אים געפרעגט: „נו, מאַי בהאַי?"

„װײסט־עס, מאַכט ער, מאַי בהאַי? 68 איז בגימטריא ח כ ם! און ניט דאָס אַלײן: ח י י ם — לעבן (ניט דער שנײדער חיים, װעלכער שטאַרבט פאַר הונגער — חיים) באַטרעפט אױך 68 און..."

„האַלט, פעטער — בין איך אים אַרײנגעפאַלן אין די רײד — מאַכט מיר קאָמפּלימענטן אָן גימטריאות ה ל ל, אַ פּוסטע זאַך, באַטרעפט אױך 68, און מאַלע װאָס ניט!"

„אַ, — האָט ער זיך אָנגערופן — אָבער דאָ אין חכם שטעקט אַ טיפער רעיון. הערט נאָר צו מיט קאָפּ: 68 קענט איר צעטײלן אױף צװײ חלקים, יעדער חלק 34; פון דאָס װידער איז די העלפט 17, אַ צאָל װעלכע לאָזט זיך שוין מער ניט טײלן..."

„אַ שטײגער, — האָב איך אים באַמערקט — װי מלכות פּױלן, אָדער אַ קאַלטעװאַטע קאָפּ, אָדער דער ים־סוף הײנטיקע צײטן, אָדער אַ זאַץ פון אַ דײטשן פילאָזאָף, אָדער אַ אידישע טרײך

*) 1894.

יוניאָן ווי די שניידערשע אין לאָנדאָן, אָדער פון דער הכנסה פון דער קאַראָבקע, אָדער..."

„גענוג אייך אָ ד ע ר ן; איר זייט ערגער ווי אן אויסגע־פוילטער צאָן — עפּעס גאָר אָן א שיעור" — האָט ער א געשריי געטאָן (און סמאַרגאָנער קענען שרייען!) — „הערט, וואָס מען רעדט צו אייך".

איך האָב געהערט און ער האָט גערעדט אזוי צו זאָגן:

„17 לאָזט זיך שוין מער ניט טיילן אָן תשבורת. היינט איז אזוי: 17 איז בגמטריא ט ו ב, און טוב איז גוט. דאָפּלט גוט איז צוויי מאָל 17, דאָס הייסט 34, וואָס דאָס באַטרעפט דער וואָרט דל — אן ארימאַן, ווייל אָן דל וואָלט געוויסע מענטשן ניט זיין דאָפּלט גוט. אום אָבער דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען זיין א דאָפּל־טער דל, ווייל „אין חכם כבעל הנסיון", און דאַן איז מען טאַקע א חכם, וועלכעס, ווי איך האָב אייך שוין באַמערקט, באַטרעפט 68, דהיינו, צוויי מאָל 34 און פיר מאָל 17. גוט. וואָס, קלערט דער חכם, איז דער גרונט פון טוב און דל? ער דאָפּלט זיך אליין און דערקריכט ביז צוויי מאָל 68, צוויי מאָל חכם, וואָס דאָס איז „ממון" (136) געלט. געלט איז די סיבה דערפון, — און, גייט ער ווייטער, ממון און ווידער ממון. ווען ממון פאַרדאָפּלט זיך, ווערט דערפון ר ע ב (272) — רעב, פאַרשטייט איר, הונגער! און א דאָפּלטער רעב באַטרעפט 544, בגימטריא מ ע ש ק־ד ל, וועלכעס די היינטיקע פּאַרטייטשן עקספּלואַטאַציע פון אָרימע לייט. היינט שטעלט דאָס צוזאמען:

„ט ו ב 17; ד ל 34; ח כ ם 68; מ מ ו ן 136; ר ע ב 272 און מ ע ש ק ד ל 544. וואָס זאָגט איר דערצו?"

„געמאַטערט, ר' קרוב, זייער געמאַטערט! מען זעט, אז איר האָט א גוט הארץ, אָבער א מאָגן, וועלכער האָט געגעסן טעג. אָבער פון וואַנען ווייסט איר ווי אַלט איך בין?"

„ווייל איך האָב געהערט א מגיד און ער האָט אויף אייך גע־זאָגט, אז א איד פון 68 יאָר האָט נעדאַרפט האָבן מער שכל (אגב אורחא: שכל איז בגימטריא קרן, 350, וואָס דאָס ברענגט איין פּראָצענט, און דאָס, משמעות, האָט ער געמיינט)".